# אין מלחמה־צייטען

(בלעטער פון א טאגע־בוך)

פון

ד ר. שמריה לעווין

אמעריקאנער ציוניסטישע פעדעראציאן
ניו יארק
1915

# אינהאַלט־פערצייכניס

זייטע

# פון דעם ארויסגעבער קאמיטע

די ארטיקלען פון שמריה לעווין, וועלכע מיר גיבען דא ארויס אין א בוך, ווערען ארויסגעגעבען פון די שפאלטען פון היינט געלעזענע און מארגען פערגעסענע טעגליכע צייטונגען, ווייל זיי האבען געמוזט ארויסגעגעבען ווערען — צוליעב דעם בעלעהרענדען, דעם שעהנעם און דעם אגיטאטארישען, וואס ליעגט אין זיי.

געשריבען אויף טאג־טעמען, אונטער דעם איינדרוק פון דעם מאמענט, האבען דאך די ארטיקלען פיעל בלייבענדעס, שטענדיגעס, וואס וועט נאך לאנג דארפען געזאגט ווערען אונזערע גלות־אידען.

אנגעוועהט פון דער מלחמה, ארויסגערופען פון שטימונגען פון א שווערער און טרויעריגער צייט אין דעם לעבען פון דער ציוויליזירטער מענשהייט, וועלען זיי נאך לאנג ניט פערלירען זייער וויכטיגקייט און דרינגליכקייט, אפילו ווען דער קאנאנען־דונער וועט גאנץ פערהילכען, דער בלוט־גערוך וועט זיך אויסוועבען, און די וועלט וועט ווידער אוועקגעהן איהר וועג פון שלום און רוהיגער ענטוויקלונג.

ווייל די געדאנקען, וועלכע דר. לעווין זאגט ארויס אין די פארליעגענדע ארטיקלען, זיינען אין עיקר געדאנקען אויף נאך דער מלחמה. וואס קאנען מיר טהאן אין דעם יעצטיגען מאמענט? ער איז ניט אין אונזער רשות, און איידער מיר וועלען זיך א קעהר טהאן צו טהאן עפעס פאר איהם, וועט ער שוין זיין פערגאנגענהייט. אבער שמריה לעווין וויל, אז פון דעם יעצטיגען מאמענט זאל מען אבלערנען אויף ווייטער. אויב איהר פערגעסט צו פערזיכערען אייער הויז, ווערט איהר דערמאהנט, ווען אייער הויז ברענט אב, ווי נאכלעסיג איהר

זייט געוועזען. און מיר האָבען אונגעהייער פיעל פערנאַכלעסיגט אין דעם לעבען פון אונזער פאָלק, זאָלען מיר דאָס לפחות יעצט איינ־זעהן און עס האַלטען פאַר די אויגען.

שמריה לעווין פערגיסט ניט קיין טרעהרען אויף די בע־גאַנגענע טעותים, ער מוסר'ט ניט: ער בויט, ער צייגט אָן די אַרט פון דער פערזיכערונג. ער וויים גענוי דעם וועג, וועלכען מיר דאַרפען געהן. אין יעדען אַרטיקעל כמעט, טייטעלט ער אויף איהם, צייגט ער איהם אָן — דעם וועג פון דעם קאָנסעקווענטען נאַציאָנאַליזם.

און ווי טוט ער עס! קורץ, שאַרף, גייסטרייך, מיט פיעל טרעפענדען וויץ, מיט קונציג אַריינגעפלאָכטענע מעשה'לעך און מדרשים, מיט גרויסער האַרציגקייט און וואַרימקייט, מיט דעם פולסשלאַג פון אַ פייערדיגען טעמפעראַמענט.

דאָ איז ניט דער פלאַץ פאַר אַ גענויע אָבשעצונג פון דעם פאָרליעגענדען ווערק. מיר וואָלטען אָבער ניט געטאָן אונזער שולדיגקייט צום לעזער, ווען מיר מאַכען איהם ניט אויפמערקזאַם אויף די סעריע אַרטיקלען „אונזער אייגענע מלחמה", וועלכע איז אַ געשלאָסענעם מייסטערווערק פאַר־זיך. אונזער פערפאַסער, איינער פון די הויפט בעטהייליגטע אין דעם בעריהמט געוואָרענעם שפּראַ־כען־קאַמפף אין ארץ ישראל, בעלייכטעט אין דיזער סעריע אויף אַ מייסטערהאַפטען אופן די פסיכאָלאָגישע מאָמענטען און די אינערע בעדייטונג פון דעם גרויסען קאַמפף.

די פאָרליעגענדע זאַמלונג מוז דערפאַר ווערען אַ טיש־בוך ביי יעדעם ציוניסט און ביי יעדעם נאַציאָנאַל־געזינטען איד, צו בעלעה־רונג און צום גייסטיגען געׂנוס.

דאָס אַרויסגעבער קאָמיטע.

דאָס זיינען איינצעלנע בלעטער פון א טאָגע־בוך. ווייט פון מיין ווירקונגס־קרייז, ניט אין אַן אינטימער סביבה, כמעט אין געפאַנגענשאַפט, האָב איך זיי געשריבען. דער „אני במערב ולבי במזרח" האָט געדריקט אויף מיר, און א שטילע בענקעניש האָט בעהערשט מיין טראַכטען און דענקען. איך האָב געזוכט דעם נאָהענטען מזרח אין ווייטען מערב. אין רעדען און שרייבען האָב איך זיך בעמיהט צו דערטרינקען דעם צער פון היים־וועה.

די מלחמה האָט זיך צופלאַקערט איבער גאַנץ איירָאָפּא און האָט אָנגעריהרט אויך דעם חלק פון נאָהענטען מזרח, וועלכער איז אונז נאָך נעהנטער געוואָרען אין די לעצטע יאָהרצעהנטען. די אידישע וועלט איז דערציטערט געוואָרען. ווי א שטורם זיינען הורכגעגאַנגען די קעמפּפער־מחנות דורך דעם אידישען תחום און האָבען געלאָזען הינטער זיך צושטערונג און פערוויסטונג. א מורא'דיגער חורבן אין דער געגענוואַרט, און אין דער צוקונפט — א געמיש פון שרעק און האָפנונג, ספקות און אמונה, יאוש און בטחון. עס האָט זיך א טרייסעל געטהאָן די אידישע נשמה, א הארבע שאלה האָט אָנגעהויבען צו עגבערען דעם אידישען מח: גרויס איז די צאָהל פון אונזערע קרבנות. וועלען זיי פערשריבען ווערען אין דער געשיכטע נאָר ווי פּאַסיווע קדושים, אָדער ווי אַקטיווע גבורים, וועלכע קויפען מיט זייער אייגענעם בלוט א בעסערע צוקונפט פאר די קומענדיגע דורות?

דאָס איז געווען די הויפּט שטימונג, וועלכע האָט בעהערשט די אידישע וועלט דאָ אין אמעריקא. אין דער שטימונג האָט זיך געהערט א צווייענדיגער בת־קול, פון דער גרויסער וועלט מלחמה און פון דעם פּאַראַלעל לויפענדען אידישען אינערען קאַמפּף פאר

אונזער נאַציאָנאַלען קיום. אין אזא שטימונג האָב איך געשריי־
בען איינצעלנע אַרטיקלען. אינטענסיווער, הייסער, ליידענשאַפט־
ליכער האָט זיך דערוועקט אין מיר דער בעגעהר נאָך דער פער־
ווירקליכונג פון אונזער מזרח־אידעאַל, וועלכער איז פאר מיר נאָך
קלאָרער געוואָרען אין דער מלחמה צייט, און איהם האָב איך גע־
ווידמעט פיעלע פון מיינע אַרטיקלען און אויך אַ בעזונדערען טהייל
— „אונזער אייגענע מלחמה“.

אַ טיעפען דאַנק מיינע חברים פון דער היעגער ציוניסטישער
פעדעראַציאָן, וועלכע האָבען מיר אויפ'ן פאָרנעהמסטען אופן גע־
האָלפען אין מיין ווירקזאַמקייט. אַ דאָפּעלטען דאַנק דעם ספּע־
ציעלען קאָמיטע, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די אַרבייט
אַרויסצוגעבען דיעזעס ווערק און בעזאָנדערס מיין פריינד שניאור
אַבעל, וועלכער האָט מיר פיעל געהאָלפען אי ביי דער אויסוואַהל
פון די אַרטיקלען, אי ביי דער קאָרעקטור.

די אַרטיקלען, וועלכע ווערען דאָ איבערגעגעבען דעם לעזער
אין אַ בוך־פאָרם, זיינען געוועזן געדרוקט אין דער היעגער אידישער
פּרעסע, הויפּטזעכליך אין דער „וואַרהייט“.

שמריה לעווין.

סיון תרע"ה, ניו יאָרק.

# צוקונפט.

עס איז טאַקע אפשר אָפּטמאָל גוט אָבצורייסען זיך פון דער וועלט מיט איהר גאַנצען טומעל, יאָגעניש, איילעניש. עס לוינט אפשר טאַקע צו דערוויטערען זיך אויף אַ ווײַלע פון דעם אייביגען האַסטען, פערקאָכט און פערהאַוועט זיין און אומקעהרען זיך אָט טאַקע צו זיך אַליין, אָט צו דער קליין וועלטעלע, וואָס מיר רופען זי אָן „מענש“, וואו יעדער איז צו גלייכער צייט אי בעל־הבית אי שכן, אי אויבער־האַר אי אונטער־קנעכט — מעהר שכן אַלס בעל־הבית, מעהר קנעכט אַלס האַר, און מאַכען אַ מאָל דעם חשבון הנפש, פעררופען צו זיך די אייגענע נשמה, אויפנעהמען זי מיט אָפענע אָרעמס און מיט ריינע, לויטערע מחשבות, אָדער אָבשטאַטען איהר אַ בעזוך, מיט דער זעלבער עהרפורכט, ווי דער כהן־גדול פלעגט אַריינגעהן איין מאָל אין יאָהר אין קדש־הקדשים. עס ווענדט זיך ווי מיר האַלטען: האָט מען אונז די נשמה געגעבען, כדי זי זאָל אונז מדריך זיין אָדער כדי זי זאָל זיך ביי אונז אויסלייטערען. ווי דאָס איז, איז גאַנץ גוט צו האָבען מיט איהר אָפּטמאָל אַ שמועס אָט מכח דעם נעכטיגען טאָג, דעם דורכגעגאַנגענעם וועג, וואָס נאָר ער אַליין בילדעט אונזער גאַנצעם פערמעגען, און אַרומקוקען זיך, ווי ווייט מיר קאָנען זיין איינע מיט די אַנדערע צופריעדען, ווי ווייט מיר האָבען ניט גענאַרט איינע די אַנדערע, ווי ווייט מיר האָבען געלעבט האַרמאָניש.

מען וועט זאָגען: אַזוי שטעהט דאָך געשריעבען אין די אַלטמאָדישע מוסר־ספרים. דאָס איז אַן אַלטער פערשימעלטער געדאַנק, נאָר אַ ביסעל אָבגעשייערט און ניי בעשטריכען מיט דעם לאַק פון דער מאָדערנער שפּראַך. נו מילא, און אַז דער געדאַנק איז אויסגעדריקט אין אַלטע מוסר־ספרים, דעריבער איז ער שוין פּסול? נו מילא, און אַז דער געדאַנק איז אַלט, טאָרען מיר זיך

דעריבער צו איהם ניט צוריקקעהרען? וואו זיינען דען די שפּאָגעל־
נייע געדאַנקען, וואָס זאָלען קאָנען אויספילען אונזער גאַנצען אינ־
האַלט, וואו זיינען די נייע שטערען אויף אונזער הימעל, וואו זיינען
אונזערע נייע וועגען אויף דער ערד?

מיר לעבען אין דער געגענוואַרט און מיר זיינען ג ע צ ו ו א י נ־
נ ע ן זי ליעב צו האָבען, וואָרים ווען מיר זאָלען פיהלען צו איהר
אַ שנאה, זיינען מיר אין גאַנצען פערלאָרען. אין אמת'ען געהט
אויך אונזער פערגאַנגענהייט נאָך אונז נאָך, מיר טראָגען זי הינטער
זיך און אין זיך. זי איז אונזער שאָטען, און ווי יעדער שאָטען
איז זי אַן עדות פון אַ בעשטימטען אינהאַלט, נאָר די ניט־ממשות־
דיגקייט, די אינהאַלטלאָזיגקייט האָט ניט קיין שאָטען, יעדער
פרעמדער שטראַהל געהט דורך איהר דורך און זי אַליין בעלייכט
ער ניט. אָבער עס זיינען דאָ ב ר ו א י ם, וועלכע גלויבען, אַז
מען קען זיך אָבטרייסלען פון דער פערגאַנגענהייט, פשוט אָב'גט'ען
זיך מיט איהר. זיי זיינען מודה נ אָ ר אין דער געגענוואַרט;
צו איהר זיינען זיי אַלע צוגעבונדען, וואָרים דאָס פערשטעהען
אפילו זיי מיט זייערע פרימיטיווע השגות, אַז אָבזאָגען זיך פון
דער געגענוואַרט הייסט אָבזאָגען זיך פון זיך אַליין. פון איהר
אַנטלויפען הייסט אַנטלויפען פון דעם אייגענעם איך. אייוואָס
איז, שפּרינגט דאָך אַרויס אַ קשיא: די געגענוואַרט איז דאָך
מעהר ניט ווי דער לעצטער צוגעקומענער חלק פון אונזער פער־
גאַנגענהייט. קוים קאָנען מיר דענקען איבער דער געגענוואַרט,
פערקריכט זי דאָך אין אונזער זכרון, און זכרון איז דאָך מעהר ניט
ווי געלעבטע פערגאַנגענהייט, וואָס האָט געמאַכט אויף אונז אַ
רושם, היינט וואו וועלען מיר זיך אָבשטעלען אין אונזער צוריק־
דענקען, אין אונזער ג ע ד ע נ ק ע ן, וואו איז די גרענעץ צווישען
דעם ערלעבטען, וואָס בלייבט ביי אונז און האָט צו אונז אַ שטענ־
דיגע שייכות?

קינדהייט, יוגענד, לעהר־יאָהרען, — דאָס זיינען די סמנים
פון אונזער לעבענס־וואַנדעל, דאָס זיינען די עטאַפּען פון אונזער
איך. צוגעגעבען, מיר זיינען זעלבסטשטענדיג, מיר געפינען זיך
און בעוועגען זיך אין אונזער אייגענעם רשות און מיר צוימען

אַרום אונזער „איך“ מיט אַלערליי מיטלען און לאָזען קיין פרעמדען
ניט אַריין. מיר געהען צוריק ביז צו אונזער אייגענער קינדהייט,
ביז צו דער ערשטער שעה, וועלכע האָט זיך איינגעקריצט אין
אונזער זכרון, און מיר איבערבליקען, ווי אַ פעלדהער זיין חיל,
אַלע געשעהעניסען און פּאַסירונגען, וועלכע בילדען דעם אינהאַלט
פון אונזער א י י ג ע נ ע ם דאַזיין, און פיהלען זיך קליין ווי קליינע
סואַווערענע הערשער.

דאָס איז דאָך אָבער מעהר ניט ווי די איינבילדונג, דאָס איז
דאָך מעהר ניט ווי אַ קינסטליכע מחיצה צווישען אונז און צווישען
די, וועלכע זיינען געווען פאַר אונז און לעבען אין אונז. קאָנען
דען מיר זיך אָבשטעלען ביי אונזער אייגענעם „איך“. וואו
בלייבט דער טאַטע, די מאַמע, דער זיידע, די באָבע און די גאַנצע
סביבה, וועלכע מיר האָבען שוין אָנגעטראָפען אַ פ א ר ט י נ ע
ביי אונזער ערשטען בליק אויף גאָט׳ס וועלט? זיי אַלע האָבען
דאָך אונז איבערגעגעבען די סמנים פון ז י י ע ר וועלט, אַ חלק
פון ז י י ע ר נשמה. און אַזוי געהט עס ווייטער און ווייטער,
אַ רינג אין אַ רינג, אַ דור און אַ דור אין אַ תקופה אין אַ תקופה,
און אַזוי ענטשטעהט די לאַנגע שורה פון איינצעלנע רינגען, דורות
און תקופות — דאָס וואָס מיר רופען אָן „געשיכטע“, און אין
דיעזער לאַנגער, פערפלאָכטענער און פערפּלאָנטערטער געשיכטע
געהט אַ פּאָדעם, א ו נ ז ע ר פּאָדעם. היינט וואו זאָלען מיר
זיך אָבשטעלען? ביים טאַטען, ביים זיידען, ביים עלטער־זיידען,
אָדער גאָר אפשר ביי די אָבות?

פון דער פערגאַנגענהייט נעהען מיר איבער צו דער צוקונפט,
און די זעלבע פראַגע עגבערט אונזער מח. וואו זאָלען מיר זיך
אָבשטעלען, ווי ווייט קאָנען מיר בליקען אויף די קומענדע דורות?
ווי ווייט זיינען מיר מ ח ו י ב צו זאָרגען און ווי ווייט קאָנען
מיר פ ע ר ז אָ ר ג ע ן. זיינען מיר די טרעגער פון אַ היסטאָ־
רישען „נעכטען“, זיינען מיר דאָך אויך צו גלייכער צייט די טרע־
גער פון אַ היסטאָרישען „מאָרגען“. מיר אַליין זיינען דאָך אויך
אַמאָל געווען צוקונפט און מיר זיינען געלעגען אין דער פערגאַנ־
גענהייט, ליעגט דאָך די נאָך ניט־געבאָרענע צוקונפט א י ן אונז.

אונזער גאנצעס דאזיין איז דאך מעהר ניט ווי אן אייביגעס אריבערפעקלען פון דער צוקונפט אין דער פערגאנגענהייט. מיר שלעפען דעם מארגען צום נעכטען, דעם שפעטער צום פריהער, און ווי אונגעדולדיג מיר טהוען דאס, אזוי ווי איינער וואלט שטעהן הינטער אונז און אונז אנטרייבען. מיר פערגינען זיך אליין ניט די רוה, מיר ציטערען שטענדיג: עטוואס דורכצולאזען, עטוואס צו פערשפעטיגען, און מיר ווייסען אליין ניט וואס.

מען טהיילט געוועהנליך איין די מענשען אין עולם־הזה'ניקעס און עולם־הבא'ניקעס. ווי פאלש דיעזע איינטהיילונג איז! ווער עס יאגט זיך כל ימיו נאך רייכטהום און וויל פערזארגען זיינע קינדס־קינדער מיט פאלאצען און שאמפאניער — וואס פאר אן עולם־הזה'ניק איז אפילו ער? אלעס, וואס קומט נאך אונז, איז דאך ווייט פון אונז ווי דער הימעל, ווען עס זאל אפילו ליגען אויף דער ערד. און ווער עס ארבייט פאר א צוקונפט איז דאך א בן־עולם הבא. מעהר ניט עולם הבא צו עולם הבא איז ניט גלייך, איז דאך אבער עולם הזה צו עולם הזה אויך ניט גלייך. וואס פאר א פערגאנגענהייט מען טראגט אין זיך, אזא צוקונפט בויט מען פאר זיך, מעהר ניט די צוקונפט דארף מתקן זיין די חסרונות פון דער פערגאנגענהייט, וואס עס פעהלט אין עולם הזה מוז משלים זיין דער עולם הבא. ווען מיליאנען פון ארבייטער ברענגען קרבנות, נעהמען אויף זיך פערפאלגונגען צוליעב א צו־קונפטס־שטאאט, בויען זיי זייער עולם הבא, פאר זיי איז דער לויתן און דער שור הבר ניט מעהר אויף דער וועלט, נאר אויף יענער וועלט, וועלכע וועט קומען נאך זיי. ווען טויזענדע און טויזענדע פון אונזערע פיאנערען לאזען זיך אין א לאנד, וואס איז וויסט און חרוב, זעען, פלאנצען און בויען אויף צו להכעיס דער לאגיק, אויף צו להכעיס די בעדינגונגען און גראבען, ביז א שטיק פון דער פערגאנגענהייט שטעהט אויף תחית המתים — ארבייטען זיי פאר עולם הבא. זיי פיהלען א טעם גן־עדן, ווען זיי שטעלען זיך אין די געדאנקען פאר, ווי גליקליך עס וועלען דארט קאנען לעבען זייערע אייניקלעך און אוראייניקלעך.

מען קאן זיך ניט אויסדרעהען פון דער פערגאנגענהייט,

וואָרים נאָר אין איהר, דאָס הייסט אין אונזער בעציהונג צו איהר, ליעגט אויך אונזער צוקונפט, און ווער עס איז זי מבטל, לעדיגט זיך אוים פון זיין אייגענעם אינהאלט. דאָס זיינען אָרעמזעליגע מענשען, אויף דער וועלט מוזען זיי באָרגען אַן אינהאלט און אויף יענער וועלט מוזען זיי צאָהלען צינזען.

דערין ליעגט דער מאַסשטאַב פון אַלע האנדלונגען, אין דער צוזאַמענשמעלצונג פון פערגאַנגענהייט און צוקונפט. פון דער צוזאַמענשמעלצונג ענטשטעהט די וואונדערבאַרע לעבענס־האַר־מאָניע. אפילו דער איינציגער הויבט אָן צו פיהלען זיין „איך" ווי אַ חלק פון דער אונענדליכקייט. ער דרינגט אריין אין דעם סוד פון דער אייביגקייט, ער בעוועגט זיך אין איהר און קאָן ניט בטל ווערען.

און ווער עס האָט געפונען זיך אליין אין דיעזער האַרמאָניע, געהט ניט פערלאָרען.

# אַ נסיעה מיט מניעות.

מען מאַג זיין אויפגעקלערט ווי מען וויל, מען מאַג זיך בע־מיהען אַלעס אונטערצואָרדנען דעם קאַלטען שכל, מאַכען איהם פאַר אונזער וועג־ווייזער אין אונזער טראַכטען און דענקען, און לאָ־זען זיך פון איהם פיהרען אין אונזערע טהאַטען און האַנד־לונגען — עס זיינען דאָ מאָמענטען אין פּערזענליכען לעבען פון יעדען איינצעלנעם פון אונז, ווען מיר ווערען מיט אַ מאָל געפּאַקט פון דונקעלע, מיט אַ נעבעל פערצווייגענע אהנונגען און מיר פיהלען מיט אַ מאָל איבער אונז די שליטה פון אַן אונבעקאַנטער מאַכט. און די אונבעקאַנטע מאַכט שפּאַלט אונזער דאָ־זיין אין צווייען. מיט איין העלפט בלייבען מיר שטעקען אין אונזער וועלט, אין דער ממשות׳דיגער, וועלכע מיר קענען, אָדער גלויבען אַז מיר קענען און מיט דער אַנדער העלפט טראָגען מיר זיך אריבער אין אַן אונבעקאַנטע וועלט. עפּעס קענען מיר זי ניט אָנטאַפּען, עפּעס קענען מיר זי ניט תופס זיין, אָבער מיר פיהלען איהר השפּעה אויף אונז, מיר זעהען איהרע פער׳חלום׳טע בילדער און פערנעהמען איהר בת־קול, וועלכער דערגרייכט צו אונז און דרינגט אריין אין אונזערע אויערען, מיר ווייסען ניט פון וואַנען, מיר ווייסען ניט אויף וועלכען וועג. אָפטמאָל קלינגט אונז אַ פרעהליכע, אויפמונ־טערענדע שטימע, און די שטימע רופט צו אונז: קום ועשה! שטעה אויף, מענש, און פיהר אויס ד י י ן טהאַט, וואָרים ד י י ן שטונדע איז געקומען. אין דער גרויסער פאָרשטעלונג, אָנגערופען לעבען, טרעטען אויף נאָר וועניגע ווי אקטיווע שפּיעלער, די מייסטע זיינען סטאַטיסטען. און ווען עס פערווילט זיך דעם פערוואַלטער, דעם אויבער־הערר, און ער גיט אַ בענעפיט־פאָרשטעלונג לכבוד איינעם פון זיינע ליעבלינגע — דאַן הייסט עס פאַר דעם איינ־צעלנעם: אויפפּאַסען, מכוון זיין די שעה, ניט דורכלאָזען דעם

ריכטיגען מאָמענט, וואָרים אַלעס איז אָבגעמאָסטען, אַלעס איז אָבגעוואויגען, אַלעס הענגט אָב פון דער רגע. הינטער דעם איי־נעם שטעהט שוין דער צווייטער אין שורה, און עס מוז צוגעהן מיט אַ שטרענגען סדר. און ווען די שטונדע קומט פאַר אונז, הערען מיר די שטימע, די וועקענדע, די רופענדע, די הייסענדע, די בעפעהלענדע, די אויפמונטערענדע, די פערשפּרעכענדע, און מיר פיהלען זיך ווי אָנגעפילט מיט נייע כחות, מיט ענערגיע, מוטה און חשק, אינערליך געוואַקסען און בעפליגעלט, פול האָפנונג און בטחון, און מיר געהען צו מיט שמחה צו אונזער ווערק, מיט אַ געפיהל פון הייליגקייט: מיר ווערען טרעגער פון אַ מיסיאָן. גאָר אָפטמאָל אָבער פערנעהמען מיר אַ גאַנץ אַנדער שטימע, אַ צוריק־געהאַלטענע, אַ וואַרנענדע און די שטימע רופט אויס: שב ואל תעשה! זיי שטיל, פערהאַלט זיך רוהיג, מענש, זעה, איך בין דיך מתרה. און זי דערצעהלט אונז פון שרעקען און געפאַהרען, וועלכע ערוואַרטען אונז, און זי זאָגט אונז אָן, מיר זאָלען זיך היטען, מיר זאָלען זיך נעהמען אין אכט. מיר פיהלען עפּעס אַ מין בעקלעמונג, און מיר פערשטעהען ניט די סבה, עפּעס אַ מין ציטערען געהט דורך אונזער נשמה, און עס איז אונז ניט קלאָר וואַרום. זאָל דאָס אפשר זיין די געהיימע פערבינדונג צווי־שען אונז און אונזער אייגענער צוקונפט? אפשר איז דאָס אונזער צוקונפט אַליין, וועלכע מיר טראָגען אין זיך און מיר ווייסען ניט, אַז מיר טראָגען זי; אפשר איז דאָס טאַקע זי אַליין אין דעם מאָמענט, ווען זי צאַפּעלט זיך אַ רגע פאַר איהר געבורט? איז דאָס אפשר אונזער שטערען, אונזער מזל, וועלכער וואַכט איבער אונז, ווי אַ טרייער שומר חנם פון אַ פערבאָרגענעם ווינקעל?

---

מיט אַן אייגענטימליכען אונווילען האָב איך זיך ענטשלאָסען — מיט אַ גאַנצען יאָהר כמעט צוריק — צו אונטערנעהמען אַ רייזע נאָך אַמעריקא. אַ ים־נסיעה מאַכט מיר אימער פערגעניגען, איך האָב ליעב די רייזע, אפילו ווען דער ים איז שטירמיש. צו אַמעריקא, אָדער ריכטיגער, צו די אידען אין אַמעריקא, האָב איך בעהאַלטען זעהר גוטע פריינדליכע בעציהונגען, זייט איך האָב

בעזוכט אמעריקא צום ערשטען מאל מיט אכט יאהר צוריק. אויך פון דיעזען געזיכטספונקט האט מיר א נייער בעזוך אין אמעריקא געקאנט פערשאפען נאר פרייד. מיינע חברים האבען מיך שטארק צוגערעדט צו דער רייזע. איך אליין האב אויך מסכים געוועזן, אז די רייזע איז נויטיג גראד איצט און דארף ניט אבגעלעגט ווערען — און דאך האב איך נאך קיין מאל ניט פערלאזען אזוי טרויעריג אייראפא ווי דיעזעס מאל, ווען איך האב זיך איינגעשיפט אין ברעמען אויף דעם „קייזער ווילהעלם דער צווייטער". עפעס האב איך געפיהלט, ווי יעמאנד זיצט אין מיר און פראטעסטירט געגען מיין רייזע, עפעס האב איך ניט געגלויבט מיינע אייגענע געדאנקען, און אז איך האב פערענדיגט מיינע בריעף צו אייגענע און פריינד מיט דער געוועהנליכע פראזע „אויף באלדיגעם וויעדערזעהן אין אייניגע וואכען", האב איך אזוי געשריעבען נאר מחמת רגילות, די האנד האט געפיהרט די פעדער, און די פעדער האט מעכאניש אויסגעפיהרט די נויטיגע אותיות. איך האב אבער געפיהלט, אז איך שרייב ניט דאס, וואס איך דענק, אז איך דריק אוים הבטחות, וועלכע איך וועל ניט קענען דערפילען, כאטש מיין פלאן איז געוועזן בעשטימט, בלייבען אין אמעריקא פון דריי ביז פיער וואכען און אין א מזל'דיגער שעה צוריק.

מיר זיינען געוועזן אן ערך דרייסיג מייל פון סויטהעמפטאן אין ענגלאנד, שוין אויפ'ן וועג פון סויטהעמפטאן נאך ניו יארק. דער ים איז געוועזן רוהיג, שטיל, מען האט ניט געמערקט, ווי דאס ריעזען־שיף בעוועגט זיך. ניט נאר האט מען ניט געמערקט, מען האט אפילו ניט געקענט זעהן די בעוועגונג פון שיף, ווארים ארום און ארום האט געהערשט א געדיכטער נעבעל. הימעל און ים האבען זיך פערשמאלצען אין איין געדיכטער גרויער מאסע, און עס האט אויסגעזעהן, אז דאס שיף מוז זיך אנשטרענגען אין צווייען, מיט דער אונטערשטער העלפט גובר זיין דאס וואסער און מיט דער אויבערשטער העלפט — דעם נעבעל. עס איז געוועזן ארום צוויי אוהר נאכמיטאג. אויפ'ן דעק איז געוועזן אונ־אנגענעהם צו בלייבען: פייכט און גרוי, און דערצו נאך די אונ־ערטרעגליכע מוזיק פון דעם דאמפף־פייפעל — א ווארנונג פאר

די אנדערע שיפען, זיי זאָלען ניט נכשל ווערען. די מייסטע פּאַסאַזשירען זיינען זיך צוגאַנגען אין די קאַיוטען. ווי פון שלאָף, — איך געדענק ניט קלאָר, — האָב איך זיך אויפגעכאַפּט עפּעס א דערשראָקענער. איך האָב דערשפּירט א לייכטען שטויס. אין דעם זעלבען אויגענבליק לויפט אריין א מאַטראָז צו מיר אין קאַיוטע, הייסט מיר נעהמען צדה לדרך: א וואַרימען בגד און... דעם רעטונגס־גאַרטעל. איך האָב איהם ניט פערשטאַנען און אָנגעהויבען פרעגען שאלות. האָט ער מיר גאַנץ בייז געענטפערט: וואָס שלאָפט איהר? הערט איהר דען ניט דעם רעטונגס־פייף? איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם „מה לך נרדם" און דעם „עברי אָנכי" פון יונה הנביא, שנעל גענומען א פּאָר ספרים, מיט וועלכע איך שייד זיך קיין מאָל ניט, א וואַרימען מאַנטעל און דעם רעטונגס־גאַרטעל.

אויבען אויפ'ן דעק האָב איך אָנגעטראָפען א גרויסע מחנה פון מתפללים. איבער אכט הונדערט פּאַסאַזשירען פון צווישענדעק, כמעט אלע סלאַווען, זיינען געשטאַנען ארום די רעטונגס־שיפלעך, די אויגען פערריסען צום הימעל, וועלכען מען האָט ניט געזעהן, און געבעטען רחמים. זיי האָבען מורא געהאַט, אז די ערשטע שיפלעך זאָלען פערנעהמען נאָר די „יחסנים". דער קאַפּיטאַן און די אָפיצערען האָבען פערזוכט צו בערוהיגען די מאַסע, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. ערשטענס, ווייל די מאַסע האָט ניט פערשטאַנען זייער לשון, און צווייטענס, ווייל דעם קאַפּיטאַן'ס אויגען אליין האָבען אויך אויסגעדריקט אונרוה. מען האָט געפיהלט, אז ער בערוהיגט, ווייל ער איז מחויב צו בערוהיגען, ווייל דער „שולחן ערוך" פון ים־פאָהרער הייסט אזוי. פיעלע פון די „סלאַווען" האָבען אָנגעהויבען צו קלעטערען אויף די שטריק־לייטער, אלץ העכער און העכער. אפנים דער דאָרפישער שכל האָט זיי אונטערגעזאָגט, אז וואָס העכער, איז מען אלץ זיכערער פון דעם נאַסען עלעמענט... איינער האָט דעם אנדערען געשטופּט, געמאַכט זיך א וועג מיט דעם עלענבויגען. פרויען, אלטע לייט און קינדער האָבען זיך געמישט ווי אין א קנויל, אלע האָבען געזאָגט תפלות, אלע האָבען געשריען, פערלאַנגט, געפאָדערט, גע־

דראָהט. די יחסנים פון ערשטער און צווייטער קלאַסע האָבען זיך פערהאַלטען זעהר רוהיג. קיינער האָט ניט געשריען, אויף די פנים׳ער איז געלעגען אַן ערנסט און מען האָט געוואַרט אויף דעם קאַפּיטאַן׳ס בעפעהלען. מען האָט געזוכט צו בערוהיגען די דערשראָקענע פרויען און די האַלב דערשראָקענע קינדער. די קינדער האָבען לחלוטין ניט געקענט בעגרייפען די סכנה: דאָס שיף איז דאָך גרויס און דער ים איז אַזוי רוהיג...

אַ גאַנצע שעה — אַן אייביגקייט — איז אַריבער אין שרעקען און ספקות. דערנאָך איז געקומען די בערוהיגונג. מיר שווימען צוריק נאָך סויטהעמפּטאָן. אונזער שיף האָט געהאַט אַ צוזאַמענ־שטויס מיט אַ גאַנץ קליינעם שיף. דאָס קליינע שיף איז אַריין מיט׳ן שאַרפען שפּיץ, מיט דער נאָז, אין „קייזער ווילהעלם דעם צווייטען“. אַ צוזאַמענשטויס צווישען אַ דוד און אַ גלית הפלשתי, איז דוד אָבגעקומען מיט אַ פּלאַטשיגער נאָז און איז זיך ווייטער רוהיג געשוואומען און גלית האָט בעקומען אַ לאָך אין רעכטען מיטען קערפּער. די רייזע פון סויטהעמפּטאָן ביז צום אָרט פון צוזאַמענשטויס האָט געדויערט אַן ערך אָנדערטהאַלבען שעה, די זעלבע רייזע צוריק — מעהר אַלס פינף שעה. ערשטענס האָט דאָס שיף קיין כח ניט געהאַט שנעלער צו לויפען. צווייטענס, איז דער קאַפּיטאַן געוואָרען פאָרזיכטיגער. ערשט אין סויטהעמפּ־טאָן האָבען מיר זיך דערוואוסט פון די טויכער, וועלכע האָבען אונטערזוכט דאָס פערוואונדעטע שיף, אַז דאָס לאָך איז געוועזען גאַנצע זעכצעהן מעטער לאַנג און פיער מעטער הויך, צוויי מעטער איבער און צוויי מעטער אונטער דער וואַסער־ליניע. מיר האָבען געשפּיעלט מיט גליק, דער מאַשינען־טהייל פון שיף איז ניט גע־טראָפען געוואָרען.

די סלאַוועז האָבען זיך בערוהיגט ערשט אַז מיר זיינען שוין אָנגעקומען אין אַ זיכערען האַפען, דאָך האָבען זיי נאָך גע׳טענה׳ט. גע׳טענה׳ט צו גאָט, גע׳טענה׳ט צום קאַפּיטאַן, זיי זיינען געוועזען ברוגז, אָנגעשטויסען. איך האָב זיי בעגריפען. מילא מיר יחסנים מאַכען ים־רייזען אָדער צוליעב פּרנסה, ווייל מיר ווילען נאָך רייכער ווערען, אָדער צוליעב פערגעניגען, ווייל מיר ווילען הנאה

האָבען פון לעבען, אָבער זיי? רייכקייט זוכען זיי ניט, זיי זוכען ברויט, נאָך הנאה יאָגען זיי זיך ניט — די נויט, די ביטערע נויט האָט זיי פערטריעבען פון זייערע דערפער, פעלדער און וועלדער און זי פערוואָרפט זיי אין א פרעמדער מדינה, וואו זיי מוזען אָנהויבען א נײַ לעבען, א לעבען פון עלענד, פון טרערען, שוויים און בלוט. דער פריץ איז געװען א שלעכטער, האָט ער זיי אויסגעזוינגען, און זיי איז ניט געבליבען קיין אנדער ברירה, ווי נעהמען זיך צום וואנדערשטאב. זייערע טאטעס, זיידעס און עלטער־זיידעס האָבען דורות־לאנג געלעבט אין דאָרף. דאָרט, וואו עס הויבען זיך אָן די פעלדער פון דאָרף, איז פאר זיי אויפגעגאנגען די זון, און דאָרט, וואו די פעלדער ענדיגען זיך פון דער אנדער זייט, איז פאר זיי אונטערגעגאנגען די זון. האָבען זיך זון, לבנה און שטערען געדרעהט ארום דעם דאָרף. זיי אליין, די אור־אייניקלעך, האָבען אויך ניט געוואוסט פון אַן אנדער וועלט. זיי האָבען געהאַט אייגענע פעלדער און אַן אייגענעם הימעל. א גוטער הימעל, א פריינד א הימעל, ער איז געװען מיט זיי גנאדיג און אינטים און פלעגט זיי אָפטמאָל גאָר אויסזאָגען א סוד פון חדר און ווינקען צו זיי מיט סמנים אויף רעגען, שנעע, האָגעל און שטורם. איז געקומען דער בייזער פריץ און האָט מיט זיי געלע־רענט די פרשה, ווי מען פערטרייבט אָדם'ען פון זיין אייגענעם גן־עדן און געלערענט און געלערענט ביז ער איז מיט זיי געקומען צו דער סדרה „לך לך". האָבען זיי א טענה צום רבונו של עולם, זיי, די נאאיווע דאָרף־מענשען: דער פריץ איז א בייזער, ער זינדיגט ווי אלע פריצים — אָבער דו, גאָט, גאָט פון **א ו נ ז ע ר** הימעל, האָסט דו דען געמאכט יד אחת מיט דעם פריץ! די אלטע קברים האָבען מיר געלאָזען אין דער היים, די ווייבער און די קינדער האָבען מיר גענומען מיט זיך. איז דען ניט געװען גענוג פלאץ פאר אונז אלעמען אויף **א ו נ ז ע ר** בית־עלמין?

די נאכט האָבען מיר צוגעבראכט אויף דעם „קייזער וויל־העלם דער צווייטער". צום פריהשטיק אויף מאָרגען האָבען שוין אלע גערעדט מכח די ווייטערע נסיעה. אַן אמעריקאנער, מסתם א ליץ, איז נאָך אלץ ארומגעגאנגען אין רעטונגס־גארטעל.

אַלע קאַיוטען־פּאַסאַזשירען האָט פערנומען דער „אימפּעראַ־
טאָר“. ווען „קייזער ווילהעלם דער צווייטער“ איז „גלית
הפלשתי“, איז דער „אימפּעראַטאָר“ „עוג מלך הבשן“. ער מאַכט
דעם איינדרוק פון אַן אַמעריקאַנער וואָלקען־קראַצער, וואָס האָט
זיך אויסגעצויגען אין דער לענג אָנשטאָט אויסצושטרעקען זיך
אין דער הויך. עס ווענדט זיך אָן דער נאַטור. דער טהורם פון
בבל און די וואָלקען־קראַצער האָבען די נאַטור צו ציהען זיך אין
דער הויך; די ווינטער־נעכט, דער אידישער גלות און די מאָדערנע
שיפען האָבען פערקעהרט די טבע צו ציהען זיך אין דער לענג,
און די גבירישע חוצפה ציהט זיך אַלעמען אויף צו להכעיס דוקא
אין דער ברייט. מיט דעם „אימפּעראַטאָר“ זיינען טאַקע געפאָהרען
זעהר פיעלע אַמעריקאַנישע, ענגלישע און דייטשע גבירים, און
זייער ברייטע חוצפה האָט פערנומען די גאַנצע לענג פון שיף.
עס איז ז י י ע ר וועלט, זיי גיבען דאָס צו פיהלען. די יבשה
איז זייערע, כדי זיי זאָלען קאָנען בויען פּאַלאַצען און וואָלקען־
קראַצער, דער ים געהערט זיי, כדי זיי זאָלען קאָנען מאַכען לוסט־
רייזען, און די זון און די לבנה און די שטערען זיינען דאָ, כדי זיי
זאָלען האָבען, ווען עס פערגלוסט זיך זיי, אויף וואָס אַ קוק צו
טהאָן. פון דעם שיף איז דאָך אַבגערעדט, עס געהערט דאָך געוויס
זיי. די מענשהייט איז דאָך איינגעטהיילט אין צוויי חלקים:
ז י י און די אַ נ ד ע ר ע. צוליעב די אַ נ ד ע ר ע וואָלט קיינעם
ניט איינגעפאַלען צו בויען אַן „אימפּעראַטאָר“. פערנעהמען ז י י
טאַקע די האַלבע וועלט. אויף דעם ענטשפּרעכענדען שטח פון אַ
קאַיוטע, וואָס עס פערנעהמט איינער פון ז י י ע ר ע, ליעגען אין
צווישען־דעק איינגעפּאַקט לכל הפּחות צעהן פּאַסאַזשירען, און
אפשר אַ גאַנצער מנין נאָך מיט אַ צוגאָב. דער מקח פון דער
קאַיוטע איז, למשל, צוויי הונדערט דאָלאַר, דער מקח פון דעם
זעלבען שטח אין צווישען־דעק איז לכל הפּחות צוויי מאָל אזוי
פיעל. און ווען מען זאָל נאָך צורעכענען די רויך־זאַאַלען, צווייענ־
דיגע שפּיעל־זאַאַלען, פאַר קאָרטען און מוזיק, די פערשיעדענע
שפּייזע־זאַאַלען, די לעזע־זאַאַלען, — זיי זיינען כמעט תמיד
לעדיג, — די גימנאַסטישע זאַאַלען, די איינפאַכע איינצעל־בעדער

און די שווים־בעדער, די עזרת נשים און די קינדער־זאַלען, וואוהין די צווישען־דעק פּאַסאַזשירען טאָרען אפילו ניט אריינקוקען, וועט אויסקומען, אז זיי בעצאָהלען פאר זייער פּלאַץ אן ערך אַ צעהנטעל פון דעם, וואָס די א נ ד ע ר ע בעצאָהלען, און דאָך, די א נ ד ע ר ע טהוט מען אַ טובה, וואָס מען נעהמט זיי; ז י י אָבער טהוען אַ טובה, וואָס זיי לאָזען זיך נעהמען.

שטימט דער חשבון מעהר ניט ווי פאר דעם „אימפּעראַ־טאָר“? איז דאָס דען ניט אַ חשבון צדק פאר די גאנצע צ י ו ו י־ל י ז י ר ט ע מענשליכע געזעלשאַפט? מעהר ניט, אז מען לעבט אין טומעל, טומעלט מען זיך און מען פערטומעלט דעם חשבון. אויפ׳ן ים אָבער, ווען מען פיהלט זיך ווייט פון דער גרויסער, טומעלדיגער וועלט, זעצען זיך אָב די מחשבות, זיי קלאָרען זיך אויס, און דער חשבון ווערט בולט׳דיגער. איך האָב טאַקע דערי־בער זעהר ליעב אַ ים־רייזע. נאָך שענער מוז עס זיין צו פאָהרען מיט אַ פשוט׳ען שיף, געטראָגען ווערען פון דעם ווינד און די וועלען און ניט זעהן פאר זיך ניט די אונצעהליגע רעדער פון די מאַשינען און ניט די רייכע אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט. און נאָך שענער מוז עס זיין אין דעם מדבר. אָט אזוי, וואַנדערען פאר זיך און פיהלען זיך פאר זיך און אריינקוקען אין זיך אליין. ניט אומזיסט איז דער גרעסטער, קרעפטיגסטער און עלעמענטאַרסטער בעגריף פון פרייהייט געבאָרען געוואָרען אין מדבר. ניט אומ־זיסט איז די תורה געגעבען געוואָרען אין מדבר, און ניט אומזיסט האָט משה צוערשט פערלאַנגט אַרויסצופיהרען די אידען נאָר אויף עטליכע טעג אין מדבר. אין מצרים איז געווען צו טומעלדיג, און די אידען האָבען געווים ניט פערשטאַנען דעם חשבון, וואָס ער האָט זיי געמאַכט. ער האָט דעריבער גערעכענט, אז אין מדבר וועט ער זיי בעסער קאָנען מסביר זיין דעם אונטערשיעד צווישען קנעכטשאַפט און פרייהייט.

דער ים און דער מדבר — נאָך אַ דאַנק דעם בורא, וואָס עס איז נאָך עטוואָס דאָ אויף דער וועלט פריי און הפקר, וואו עס קאָן נאָך אויפבליהען אַ פרייער געדאַנק, אַן אונאַבהענגיגע מחשבה.

מיט דער יבשה האָט זיך דער בורא כביכול אָבגענאַרט. ער האָט זי געשענקט פאַר אַ מתנה דעם מענשען, אַלס דרשה־געשאַנק דעם ערשטען פּאָרעל, און עס האָבען זי איינגענומען די מענשען, ניט אַלע מענשען, נאָר איינציגע, עראָבערער, תקיפים, מענשען, וועלכע קאָנען קיין מאָל ניט זאט ווערען, יחידים, וואָס וואָלטען וועלען איינשלינגען די גאַנצע וועלט און איינער דעם אַנדערען, כדי צו קריגען נאָך אַ שטיקעל, נאָך אַ שטיקעל.

און מערקווירדיג. דער בורא האָט בעשאַפען צוערשט די לופט, נאכהער דאָס וואַסער און צולעצט ערשט די יבשה. זיינען געקומען די עראָבערער און האָבען אָנגעהויבען איינגעהמען די וועלט אין פונקט אַ פערקעהרטען סדר. צוערשט האָבען זיי פער־כאַפּט די יבשה, דערנאָך האָבען זיי זיך אָנגעהויבען שלאָגען פאַר די ימים און איצט האָבען זיי שוין דערגרייכט צו דער לופט. לעת עתה שלאָגען זיי זיך אין דער לופט — ווער וויים, אפשר וועט נאָך קומען אַ צייט, און זיי וועלען זיך שלאָגען פאר דער לופט. און דאָרט, וואו דער עראָבערער לעגט ארויף זיין שווערע האַנד, וואַקסט ניט די פרייהייט, וואָרים די פרייהייט איז אַן עדעלע פלאַנצע, זי ליעבט ניט די דריקענדע האַנד פון דעם עראָבערער.

און אפשר האָט טאַקע דער בורא געשאַפען מיט אַ כונה נאָר איין חלק יבשה און פיעל חלקים ימים, און לופט האָט ער אונז נעגעבען לרוב, און אויף דער יבשה גופא האָט ער נאָך געשאַפען מדבריות, כדי דער עראָבערער זאָל ניט קאָנען אַלעס איינגעהמען, כדי עס זאָל נאָך בלייבען גענוג פרייער פּלאַץ און רוים, וואו דער מענשליכער גייסט זאָל קאָנען אָברוהען, וואוהין ער זאָל קאָנען פליהען בשעת הדחק, ווען עס ווערט דאָ אַ ביסעל צו ענג פון דער שטענדיגער מלחמה, פון דעם שטענדיגען געדרענג, פון דער איי־ביגער יאָגעניש. געבענשט זאָל זיין זיין נאָמען פאַר די שעהנע לופט, פאַר דעם וואונדערבאַרען ים און פאַר דעם סודות'דיגען מדבר!

בעריהמענדיג זיך מיט זיין גאַנצער לענג, ברייט אין דער רעה, איז דער „אימפּעראַטאָר“ אריין, ניט מאַיעסטעטיש, נאָר ווי אַן אויפגעקומענער עושר, אין דעם זיכערען האַפען פון ניו יאָרק.

## אַ מלחמה אויפ'ן ים

דאָס זיינען געווען די שרעקליכע פינף טעג און פינף נעכט אין רעכטען מיטען ים, ווייט פון דער מדינה, וועלכע דאָס שיף האָט ערשט מיט איינינע טעג צוריק פערלאָזען אין פריעדען, אויך ווייט פון דעם האַפען, וואוהין דאָס שיף האָט זיך געריכט אָנצוקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום בשלום. איך רעכען, אַז קיינער וועט זיי ניט פערגעסען, די פינף טעג און די פינף נעכט, קיינער פון די, וועמ עס האָט זיי דורכגעלעבט, וואָרום צו טיעף איז דער רושם, וועלכען זיי האָבען איינגעקריצט אין זכרון פון די טויזענדע פריעדליכע מענשען, וועלכע האָבען מיט אַמאָל, ווי דורך די ווירקונג פון אַן עלעקטרישען פונק, פערלאָרען זייער גלייכגעוויכט, איינגעטיילט זיך אין פיינדליכע גרופּען און אָנגעהויבען צו קוקען איינע אויף די אַנ־דערע מיט אויגען פול רציחה און שנאה — שרעקליכע שנאה, אויף לעבען און טויט.

גלייך ווי מאַנכע פליסיגקייטען, וועלכע זיינען צוזאַמענגעזעצט פון פערשיעדענע עלעמענטען. די עלעמענטען לעבען מיט איינאַנדער בשלום, זיי זיינען כעמיש פערבונדען, יעדער פון זיי האָט געמאַכט אַ פשרה, האָט מוחל געווען אויף אַ חלק פון זיין זעלבסטשטענדיג־קייט, האָט זיך פערשמאָלצען מיט זיינע חברים. מיט אַמאָל דער־שמעקט די פליסיגקייט אַן עלעקטרישען שטראָם — אוים מיט דער פריינדשאַפט, אוים מיט דער שכנות, אוים מיט דער מחותנ'שאַפט אוים מיט דער פערבינדונג. עס האָט זיך דערוועקט די פערגראָ־בענע שנאה פון עלעמענט צו עלעמענט, די אָבשטויסונגס־קראַפט האָט איבערגעוואויגען די אנציהונגס־קראַפט, און דער צוזאַמענ־געזעצטער קערפּער האָט זיך אויפגעלעזט אין זיינע בעשטאַנד־טהיילען, אין זיינע עלעמענטען — אַזוי דריקט זיך אוים דער נאַ־טור־פאָרשער.

איז די סאָציאַלע פערבינדונג פון די פערשיעדענע נאַציאָנען שטאַרקער ווי די כעמישע פערבינדונג פון פערשיעדענע עלעמענטען? טראָגט ניט אין זיך דער מענש קיין פּולווער און ווייס אַליין ניט, אַז ער איז אָנגעלאָדען? קאָן ניט זיין פּולווער יעדע מינוט עקס־

פלאָדירען, אויסברעכען אין א פלאַם, אויפרייסען אלעס, וואָס ליגט אויפ׳ן וועג און מאַכען אַן איבערקעהרעניש ארום זיך? וואו איז חבר׳שאַפט, וואו איז פריינדשאַפט, ווואו איז אינטערנאַציאָנאַליזם, ווען עס קומט דער פונק און צינדט אָן דעם פולווער אין דעם מענ־שען, אין דער געזעלשאַפט, אין דער נאַציאָן? דער מענש וואַרפט אראָב פון זיך דעם „צלם אלהים“, דער קעניג פון דער גאַנצער נאַטור, דער פאר, דער תכשיט, דער גרויסער נבוכדנצר שטייגט אַרונטער פון זיין כסא מלוכה און פערוואַנדעלט זיך אין א ווילדע חיה, א נאַקעטע חיה, מיט אלע אינסטינקטען פון א חיה.

איך האָב דאָס געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען. איך האָב דאָס געזעהן אין א קליינעם מאַסשטאַב, ווען דער דראָטלאָזער טע־לעגראַף האַט אונז געבראַכט אין מיטען ים, אויף דער פראַכטשיף „קראָנפרינצעסין צעציליע“, די ידיעה וועגען דעם אויסברוך פון דעם וועלט־וואולקאַן, וועלכער האָט געבראַכט מיט זיך די מורא׳דיגע קאַטאַסטראָפע.

---

עס איז כדאי צו פערצייכענען, אַז נאַכדעם ווי עס איז שוין געוועזען געוויס, אַז עסטרייך געהט ערקלעהרען סערביען מלחמה, האָט נאָך קיינער ניט געגלויבט, אַז גאַנץ אייראָפּא כמעט איז „ערב מלחמה“. אדרבא, די פרעסע און די עפענטליכע מיינונג האָב׳ען בע־טראַכט די עסטרייכישע דראָהונג מעהר ניט ווי א דיפּלאָמאַטישען שאַך־צוג, כדי אָנצושרעקען די קליינע באַלקאַן־מדינה, און אלע, כמעט אָהן אַן אויסנאַהם, האָבען געגלויבט, ניין, זיינען געוועזען זיכער, אַז דער סכסוך וועט דערשטיקט ווערען אין רעכטען אָנהויב, און אַז די גרויסע מלוכות וועלען העלפען איינלעשען דאָס פייער. יעדער בעזונדער ווייס, אַז די דיפּלאָמאַטיע איז דערצו געשאַפען, כדי צו בעהאַלטען דעם אמת, אָבער די מענשהייט אין אלגעמיין איז תמיד נאַאיוו, און וויפיעל מאָל מען זאָל זי ניט אָבנאַרען, גלויבט זי דאָך אין די האָניג טריפענדע רעדען פון די גרויסע דיפּלאָמאַטען.

און וועגען שלום האָט דאָך גערעדט די ג א נ צ ע וועלט. די גרעסטע מלוכות האָבען קאָנקורירט אין פערזיכערען דעם עולם, אַז אלץ וואָס זיי טהוען איז נאָר צוליעב די ערהאַלטונג פון דעם שלום. בויט מען נייע קריעגס־שיפען, איז דאָס צוליעב שלום, בויט

מען נייע פעסטונגען, איז דאָס צוליעב שלום, פערגרעסערט מען
די אַרמעען, איז דאָס צוליעב שלום. מען וויל נאָר אָבהיטען און
שיצען דאָס „אייראָפּעאישע גלייכגעוויכט", אָדער די האַרמאָניע
פון דעם „אייראָפּעאישען קאָנצערט" — דאָס זיינען געווען די צוויי
שלאַגווערטער, מיט וועלכע די דיפּלאָמאַטען האָבען אָפּעריַרט און
וועלכע זיי האָבען אַריינגעשטעלט אין יעדער איינציגער רעדע אָדער
אָפּיציעלער ערקלעהרונג.

דער 22טער יולי. אָן ערך פיער וואָכען האָב איך צוגעבראַכט
אין אַמעריקאַ. איך האָב זיך געזעהן מיט אַלע חברים און געזיי־
נונגס־גענאָסען, וועלכע איך קען פון פריהער, דורכגעשמועסט זיך
מיט זיי וועגען אַלע אונזערע שותּפות'דיגע פּאַרטיי־ענינים, געהאַט
געלעגענהייט אויפצוטרעטען עפענטליך אין אייניגע גרויסע פאָלקס־
פערזאַמלונגען, צוצוהערען זיך צו די הערשענדע שטימונגען און
שטרעמונגען אין דער אַמעריקאַניש־אידישער וועלט — און איך
פיהל זיך בעפריעדיגט און צופריעדען. בעפריעדיגט — ווייל איך
זעה קלאָר, אַז דאָס אַמעריקאַניש־אידישע בעוואוסטזיין ענטוויקעלט
זיך אין דער געווינשטער ריכטונג, דער נאַציאָנאַלער געדאַנק געווינט
אַלץ מעהר באָדען און דרינגט אַריין אין דאָס בעוואוסטזיין פון
ברייטערע פאָלקס־מאַסען: צופריעדען — ווייל איך פיהל, אַז איך
האָב זיך צונויפגערעדט מיט מיינע חברים. איך פערשטעה זיי
בעסער און אויך זיי פערשטעהען מיך בעסער, ד. ה. מיך אַלס שליח,
אַלס פערטרעטער פון אַ בעשטימטען פּראָגראַם און פון אַ בעשטימ־
טער שיטה, ווי מען זאָל דאָס פּראָגראַם דורכפיהרען. איך בין
נאָך מעהר צופריעדען, וואָס איך האָב אויסגעפיהרט מיינע שליחות
צום בעשטימטען טערמין, אָט פונקט נאָך דעם פּלאַן, וועלכען מיינע
חברים און איך האָבען אויסגעאַרבייט דאָרט, אויף יענער זייט ים.

וואָס זיינען אהנונגען? אהנונגען זיינען אַ חלום. איך האָב
זיך אומזיסט געשראָקען, אומזיסט געהאַט אַ ווידערווילען געגען
מיין נסיעה מיט אייניגע וואָכען צוריק. אַי, וואָס איז, דער צוויי־
שען־פאַל אויף דער רייזע נאָך אַמעריקאַ, דער צוזאַמענשטויס מיט
נאָך אַ שיף אין דונקעלען נעבעל, דער שרעק און דער רעטונגס־
גאַרטעל — דאָס איז אַ צופאַל, עס טרעפט זיך אַמאָל. צוויי מאָל

נאָך אנאנדער קאָן אזא זאך ניט פּאסירען. עס איז דאָ א צווייג אין דער מאטהעמאטיק, „די טהעאָריע פון וואהרשיינליכקייטען“. דיעזע טהעאָריע ווייזט אויף מיט אותות ומופתים, אז עס איז דאָ א געוויסע געזעצמעסיגקייט אפילו אין צופעליגקייטען. למשל, אזוי פיעל און אזוי פיעל בריעף ווערען אריינגעוואָרפען אין א מדינה א יאָהר נאָך א יאָהר אָהן בריעף־מארקען אין פּאָסט־קאסטען, אזוי פיעל און אזוי פיעל בריעף ווערען אריינגעוואָרפען דוקא מיט מארקען נאָר אָהן אן אדרעס, אזוי פיעל און אזוי פיעל אייזענבאהן־צוגען געהען ארונטער אין א משך פון א בעשטימטער צייט פון די רעלסען, אזוי פיעל און אזוי פיעל שיפען האָבען אין א משך פון א בעשטימטער צייט א צוזאמענשטויס מיט א שיף אָדער אן אייזבערג, און אזוי ווייטער. איך האָב אמאָל זיך אינטערעסירט מיט דער טהעאָריע פון וואהרשיינליכקייטען און איך האָב גע־וואוסט, אז א צופאל נאָך א צופאל קומט פאָר זעהר זעלטען, אָט טאקע גאָר זעלטען.

איך האָב מיין שיפסקארטע, מיין געפעק איז שוין לאנג אויף דער „קראָנפּרינצעסין צעציליע“, איך האָב נאָך צו האלטען, איידער דאָס שיף געהט אָב, אן אבשיעדס־פּאָרטראג. איך בין וויעדער צופריעדען. איך האָב ניט ליעב קיין באנקעטען, איך האָב ניט ליעב קיין אָפיציעלען „זיי געזונד“, בעסער אן אסיפה. עס דוכט זיך מיר, איך האָב נאָך ניט אלעס געזאָגט, נאָך ניט אלעס ער־קלעהרט. דער זאל איז געפאקט, און די צוהערער בעגייסטערען מיך. וואָלטען נאָר די צוהערער געוואוסט, אז זעהר אָפט גיבען זיי דעם רעדנער מעהר מיט זייער צוהערען ווי דער רעדנער גיט זיי מיט זיין רעדע. נאָר דאָס מוז בלייבען בסוד, כדי די צוהערער זאָלען זיך ניט אָנהויבען איבערצונעהמען.

רעד איך מכח מלחמות און מכח די ראָליע, וועלכע דער שר של מעלה, דער שר האומה, שפּיעלט. א מלחמה איז ניט אזוי פּשוט. וואָרום ווען דער נצחון וואָלט זיך ווענדען נאָר פון דער פיזישער קראפט פון די צדדים, וואָלט מען דאָך פריהער געקאָנט וויסען, ווער ועמען ועט איינגעהמען. די פיזישע קראפט אליין ערקלעהרט אונז צו ווייניג די גרויסע געשעהעניסען פון דער וועלט־

געשיכטע. אויסער פיזישע קראַפט, אויסער ענטוויקעלטע טעכניק און אַנווענדונג פון דער טעכניק אין לעבען האָט יעדעס פאָלק זיין איינענעם געניוס. דער געניוס, אָדער ווי די אַלטע בעצייכענען איהם — דער שר האומה, פערטרעט די אינטערעסען פון זיין פאָלק אויבען, און איידער די פעלקער פיהרען מלחמה דאָ אונטען, ראַנגלען זיך צוערשט די שרים אויבען. — אַזוי בעהויפּטעט אַן אַלטע זאַגע — און דאָס פאָלק, וועמעס שר האָט מנצח געווען אויבען, איז אויך מנצח דאָ אונטען. איך דענק אָבער גאָר ניט פון די אייראָ־פּעאישע פעלקער און פון זייערע סכסוכים, איך דענק נאָר פון אונזער אייביגען קאַמפף פאַר אונזער נאַציאָנאַלעם דאַזיין און פון דעם, וואָס מיר האָבען אויסצושטעהן פון אונזערע נעגנער.

---

מיר שווימען. די געוועהנליכע אַרומשווימענדע אינטערנאַ־ציאָנאַלע געזעלשאַפט. דאָס וועטער איז הערליך. די לופט איז מילד און דורכזיכטיג און די „קראָנפּרינצעסין צעציליע" בעוועגט זיך גראַציעז אויף דער גלאַטער אויבערפלעכע פון דעם ווייטען און ברייטען אָקעאַן. די פּאַסאַזשירען זיינען פערגניגט, שפּיעלען פערשיעדענע שפּיעלען, שליסען אָב די געוועהנליכע וועטען, וויפיעל מיילען דאָס שיף וועט מאַכען אין קומענדען מעת־לעת; ניטאָ קיין סימן פון אונרוהה, קיין זכר פון דונקעלע אהנונגען. יעדען טאָג, פּינקטליך ווי אַ ריכטיג־געהענדער זייגער, ערשיינט די טעגליכע שיפס־ציישונג, האַלב דייטש, האַלב ענגליש. אין דער ציישונג ווערען געדרוקט דראָמלאָזע טעלעגראַמען און אַלטע קורצע מעשה־לעך פאַר קינדער און פאַר ערוואַקסענע, וואָס ווילען צוברענגען זייער צייט ווי זאָרגלאָזע קינדער.

עס איז אָנגעקומען די ערשטע ערנסטע דראָטלאָזע ידיעה. עסטרייך האָט דעפיניטיוו ערקלעהרט מלחמה סערביען. נאָר די ידיעה מאַכט ניט קיין רושם. דאָס פּובליקום איז ווייטער לוסטיג, די שטימונג בלייבט די זעלבע. אין גרויסען פּראַכטזאַל פון שיף האַלט אַ יונגער געלעהרטער אַ פאָרטראַג מיט דעמאָנסטראַציאָנען איבער דראָטלאָזע טעלעגראַפיע. אַלע זיינען זעהר פּעראינטערע־סירט. דער לעקטאָר ערקלעהרט דעם גרויסען נוצען פון דער דראָט־

לאָזער טעלעגראַפיע אין פריעדענס צייטען, בעזאָנדערס אָבער אין מלחמה צייטען. עס זיצען דייטשען, אַמעריקאַנער, פראַנצויזען, איטאַליענער, רוסען, בירגער פון די בעפרייַנדעטע גרויס־מעכטען, און הערען זיך רוהיג צו. די מלחמה־צייטען זיינען אַזוי ווייט.

פרייטאָג אָוועגד איז אַ באָל. די יוגענד וויל טאַנצען. דער ים איז אפילו עטוואָס בעוועגט, נו מילא, וועלען זיך די טאַנצענדע פֿאָרלעך פעסטער האַלטען אָן איינאַנדער אויבען אויפ׳ן דעק פון שיף. דערפאַר איז אָבער דער הימעל אַזוי שעהן און די לבנה אַזוי העל און קיילעכדיג פול.

מיט אַ מאָל בעמערקט איינער פון דער געזעלשאַפט: אוי, מיינע דאַמען און הערען, קוקט, וואָס איז דאָס געשעהן, די לבנה האָט אַפנים אַ טעות געהאַט. זי איז דאָך ביי אונז געווען די גאַנצע צייט פון דער רעכטער זייט, איצט איז זי פון דער לינקער זייט! דער דזשענטעלמען איז מסתמא געווען אַן אַסטראָנאָם. אָבער קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט. וואָס קימערט זיך אַ טאַנצענדעס פובליקום פאַר אַ רעכטע אָדער אַ לינקע לבנה, און ווי קאָן מען מערקען, ווען מען דרעהט זיך אין טאַנץ, וואו איז רעכטס און וואו איז לינקס.

דער טאַנץ איז נאָך ניט צו ענדע. מאַטראָזען רופען אויס: מען בעט דעם עולם אין זאַל. דער קאַפיטאַן פון שיף האָט עטוואָס וויכטיגעס מיטצוטהיילען.

אַלע שטעהען אין זאַל, געדרענגט אַ קאָפ אויף אַ קאָפ. דער קאַפיטאַן שטעהט אין מיטען. ער ערקלעהרט קורץ און שאַרף: מיר זיינען אין מלחמה, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד און רוס־לאַנד. זייט רוהיג, מיר שווימען צוריק. איך ווייס נאָך ניט וואוהין. איך וועל טהאָן מיין חוב. איך וועל זיך בעמיהען צו ברענגען אייך אין אַ זיכערען האַפען. רעגט זיך ניט אויף, פערהאַלט זיך ערנסט פון דעם מאָמענט. אַלע ווייטערע ידיעות וועט איהר ערהאַלטען פון מיר.

דער אַסטראָנאָם האָט קיין טעות ניט געהאַט, אויך די לבנה האָט ניט געהאַט קיין טעות און האָט זיך ניט אַזוי אומגעדרעהט

פון רעכט נאָך לינקס. דאָס האָט זיך די גרויסע וועלט אַ קעהר געטהאָן. דאָס שיף מוז זיך ריכטען ניט נאָך דער לבנה, נאָר נאָך די וועלט עראייגניסען...

אוים פריוויליגע פּאַסאַזשירען, אוים בעלי־בתים! מיר זיינען אַלע אַריבער אין רשות פון קאַפּיטאַן. אונזער גורל איז אין זיינע הענד. אוים אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט. עס זיינען דאָ נאָר בעזונדערע גרופּען: ענגלענדער, פראַנצויזען, דייטשען און אַזוי ווייטער. עס זיינען דאָ ניט־נייטראַלע און נייטראַלע גרופּען. דער קאַפּיטאַן פון שיף האָט געמוזט אָנווענדען זעהר פיעל טאַקט, זעהר פיעל קראַפט, צו האַלטען דעם שלום אויף זיין שיף.

דאָס שיף האָט געפיהרט מיט זיך אַ גרויסען יחסן: צוועלף מיליאָן דאָלאַר אין גאָלד. די מאַטראָסען האָבען דערצעהלט יעדען איינציגען פּאַסאַזשיר בסוד, אַז זיי וועלען דאָס גאָלד בשום אופן ניט אָבגעבען דעם שונא, זיי וועלען זיך ראַנגלען ביז צום לעצטען אָטהעמצוג. די פּאַסאַזשירען האָבען כמעט אויפגעהערט צו רעדען אויפ'ן קול, מען האָט געהאַלטען אין איין סוד'ען זיך. דאָס שיף איז געגאַנגען מיט זיין גאַנצען דאַמפּף־כח, 25 זעע־מיילען אַ שעה, ניט געקוקט אויף נעבעל און דונקעלהייט. זיינע אויגען האָט ער ארומגעבונדען. אויבען האָט ניט געטאָרט שימערען איין ליכטעלע ניט. די פענסטער זיינען געווען פערהאַנגען מיט שווערע פאָר־האַנגען, וואָס לאָזען קיין ליכט־שטראַהלען ניט דורך. מיר האָבען נאָך אַליץ ניט געוואוסט, וואוהין מיר שווימען. מיר האָבען ניט מעהר קיין אייגענעם רצון, דאָס הייסט, מיר האָבען איהם, אָבער מיר ווייסען, אַז מיר זיינען „געפאַנגענע" און הענגען אָב פון אַ פרעמדען רצון. מיר האָבען אָבער אַלע געפיהלט, אַז אונז פיהרט אַ בר־סמכא, שטרענג און האַרט ווי שטאָל, אָבער עהרליך און צופערלעסיג. ער וועט שוין רעטען זיין שיף, די פּאַסאַזשירען און דאָס גאָלד.

דעם לעצטען טאָג האָבען מיר שוין געוואוסט, וואו מיר זיינען אין דער וועלט, דאָס הייסט, וואו מיר זיינען אויפ'ן ים. מיר שווימען אין דער צפון־ריכטונג. מיר זיינען ביי קאַנאַדאַ. פון ווייטען זעהט מען פישער־שיפלעך. אָט זיינען זיי פערשוואונדען.

זיי געהען דאָס אָנזאָגען די ענגלישע קריעגס־שיפען, און באלד מסתמא וועט מען אונז געבען א וואַרימען קבלת פנים. עס רוקט זיך אָן די נאכט. עס איז פינסטער. א געדיכטער נעבעל פערשטעלט די לבנה און די שטערען. די שיף מאכט עפעס קאָמישע בעוועגונגען. עס געהען ארום שטומע מאטראָזען. דער קאפיטאן שטעהט אויף זיין קאָמאנדא־בריק און שטרענגט זיך אָן דורכצושטע־כען מיט זיין שארפען בליק די דונקעלהייט פון דער נאכט און דעם נעבעל.

עס איז א „ליל שמורים". פון אלע קאיוטען־פענסטער שטע־קען ארוים פאסאזשירען־קעפ. מען פיהלט, עס קומט א וויכטיגער מאָמענט. דאָס שיף בעוועגט זיך קוים, קוים. עס הערט זיך דער קלאנג פון שווערע קייטען, ווען זיי לאָזען זיך אראָב. דאָס זיינען די קייטען פון אנקער. דער אנקער איז א סימבאָל פון האָפנונג. עס הויבט אָן צו טאָגען. די ערשטע זון־שטראהלען צושלאָגען דעם נעבעל. עס הויבען אָן ארויסצושווימען ג ר י נ ע בערגלעך. עס גלויבט זיך ניט די אייגענע אויגען. עס מוז זיין א כשוף. און די גרינע בערגלעך ווערען אלץ מעהר און מעהר, ביז די גאנצע אומגעבונג ווערט גרין — אָט שטעקען ארוים פון ווייטען הייזער, גאסען זעהען זיך, א גאנצע שטאָדט!

מיר זיינען אין באר הארבאָר, אין די פעראייניגטע שטאאטען.

קיין שונא האָבען מיר ניט בעגעגענט, און דאָך האָט זיך עפעס געפיהלט ווי נאָך א מלחמה אויפ'ן ים.

אָנהויב אוגוסט, 1914.

# די מלחמה.

די מלחמה איז געקומען ווי אַ בליץ פון קלאָרען הימעל. קיינער האָט זי ניט ערוואַרטעט, קיינער האָט ניט געגלויבט, אַז זי וועט אַזוי גיך אויסברעכען. ערשט נאָך דעם, ווי די מחנות סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען מאַרשירען צו די גרעניצען, ערשט נאָך דעם ווי די האַרמאַטען האָבען אויפגעעפּענט זייערע מיילער און אָנגעהויבען שפּייען פייער, ערשט נאָך דעם ווי די קריעגס־שיפען פון די פיינדליכע מדינות האָבען אָנגעהויבען בעגריסען איינע די אַנדערע אויף אַן אַש להבה'דיגען אופן — ערשט נאָך אַלעם דעם האָבען זיך געמעלדעט די חכמים און אָנגעהויבען זאָגען נביאות פון דעם שטורם נאָך דעם שטורם. אָט די נביאים ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער געוועהנליכער לעזער, דער דורכשניטס־לעזער איז אַפילו אין פריערליכע צייטען פּערטהאָן אין זיינע עסקים און זיין זכרון איז מטופל מיט טויזענד ענינים, און ער קען ניט געדענקען, וואָס דער איינצעלנער שרייבער האָט געזאָגט מיט אַ וואָך אָדער גאָר מיט חדשים צוריק. בפרט נאָך, ווען עס ברעכט אויס אַזאַ וועלט־מלחמה, ווען עס צופּלאַקערען זיך די גרעסטע מדינות, ווען די גאַנצע וועלט ווערט צוטהיילט אויף צוויי גרויסע מחנות פון ביטערע שונאים — דאַן שטעהט דער גרויסער עולם ווי מטושטש, ער פערליערט דעם שליסעל פון די פערפּלאָנטערטע געשעהעניסען. און ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג גיט ער זיך איבער צו די זשורנאַליסטען אין די הענד, וועלכע ציהען אויף זיך אַרויף אַ נביאות־פּנים און הויבען אָן צו בעווייזען, אַז אַלץ איז אייגענטליך פּשוט, אַז דאָס וואָס איז געשעהן איז גאָר ניט פּאָרגעקומען פּלוצלונג, עס איז אדרבא מחויב געווען צו קומען, וואָרום והאָ ראיה זיי אַליין האָבען דאָס פּאָראויסגעזעהן נאָך מיט אַזויפיעל און אַזויפיעל חדשים אָדער גאָר יאָהרען צוריק. היינט געה און קאָנטראָליר זיי!

דער אמת איז אָבער, אַז קיין מלחמה אין דער וועלט איז ניט געקומען אַזוי אונערוואַרטעט, אַזוי פּלוצלונג ווי די לעצטע מלחמה. מיט איין האַנד האָט מען געשריבען אולטימאַטומס, דאָס הייסט לעצטע אזהרות, און מיט דער אַנדער האַנד האָט מען שוין געזאַמעלט דעם חיל. כדי צו יוצא זיין פאַר דער וועלט, האָט מען נאָך אַריינ־געבראַקט אַ פּאָר ווערטער וועגען ערהאַלטען דעם שלום, און בשעת די ווערטער זיינען געזאָגט געוואָרען פון די קיסרים־טהראָנען, האָט מען שוין געגרייט פאַר די מחנות צידה לדרך: בגדים, ברויט און גוט אָבגעשלייפטע שווערדען און שפּיזען. מען האָט זיך געאיילט, גלייך ווי הינטער די טהראָנען איז געשטאַנען דער מלאך המות אליין און האָט מיט זיין האַרטער ביינערנער האַנד געשטופּט און גע־צוואונגען און ניט געגעבען קיין צייט פאַר איבערלעגעניש, פאַר ישוב הדעת. דער קעסעל, וואו עס האָט זיך געקאָכט צעהנדליגער יאָהרען די פעלקער־שנאה, האָט מיט איין מאָל דערגרייכט דעם זיד־פּונקט און איז אַריבערגעלאָפען איבער׳ן ברעג. ניין, דער קע־סעל האָט געפּלאַצט און דאָס זידענדע גיפט האָט זיך צושפּרייט אין אַלע ווינד־ריכטונגען. די וועלט האָט זיך פער׳סמ׳ט, די וועלט איז אַראָב פון זינען. עס האָט זיך דערוועקט אין דעם מענשען די גרויסע חיה, די ווילדע בריאה מיט פיעלע הערנער, וואָס קען ניט זעטיגען דעם הונגער אָהן מענשען־פלייש און קען ניט שטילען דעם דורשט אָהן מענשען־בלוט.

אַריינלאָזען זיך אין הקירות: ווער איז גערעכט, ווער איז אונ־גערעכט? נאַרישקייטען. וואו האַרמאַטען רעדען, הערען אויף דין תורה־טענות; וואו עס קלינגען די שווערדען, פערשטומט דער יושר. אַ שפּריכוואָרט זאָגט: מען משפּט ניט דעם, וואָס האָט דעם נצחון. כל זמן די מענשהייט וועט ניט ווערען איידעלער, כל זמן די מענש־הייט וועט צוגעבען, אַז מלחמות קענען געפיהרט ווערען, כל זמן די עקזיסטענץ פון די שוואַכערע נאַציאָנען וועט ניט זיין געזיכערט דורך די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצען, אַזוי ווי עס איז געזיכערט די עקזיסטענץ פון די שוואַכע פּערזאָנען אין די פערשיעדענע מדינות— ביז דאַן איז דאָס מעהר ניט ווי צביעות און חוצפּה צו רעדען פון יושר און גערעכטיגקייט. און כל זמן אַלע גרויסע מלוכות וועלען

ארויסנעהמען דאָס בעסטע פונ'ם פאָלק, די יוגענד, און מען וועט
זי לערנען מלחמה האַלטען און איין מלוכה וועט וועלען איבער־
שטייגען די אַנדערע אין בעסער שיסען און אין בעסער טרעפען ;
כל זמן די יוגענד וועט מוזען מקריב זיין די בעסטע יאָהרען ניט
צו שלייפען דעם מח, נאָר צו שלייפען דעם שווערד ; כל זמן די
מלוכות וועלען האָדעווען אויפ'ן חשבון פון אַרבייטענדען פאָלק הונ־
דערט־טויזענדע פון יחסנים־אָפיצירען — איז דאָס מעהר ניט ווי
אַ געלעכטער, ווען מען רעדט בשעת מלחמה וועגען יושר און רחמנות.
דער וואולקאַן הויבט אָן צו שפּייען פייער אויף איין מאָל. אָבער
די בעהאַלטענע כחות, וואָס צווינגען דעם באַרג ארויסצושפּייען
דאָס פייער, אַרבייטען אין איהם גופא אונטער־ערדיש צעהנדליגע,
הונדערטע פון יאָהרען. די מלחמה איז אויך מעהר ניט ווי אַ סך־
הכל פון דעם מיליטערישען גייסט, וועלכער בעהערשט די פעלקער,
וועלכער נעהט אַריין ווי איינער פון די וויכטיגסטע ערציהונגס־
פונקטען אין דעם פּראָגראַם פון לעבען.

מען נעהמט די יוגענד, דעם זאַפט פון דער נאַציאָן און מען
פיהרט זי אַרויס אויפ'ן שלאַכטפעלד אונטער די קלאַנגען פון גוט־
איינגעשטודירטער מוזיק און מען דערצעהלט דערנאָך מעשיות פון
בעגייסטערונג און התלהבות. די יוגענד איז געגאַנגען טאַנצענדיג,
מיט חשק און התפּעלות און ליעדער אויפ'ן צונג. צבוע'קעס !
וואָס זאָל די יוגענד אַנדערש טהאָן, ווען זי האָט נאָר איין ברירה,
אָדער הרג'ענען אָדער גע'הרג'עט צו ווערען. דער העכט האָט ליעב
— אזוי רעדט מען — געקאָכט צו ווערען אין פעפער און זאַליך־
וואַסער, און די פלאָנדער האָט ליעב דוקא געבראָטען צו ווערען אין
פּוטער. צבוע'קעס ! אי דער העכט אי די פלאָנדער האָבען גאָר
ליעב אַרומצושווימען פריי אין טייך. אָט זעהט איהר, די האַר־
מאַטען קענען באמת ניט שטעהן איבּיג אָהן אַ שטאָך נוצען. אָט
זעהט איהר, די אָפיצירען מוזען באמת לכל הפּחות איין מאָל אין
לעבען צייגען, וואָס זיי קאָנען.

די נביאים האָבען דאָס פּראָבלעם פון מלחמה טיעפער פער־
שטאַנען, און ווען זיי האָבען גע'חלומ'ט פון דער גאָלדענער צייט,
האָבען זיי געזאָגט : „זיי וועלען צוברעכען זייערע שווערדען אויף

גראָב־אייזענס און זייערע שפּיזען אויף תבואה שניידמעסער. איין פאָלק וועט ניט אויפהויבען געגען ס׳אַנדערע פאָלק אַ שווערד און זיי וועלען מעהר ניט לערנען מלחמה". כדי ניט מלחמה צו האַלטען, דאַרף מען אויפהערען צו ל ע ר נ ע ן מ ל ח מ ה. מען מוז אומבייטען דאָס גאַנצע סיסטעם. כל זמן מען איז זיך מכין דורות־לאַנג און מען ל ע ר ע נ ט מלחמה, איז די מלחמה אונפערמיידליך, ניט היינט, איז מאָרגען, ניט מאָרגען, איז איבערמאָרגען.

די יבשה און די ימים זיינען צו קנאַפּ פאַר די מאָדערנע ציוויליזירטע נאַציאָנען. אויף דער יבשה און אויפ׳ן ים קאָן מען ארומנעהמען דעם שונא נאָר פון פיער זייטען, זיי פעהלט נאָך דער „הוא ישופך ראש ואתה תשופנו עקב". עס ווילט זיך טרעפען דעם שונא אָט טאַקע פון אויבען אין רעכטען מיטען קאָפּ און אויך פון אונטען אין רעכטען מיטען פוס־זאָלע. האָט גאָט אריינגעגעבען דעם מענשען אַ שכל, און דער שכל׳דיגער מענש האָט געשאַפען אַן אונטערוואַסער־שיף און אַ לופט־שיף. געהט קינדערלעך, איצט קאָנט איהר טרעפען איינער דעם אַנדערען פון אַלע פיער זייטען און פון אויבען און פון אונטען אויך.

מיט יאָהרען צוריק איז איינגעפאַלען איינעם פון די הערשער, וועלכער לעבט נאָר פון דעם, וואָס ער אונטערדריקט אַלעמען און אַלץ ביי זיך אין דער גרויסער מדינה, איבערצוקייען דעם אַלטען געדאַנקען פון שלום. מען האָט איהם כמעט געוואָלט אָנטהאָן אַ קרוין פון אַ מלאך, און אין איינע פון די פריעדליכסטע שטעדט פון דער גרינער פריעדליכער מדינה האָלאַנד זיינען טאַקע באַלד צונויפגעקומען אויף דעם יום־טוב פון שלום די מלאָכים פון שלום פון אַלע מדינות און מען האָט דאָרט גוט ארומגעשמועסט דעם ענין פון אַלע זעקס זייטען. מיט דער צייט האָט זיך געפונען אַ רייכער אַמעריקאַנער און האָט אויפ׳ן אייגענעם חשבון אויסגעבויט אַ טעמפּעל פאַר דער קעניגין פון שלום. עס פּאַסט זיך דאָך ניט פאַר אַזאַ איידעלער מלכה צו וואַלגערען זיך אין שכנות. די חנוכת הבית האָט מען אָבגעהאַלטען מיט פּאָמפּ און מיט גלענצענדע רעדען און מיט אַרבע כוסות...

די גרינע פריעדליכע מדינה האָלאַנד ציטערט נעבעך איצט

אַליין ווי אַ בלאַט; זי האָט נעבעך מורא, מען זאָל זי ניט מאַכען אוים נייטראַל, זי זאָל ניט האָבען דעם פּסק וואָס האָבען געהאַט איהרע שוועסטער לוקסעמבורג און בעלגיען. די פריעדענס־מלכה, זאָגט מען, האָט זיך אויך דערשראָקען און איז פערקראָכען אין קעלער.

אַ רחמנות אויף איהר! אפשר וועט קאַרנעגיע זיך אויף איהר מרחם זיין און נעהמען זי צוריק אהיים. איצט ווען מען שיקט שיפען מיט גאָלד צו ברענגען צוריק אהיים אַלע אַמעריקאַנער, וואָלט געווען אַ מורא׳דיגע עולה איבערצולאָזען די פריעדענס־געטין אין רעכטען אייראָפּעאישען טומעל.

סאַי ווי סאַי זיינען די שיפען פול געפּאַקט און מיליאָנערען ריכטען אָב גלות אין צווישען־דעק. וועט זיין מיט איין פּאַסאַזשיר מעהר!

20 אוגוסט, 1915.

# דער אידישער חורבן.

נאָך יעדער מלחמה קומען די בעלי חשבון און רעכענען אויס,
וויפיעל די מלחמה האָטביידע צדדים געקאָסט. קיין מאָל אָבער
שטימט ניט די רעכנונג, ווייל מען נעהמט אריין אין חשבון נאָר
די הוצאות, וועלכע האָבען צו טהאָן מיט דער מלחמה אונמיטעל־
באר, ד. ה. מען רעכענט אויס די אויסגאבען, אום צו מאָביליזירען
דעם חיל, וויפיעל די ארמעע האָט אויפגעגעסען אין דעם משך פון
דער מלחמה און וויפיעל מאטעריעלען שאדען האָט דער שונא אָנ־
געטהאָן: אין צושטערען פעסטונגען, אייזענבאהנען, אין חרוב
מאכען שטעדט, אין זינקען שיפען, פערכאַפּען כלי זיין און עהנלי־
כעס. מען פערגעסט אָבער דערביי, אז דאָס אלץ איז מעהר ניט
ווי דער נדן, עס פעהלט נאָך אָבער, כדי דער חשבון זאָל זיין א
ריכטיגער, דער רח"ש וכל"ז, דאָס הייסט, וואָס די רבנים, חזנים,
שמשים און די כלי־זמר קאָסטען אָב ביי א חתונה. און אזוי ווי
עס טרעפט זיך גאנץ אָפט אז דער רח"ש וכל"ז ביי א שידוך קאָסט
אָב מעהר ווי דער נדן, אזוי קומט פאָר, אז די זייטיגע הוצאות
פון א מלחמה שטייגען אריבער די קאָסטען פון דער מלחמה גופא.
אויף פשוט אידיש הייסט דאָס, מען בערעכענט די סחורה און מען
פערגעסט דאָס שניידער־געלד.

מיר רעדען דאָ ניט פון דעם גרעסטען היזק, וועלכען א מלחמה
פעראורזאכט און וועלכער בעשטעהט דארין, וואָס די נאציאָן פער־
ליערט א גרעסערען אָדער קלענערען חלק פון איהרע בעסטע יונגענד־
ליכע קרעפטען, וואָס זעהר אָפט מוז די נאציאָן ווארטען א היבש
ביסעל יאָהרען, ביז זי קאָן ווידער כאפּען אָטהעם און קומען צו
זיך. דעם חשבון האָט נאָך קיינער ניט געמאכט, און מען קאָן
איהם אויך ניט מאכען. עס איז שווער צו איבערזעצען יונגע לע־
בענס אין די שפּראך פון געלד, יונגע לעבענס קאָן מען ניט אָב־

שאַצען. איך רעכען, אַז אין דעם פּונקט געהט עס צו ווי ביים קאָרטען־שפּיעל. עס קומט איינעם פאָר, אַז ער געווינט. אין סך הכל אָבער ווייס מען, אַז פון קאָרטען געווינט קיינער ניט — אַלע פערלירען. אָט טאַקע דאָס שניידער־געלד פרעסט אויף סוף כל סוף אַלעם. דערין שטעקט דאָס טראַגישע פון יעדער מלחמה, וואָס אפילו דער געווין איז אויך ניט קיין אבסאָלוטער. ער ווערט בעטראַכט ווי אַ געווין אין פערגלייך צו דעם אַנדערן צד, וואָס האָט נאָך מעהר פערלאָרען.

נאָר פון ד ע ם פּונקט, וועלכער איז זעהר וויכטיג, פּיעלייכט דער וויכטיגסטער, רעדען מיר דאָ ניט, ווען מיר זאָגען, אַז געוועהנליך שטימט ניט די רעכנונג, ווען מען חשבון׳ט אויס מלחמה־הוצאות. מיר ווילען זיך אָבשטעלען אויף אָן אַנדער פּונקט, אויף אַ ריין מאַטעריעלען פּונקט, וועלכען מען לאָזט געוועהנליך אויס ביי דעם חשבון, ווייל ער איז פערמאַסקירט, איז ניט בולט גענוג.

דער פּונקט איז: די מ נ י ע ת ה ר י ו ח. דאָס איז זיין אַלטער נאָמען אין דער העברעאישער שפּראַך, אַ פיינער טעכנישער אויסדרוק, וועלכער האָט בעקומען בירגער־רעכט אין דער סוחר׳ישער שפּראַך און קאָן אָבער ניט איבערזעצט ווערען קורץ אין די אַנדערע שפּראַכען. מען מוז איהם סיידען ערקלעהרען. „מניעת הריוח" איז ניט דער היזק, וואָס ענטשטעהט פון פערקויפען אַ בעשטימטע סחורה מיט פערלוסט, נאָר דער היזק, וואָס ווערט פעראורזאַכט דורך דעם וואָס מען בעטרייבט ניט דאָס געשעפט מיט דער נויטיגער ענערגיע, אָדער דורך אַ שטילשטאַנד וואָס טרעט איין אין געשעפט. די סחורה איז דאָ, מען האָט אָן איהר ניט פערלאָרען, מען האָט אָבער פערזוימט די צייט אין וועלכע די סחורה מוז אומגעזעצט ווערען. דערין ליעגט די טיעפע כונה פון דעם ענגלישען אויסדרוק: צייט איז געלד. צייט איז צייט, און ניט געלד, אָבער פערלאָרענע צייט איז פערלאָרען געלד.

דעריבער קומט טאַקע די מלוכה, וועלכע געווינט די מלחמה, און צווינגט דעם צד, וואָס האָט זי פערלאָרען, אויב זי האָט נאָר כח דערצו, און פאָדערט מען זאָל איהר אומקעהרען ניט נאָר די דירעקטע הוצאות פון דער מלחמה נאָר אויך פאַר „מניעת הריוח". דייטש־

לאנד האָט, צום ביישפּיעל, בעקומען אין יאָהר 1870 פון פראנקרייך 5 מיליארדען. די עצם מלחמה האָט דייטשלאנד אפילו די העלפט פון דער סומע ניט געקאָסט. אָט אזוי איז מען זיך נוהג, זינט מלחמות עקזיסטירען, און אזוי וועט מען זיך נוהג זיין, כל זמן זיי וועלען נאָך עקזיסטירען.

די מלוכה, וועלכע בעקומט די קאָנטריבוציע, ווען זי איז נאָר עהרליך און זוכט ניט דעם נוצען נאָר פון א בעשטימטער, מיוחס'דיגער קלאסע, וועלכער מען מוז נאָכגעבען אויף דעם חשבון פון אנדערע קלאסען, איז מחויב זיך צו בעמיהען, אז די וואָס האָבען פערלאָרען זייער פערמעגען צוליעב דער מלחמה, זאָלען בעקומען צוריק פון זייער פערלוסט א קליינעם חלק לכל הפחות. די מלוכה זוכט אריינצושפּרינגען דאָרט, וואו דער שאדען איז געווען אם גרעסטען, דורך הלואות, פערשיעדענע ערלייכטערונגען אין מלוכה־אָבגאבען און זעהר אָפט דורך דירעקטע אונטערשטיצונגען פון פער־שיעדענע אינדוסטריע־צווייגען.

איז דאָס גערעדט, ווען די מלוכה, וואָס פיהרט דעם קריעג, בעשטעהט פון איין בעשטימטער נאציאָן. ווען זי בעשטעהט אָבער פון איינינגע נאציאָנען, מוזען די אונטערגעאָרדנעטע נאציאָנען ליידען אפילו אין דעם פאל, ווען די מלוכה, פאר וועלכע זיי האָבען גע־קעמפּפט, איז מנצח. די ה ע ר ש ע נ ד ע נאציאָן איז שטענדיג בילכער. ניט נאָר דעם גרעסטען חלק נעהמט זי צו פאר זיך, זי נעהמט צו דאָס גאנצע. דער פריעדען ווערט דאָך געשלאָסען נאָר מיט דער פרעמדער מלוכה, מיט די אייגענע נאציאָנען ווערט שטענ־דיג מלחמה געפיהרט, און בפרט נאָך מיט די אונטערדריקטע נא־ציאָנען.

און דאָ קומען מיר צום פּונקט, וועלכער אינטערעסירט אונז הויפּטזעכליך אין דער שרעקליכער מלחמה, וואָס האָט ארומגעכאפּט גאנץ אייראָפּא כמעט.

מיר לאָזען דערווייל ארויס פון אונזער חשבון די עסטרייכיש־גאליציאַנישע אידען און אויך די דייטשע אידען, און מיר שטעלען זיך אָב אויף די רוסישע אידען, און ווילען מאכען א חשבון וועגען דעם

מ א ט ע ר י ע ל ע ן שאָדען, וואָס די מלחמה האָט שוין און וועט זיי נאָך פעראורזאכען.

די רוסישע אידען אליין שטעלען אוים אין מלחמה־צייט אן ערך פון א פיערטעל מיליאן סאָלדאטען. דאס איז שוין אן ארמעע, וועלכע קען ניט בעטראכט ווערען נאָר ווי א קליינער צוגאָב. דאָס איז א זעלבסטשטענדיגע ארמעע, וואס מוז האָבען אן אייגענעם קאָנטאָ. עס מאכט ניט אוים, וואָס די 250.000 סאָלדאטען האָבען נישט כמעט קיין איינציגען אייגענעם אונטער־אָפיציר אפילו, עס מאכט ניט אוים, וואָס זיי זיינען פערטהיילט אונטער די פערשיעדענע רוסישע קאָרפוסען. 250,000 סאָלדאטען, וואָס געהערען צ ו א י י ן ש ט א ם, מוזען בעטראכט ווערען ווי א נאַציאָנאלע ארמעע. ווייטער מוזען מיר אין בעטראכט נעהמען, אז די אידען אין רוסלאנד נעהמען איין אי בירגערליך, אי פּאָליטיש, אי סאָציאל א בעזונדערע שטעלונג, א שטעלונג פון אן אונטערדריקטער און אן אונטעריאָכטער נ א צ י אָ ן. די רעגיערונג אליין פיהרט וועגען זיי בעזונדערע ביכער. עס געהט אזוי ווייט, אז די רעגיערונג בעלאסטעט די אידען מיט בעזונדערע אָבגאבען, פון וועלכע עס ווערען בעצאָהלט די טויזענדע בעאמטע, וואָס גיבען אכט, אז די גזרות אויף די אידען זאלען שטרענג דורכגעפיהרט ווערען. אין קיעוו, למשל, ווערען בעצאָהלט די בעאמטע, וואס מאכען די „נאכט־אָבלאוועס“ אויף די אידען, פון דער אידישער „פלייש־קאראָבקע“. דאָס גיט אונז דאָס רעכט, אז מיר זאלען די רוסישע אידען אין דער איצטיגער מלחמה בעטראכטען ווי א בעזונדערע איינהייט און פיהרען אן אייגענעם חשבון.

די מלחמה צווישען דייטשלאנד, עסטרייך און רוסלאנד ווערט געפיהרט הויפּטזעכליך אויף דעם פּויליש־אידישען באָדען. די שטעדט און די שטעדטלאך, וועלכע ווערען איצט צושטערט, זיינען שטעדט און שטעדטלעך פון דער „טשערטא“. די אידען ליידען אממייסטען.

דאָס איז איינס. איצט קומט אבער די „מניעת הריוח“, און איך גלויב, אז דאָס איז דער וויכטיגסטער פּונקט, וועלכער פעראורזאכט פשוט א חורבן אונטער די רוסישע אידען.

מעהר פון אלעם ליידעט אין א מלחמה דער אויסלענדישער
האנדעל, און גראד אין דעם אויסלענדישען האנדעל זיינען פער־
אינטערעסירט די רוסישע אידען אפשר אין אכט צעהנטעל. נאך
דא ניט לאנג, נאך אפילו אין דער רעגיערונג פון אלכסנדר דעם
דריטען, האבען די אידען געשפיעלט א זעהר בעדייטענדע ראליע
אויך אין אינערען האנדעל. דערהויפט זיינען זיי געווען די פער־
מיטלער צווישען די צענטראלע פראווינצען און די מערב־פראווינ־
צען. דורך זיי זיינען געשאפען געווארען נייע צענטרען אין פוילען,
דערהויפט נאך דעם שרעקליכען גירוש מאסקווא אין 1892. די
רוסישע רעגיערונג האט זיך דערשראקען פאר דעם „כן ירבה“ און
האט אנגעהויבען דורכצופיהרען א סיסטעם פון „הבה נתחכמה“.
מען האט געקענט בעאבאכטען ווי די רעגיערונג בעמיהט זיך
ארויסצושטופען די אידען פון אינערן האנדעל און איבערלאזען זיי
נאר די קליין־קרעמעריי. אין אויסלענדישען האנדעל האט די רו־
סישע רעגיערונג די אידען דערווייל נאך ניט געקענט בייקומען. די
רוסישע סוחרים זיינען צו ווענינ בעוועגליך, צו קאנסערוואטיוו, צו
ב ע ר י ש און אויך צו אונגעבילדעט, אום צו פערשטעהן אינטער־
נאציאנאלע בעציהונגען.

איך נעהם, צום ביישפיעל, איין שטאדט, און דוקא ניט קיין
רוסישע, זי האט אבער א שייכות צו אונזער טהעמא.

לייפציג האט אין די לעצטע יאהרען אויפגעבליהט כמעט
ריין־אמעריקאניש. אים רויכווארען־האנדעל האט זי איינגענומען
דעם ערשטען פלאץ. די פערמיטלער פון דיעזען האנדעל זיינען
געווען אויסשליסליך רוסישע אידען. אזוי איז אויך געווען אין
האלץ־האנדעל, אין געטריידע־האנדעל, אין שפירימוס־האנדעל און
אין נאך מעהר האנדעלס־צווייגען.

אט דיעזער גאנצער האנדעל איז איצט אבגעבראכען. עס גע־
העז ארום טויזענדער און טויזענדער מענשען אין די געשעפטס־
גאסען, וואס זיינען געווען פערבונדען מיט דעם אויסלאנד און זא־
גען קינות, זיי לייענען מיט טרעהרען „איכה ישבה בדד“.

מיר גלויבען ניט, אז מיר זאלען בעקומען ריכטיגע ציפערען
אט וועגען די מניעת הריוח, פון וועלכע די רוסישע אידען וועלען

לײדען מעהר ווי אלע, אפילו נאָך דער מלחמה, נאָר מיט זיכער־
הײט קאָנען מיר זאָגען, אז דאָ האנדעלט זיך װעגען 9 גלידריגע און
אפשר װעגען 10 גלידריגע ציפערן, גערעכענט אין פראנקען.

אָט אזוי צאָהלט א פאָלק אין גלות. עס צאָהלט אין נפשות,
עס צאָהלט אין פערמעגען, און דאָס טרויעריגסטע דערבײ איז, אז
די גרויסע װעלט פיהרט א קאָנטאָ נאָר מיט מלוכות און קימערט
זיך גאָר ניט אום די אונטערדריקטע נאציאָנען, װעלכע װערען
דערשלונגען פון דער גרעסערער הערשענדער נאציאָן, װאָס האָט
אין איהרע הענד די גאנצע מלוכה־מאשינע, און װאָס זי אלײן
שפּיעלט א ראָליע אין דער װעלט־פּאליטיק. דאָס אידישע פער־
מעגען װערט ניט בעטראכט װי א נאציאָנאלעס פּערמעגען, קײנער
קימערט זיך ניט אום זײן סך־הכל. דאס אידישע געלד איז מעהר
ניט װי געלד פון אײנצעלנע אונטערטהאנען. דאָס איז א רעזולטאט
פון דער אוננאטירליכער לאגע, װאס די רוסישע אידען נעהמען
אײן. זײ זײנען א נאציאָן נאָר װען עס האנדעלט זיך װעגען נײע
גזרות און רדיפות, און דענסטמאל הײסט עס אויך אן אינערע רו־
סישע אנגעלעגענהײט, אין װעלכער קײן פרעמדע מאכט טאָר זיך
ניט ארײנמישען, װארום אזוי פּסק'ענט דער אינטערנאציאָנאלער
דין.

די קאטאסטראָפע איז דאָ, דער חורבן איז געקומען, און קײ־
נער קאָן איהם ניט װיעדער גוט מאכען. די אידישע װעלט איז ניט
אָרגאניזירט װי א נאציאָנאלע קערפּערשאפט, אים בעסטען פאל
אָרגאניזירט זי זיך פון פאל צו פאל װי א פילאנטראָפּישע גרופּע.
די פילאנטראָפּיע איז אָבער שטענדיג אן אָנזעצערין, זי צאָהלט
העכסטענס נאָר אײניגע פּראָצענט פון היזק, װײל איהר גאנצער
פונדאמענט איז מעהר ניט װי א חיי שעה.

5טער סעפּטעמבער, 1914.

# פרייע און געצוואונגענע סימפּאַטיע.

אין פריעדליכע צייטען הערט מען כמעט קיין מאָל ניט, אַז די גרויסע וועלט זאָל זיך עפּעס קימערען וועגען די מיינונג פון דער אידישער גאַס. און אַפילו ווען עס ברעכט אויס אַ קאַטאַ־סטראָפע אין דער אידישער גאַס, שפּיעלט דער אידישער פּראָטעסט, די אידישע ענטריסטונג גאָר אַ קנאַפּע ראָלע. מען האַלט די אידישע קאַטאַסטראָפע, ווייל זי קומט דאָך פאָר אין אַ בעשטימ־טער מדינה, פאַר אַן אינערע אַנגעלעגענהייט פון דער מדינה, וואו זי האָט פּאַסירט, און דער פרעמדער דאַרף זיך ניט מישען. מעהר ניט, ווען די קאַטאַסטראָפע איז „הימעל־שרייענד“, ווען זי איז שוין בולט אונמענשליך, ווען עס פליסט אונשולדיג בלוט און דאָס גלייכען — דענסטמאָל רופט זיך אָב אַ גרויסע וועלט און זאָגט וועגען דעם אַ פּאָר מעהר אָדער וועניגער שאַרפע ווערטער.

דאָס בילד בייט זיך אָבער, ווען די קאַטאַסטראָפע ברעכט אויס איבער די הערשענדע פעלקער, איבער די אמת׳ע בעלי־בתים פון דער געשיכטע, אָדער איבער די, וואָס האַלטען זיך פאַר די איינציגע בעלי־בתים, גלייך ווי די גאַנצע וועלט וואָלט בעשאַפען געוואָרען מיט דעם איינציגען צוועק, זיי צו בעדיענען. אין אַזאַ מאָמענט שטייגערט זיך מיט אַמאָל דאָס אינטערעס מיט דער עפענטליכער מיינונג, מען הויבט זי אָן צו זאַמלען, צו קאָנצענ־טרירען, מען זוכט זי צו געווינען מיט אַלע מיטלען, און דענסטמאָל דערמאָנט מען זיך אויך, אַז עס עקזיסטירען דאָ אויף דער וועלט פיעל, פיעל מיליאָנען אידען. די אידען זיינען, אמת, כמעט אומעדום די אונטערגעאָרדענטע אין דער געזעלשאַפט; מען האַלט זיי אָבער פאַר גרויסע בריות צו שאַפען שטימונגען. ערשטענס איז „והקול קול יעקב“, זיי קענען מסביר זיין אַן ענין, און, צוויי־טענס, פערשטעהען זיי אָפטמאָל אַ זאַך צו בעשרייבען. צוויי

גרויסע מעלות, וואָס קענען זעהר גוט נוצען בשעת עס שפּרינגען אַרויס גרויסע וועלט־סכסוכים. אַ מלחמה איז טאַקע אַ מלחמה, און די הויפּט־ראָלע אין אַ מלחמה שפּיעלען די „הידים ידי עשו", דאָך איז עס גאַנץ גוט, ווען מען קאָן נאָך צולעגען צו עשו'ס ברכה די ברכה פון יעקב'ען. אין צווייען איז שטאַרקער.

און מ'זוכט אַריבערצושלעפּען אויף דער אייגענער זייט די עפענטליכע מיינונג, ניט נאָר ווייל מען יאָגט זיך צו שפּיעלען די ראָליע פון דעם פיינעם מאַן. עס ליעגט דערינען אַ סך אַ טיעפערע כונה. די סאָלדאַטען אויף דעם שלאַכט־פעלד פיהרען נאָר אויס די מלחמה; געפיהרט ווערט די מלחמה פון די נאַציאָנען. כדי צו קאָנען ווענדען זיך צום אייגענעם פאָלק, כדי צו פאָדערען פון איהם אונמענשליכע קרבנות, מוז די רעגיערונג שאַפען אַ שטימונג פון אָפּפערוויליגקייט צווישען דער בעפעלקערונג. עס איז אַ גליק פאַר דעם, וואָס פיהרט די מלחמה, ווען די בעפעלקערונג ווערט אויפגעמונטערט צו די קרבנות דורך די סימפּאַטיען פון דער גרויסער וועלטליכער עפענטליכער מיינונג. די רעגיערונג בעקומט אויף אַזאַ אופן אַ גרויסע שטיצע פון דער זייט, און די בעפעלקערונג בעקומט אַ רציחה־געפיהל געגען דעם שונא. די רציחה איז גאָר ניט אָבצושאַצען, זי שאַפט אין מלחמה וואונדער. דאָס רציחה־געפיהל צום שונא פערוואַנדעלט זיך אין בעגייסטערונג פאַר דער אַרמעע, און די אַרמעע אַליין, ווי אַ חלק פון פאָלק, איז אין אַזאַ צושטאַנד מסוגל צו העלדישע אַקטען.

זעהר אינטערעסאַנט איז געווען בשעת דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה. די רוסישע רעגיערונג האָט זיך געמאַטערט מיט אַלע כחות אַריינצוגעבען רציחה אין איהר אייגענער בעפעלקערונג, און עס האָט איהר ניט געהאָלפען. דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך אונטערגעגעבען דער רעגיערונג, עס האָט זיך געמוזט אונטערגעבען, אָבער די אַרמעען זיינען טאַקע געגאַנגען אין מלחמה ווי אונטערגעגעבענע, און איידער די סאָלדאַטען האָבען געטהאָן דעם ערשטען שאָס, האָבען זיך די מעהר אויפגעקלעהרטע צווישען זיי געפיהלט ווי געצוואונגענע, ווי אנוסים. איידער טויזענדע און צעהן־טויזענדע פון זיי זיינען אַריינגעפאַלען אַלס געפאַנגענע צו די יאַפּאַ־

נער, האָבען זיי זיך געפיהלט געפאנגענע ביי זייער איינענער רע־
גיערונג. דערין ליעגט צום טהייל די ערקלעהרונג פון די גרויסע
מפּלות, וואָס זיינען אָנגעקומען אויף רוסלאנד׳ס חלק אין יענער
מלחמה. די רוסען האָבען געהאט נאָר ביקסען און מוסקעל־קראפט,
די יאפּאנער האָבען אָבער דערצו נאָך געהאט רציחה. צו די
יאפּאנער איז געגאנגען א שטראָם פון סימפּאטיע פון דער גאנצער
וועלט, אפילו פון רוסלאנד. איך רייד פון די עכטע שטאָק־רוסען.

און וואָס זעהען מיר איצט. דייטשלאנד, די מדינה, וואָס
האָט אזוי הויך אין די לעצטע יאָהרען פעררוסען דעם קאָפּ און
אָפען ערקלעהרט דער גאנצער וועלט, אז „דייטשלאנד האָט מורא
נאָר פאר גאָט און ווייטער פאר קיינעם ניט“, — אָט די מדינה
שפּרינגט איצט פּשוט פון הויט, כדי צו געווינען כאָטש א חלק
פון דער עפענטליכער מיינונג פאר זיך. ניט נאָר מלחמה אויף
די שלאכט־פעלדער פיהרט איצט דייטשלאנד געגען אלע איהרע
קאָנקורענטען אין מערב און אין מזרח, עס מוז נאָך מלחמה האלטען
אויך מיט דער איבעריגער וועלט, א מלחמה דורך ערקלעהרונגען
אין די צייטונגען, א מלחמה געגען א גרויסע מחנה פון שריפט־
שטעלער, פּאָליטיקער, א מלחמה געגען פאָלקס־שטימונגען. און
אזוי ווי דייטשלאנד האָט ליעב צו טהאָן אלעס סאָליד און גרינדליך,
זיינען צו דער צווייטער מלחמה מאָביליזירט געוואָרען די בעסטע
געלעהרטע, שריפטשטעלערישע און שטאאטסמענערישע דייטשע
קרעפטען. דער גרויסער טהעאָלאָג הארנאק, דער געוועזענער
באנקמאָן און קאָלאָניאלער מיניסטער דערנבורג, דער פיינער
שריפטשטעלער ראטענוי און דער געניאלער געשעפטסמאן באלין
און נאָך אונצעהליגע האָבען זיך פעראייניגט און גיבען ארויס א
חבור, כדי דייטשלאנד זאָל אין דער מלחמה אריבערשלעפען א
ביסעל סימפּאטיע פאר זיך. דרויסען, ווייט, ווייט שטעהען די
ארמעען, צעהנדליג טויזענדע פאלען לינקס און רעכטס, און דאָ
זיצען די געלעהרטע, די שטאאטסמענער און די גרויסע געשעפטס־
לייט און מאכען חבורים. דייטשלאנד פערשטעהט, אז כדי דער
נצחון זאָל זיין א גאנצער, אָהן פּגימות, מוז מען זיעגען איןביידע
מלחמות, מען מוז איננעהמען ניט נאָר פּאריז, ווארשא, לאָדז,

מען מוז אויך איינגעהמען די עפענטליכע מיינונג. די עפענטליכע מיינונג איז אָבער די שטארקסטע פעסטונג און מיט קרופּ'ס הארמאטען קאָן מען זי ניט דורכלעכערען.

מיר געהען דאָ ניט אריין אין תוך, ווער איז גערעכט און ווער איז אונגערעכט אין דער איצטיגער מלחמה. מיר ווילען אויך ניט זאָגען, אז די שטימונג פון דער עפענטליכער מיינונג איז תמיד גערעכט. דאָס איז א בעזונדער פראגע, וועלכע מוז בעזונדער אונטערזוכט ווערען. מיר האָבען נאָר געוואָלט אָנווייזען, ווי ווייט פעלקער זיינען געצוואונגען, ווען זיי אליין געפינען זיך אין א סכנה, צו רעכענען זיך מיט דער עפענטליכער מיינונג. מען קאָן טהאָן צו להכעיס אין פריעדענס־צייטען. קומט א קאטאסטראָפע, ווערט מען וויכער, וואָרים מען ווערט נע'משפט און די געשיכטע קומט און מאָנט אלטע חובות.

מהאי טעמא איז אויך די רוסישע רעגיערונג מיט אמאָל וויכער געוואָרען. די אונשולדיגע רעגיערונג. זי האָט זיך געביך ערשט ארומגעזעהן, אז די אידישע סאָלדאטען זיינען מפקיר זייער לעבען אין מלחמה־צייט. עס האָט געדארפט קומען די גרויסע קאטאסטראָפע, כדי איהר זאָלען זיך עפענען די אויגען, צו זעהן, אז די זיעבען מיליאָנען אידען זיינען אויך מענשען... דערוויילע מאכט די רוסישע רעגיערונג נאָר הבטחות, און אויך די הבטחות שיקט זי אויף א דעק־אדרעסע: זי לאָזט זיי פערקינדיגען דורך אנאָנימע גרויסע מענער אין קאָפּענהאגען... אָבער פאר מלחמה־צייט איז דאָס כאראקטעריסטיש. אויך דער בער האָט זיך א קעהר געטהאָן, אויך ער הויבט זיך אָן צוצוהערען צו דער עפענטליכער מיינונג.

אָבער אזוי ווי די אידען זיינען צוזייט און צושפּרייט און זיי מוזען קעמפּפען ברודער געגען ברודער, איז עס זעהר שווער איינצוטיילען זייערע סימפּאטיען. עס איז נאָך שעהן און ערעל, וואָס דייטשלאנד איז ניט אין כעס אויף די רוסיש־אידישע סאָלדאטען און רוסלאנד אויף די דייטשע און עסטרייכישע אידישע סאָלדאטען. ענגלאנד אָבער האָט טאקע געוואָלט, אז אלע אידען, וואָס נעהמען ניט קיין אונמיטעלבארען חלק אין דער מלחמה, זאָלען סימפּאטי־

זירען דוקא מיט ענגלאנד, און נאר מיט ענגלאנד. די גרעסטע ענג־
לישע צייטונג, די „טיימס“, פאלט אן אויף די אמעריקאנער
אידען, און זאגאר אויף די טערקישע אידען און אפילו אויף די
גע'שמד'טע אוראייניקלעך פון שבתי־צבי, וועלכע רייצען די טירקיי
— אזוי בעהויפטעט די „טיימס“ — אנצושליסען זיך אן דייטש־
לאנד. איז עס גוט, ווען ענגלאנד האט זיך פערבונדען מיט רוסלאנד.
וואס וואלט גע'טענה'ט די „טיימס“, ווען ענגלאנד וואלט געגאנגען
מיט דייטשלאנד? אזא היכי תמצא איז דאך ניט אויסגעשלאסען.

קאמיש איז נאך דערביי, אז עס עקזיסטירט גאר ניט קיין
געשלאסענע אידישע עפענטליכע מיינונג אין דער איצטיגער מלחמה.
די אידישע מיינונג האט זיך צוברעקעלט, ווייל די אידישע נאציאן
איז צוברעקעלט. איהר האט רוסישע אידען, וואס שטעהען דוקא
פאר דייטשלאנד און דייטשע אידען — איך מיין אויסערהאלב פון
רוסלאנד און דייטשלאנד, — וואס שטעהען פאר ענגלאנד, און דאס
הייסט דאך פאר רוסלאנד. עס איז וועניג פאר די „טיימס“, וואס
לכל הפחות א פערטעל מיליאן רוסישע אידען, אן ארמעע גרעסער
ווי די ענגלישע ארמעע אין פראנקרייך, לעגט אוועק דאס לעבען
פאר די פערבונדענע דריי מלוכות. די „טיימס“ וויל האבען, אז אלע
אידען אין דער גאנצער וועלט זאלען שפרינגען, ווען אסקוויט מאכט
אין ענגלישען פארלאמענט א הויכע קדושה.

זיינען מיר אזוי געזונקען אין די אויגען פון די הערשענדע
נאציאנען, אז מיר טארען גאר ניט נאכגעהן נאך אונזער אייגענעם
געפיהל, נאך אונזערע אייגענע סימפאטיען? זיינען מיר דען הפקר,
און אונזערע סימפאטיען פערקויפטע? און צו וועמען האבען מיר
זיי פערקויפט, ווי קענען מיר זיי איינטהיילען, אז קיינער זאל אויף
אונז חלילה ניט ברוגז ווערען? דייטשלאנד און עסטרייך וועלען
דאך אויך קומען מיט טענות. דא אין אמעריקא האבען זיי דאך
אונטער די אידען א פיעל גרעסערען חלק ווי ענגלאנד.

די ארטיקלען אין „טיימס“ און אלע די טענות, וואס מען ציהט
אן אויף אונז אין דער איצטיגער מלחמה, דארפען קודם כל אונז
אליין עפענען די אויגען. און אויב מען האט געדארפט האבען
נאך א בעווייז ווי פערפלאנטערט דער גלות איז, ווי א גלות־פאלק

קען קיין מאָל ניט יוצא זיין, האָבען מיר דעם שאַרפסטען בעוויז בעקומען אין דער האַלטונג פון דער לאָנדאָנער „טיימס“.

און מיר זאָלען ניט מבטל זיין די בעדייטונג פון אַזוינע אַר־טיקלען. זיי טראָגען אריין גיפט אין דאָס פערהעלטניס פון די הערשענדע פעלקער צו דער גלות־נאַציאָן. מיר דאַרפען ניט פער־געסען, אַז מיט אונז געהט מען ניט צו דין־תורות, מען לאָזט אונז אַפילו ניט אויס׳טענה׳ן זיך, ווארים מען האַלט אונז פאַר הפקר און אונזערע סימפּאַטיען פאַר פערקויפטע. ווען מען וויל ביי אַנדערע געווינען סימפּאַטיע, בעט מען. אונז אָבער זאָגט מען, אַז מיר זיינען מחויב צו סימפּאַטיזירען אַזוי און אַזוי. צו די אַנדערע קומט מען ווי גלייכע צו גלייכע, מען בעט זאָגאר אָפטמאָל אַ הלואה אין סימפּאַטיען, אויף אונז שטעלט מען אויס אַ וועקסעל. מיר האָבען פון קיינעם גאָר ניט געבאָרגט און אַלע האַלטען, אַז מיר זיינען זיי שולדיג.

11 סעפּטעמבער, 1914.

# הבטחות אין קריטישען מאָמענט.

מיר גיבען צו, אז די איצטיגע מלחמה מוז מאכען אַן איבער־קעהרעניש ניט בלויז אין דער לאַנדקאַרטע פון איירָאפּא, און אפשר אויך פון אזיע, נאָר אויך אין דער אינוועניגסטער פּאָליטיק פון די רעגיערונגען. אזא מלחמה האָט נאָך די וועלט־געשיכטע ניט געזעהן און די רעזולטאַטען פון איהר וועלען געוויס זיין גרעסערע, ווי פון די ביזהעריגע מלחמות. עס האָט זיך שוין אָנגעזאַמעלט צו פיעל אַלטוואַרג אי אין די אַרסענאַלען אי אין די מחות, פערשיע־דענע רעגיערונגס־סיסטעמען זיינען שוין בעדעקט מיט שימעל און אפילו די איבערליפערטע אינטערנאציאָנאלע בעציהונגען זיינען פול מיט קנייטשען. דורך דער מלחמה מוז קומען אַן אַלגעמיינע רע־וויזיאָן, און עס קאָן זעהר זיין, אז אויך די עקשנ׳דיגע רעגיערונגען וועלען מוזען געהן אויף פּשרות. די נייע אומשטענדען וועלען זיי דערצו צווינגען.

אָבער מיר אידען טאָרען דוקא ניט נתפּעל ווערען צו פיעל און שכור ווערען, איידער מיר האָבען נאָך פערזוכט איין טראָפּען פון דעם יין המשומר, פון דעם וויין, וואָס מען זאָגט אונז לעת עתה נאָך צו. אונזערע איבעריגע התפּעלות קאָן אונז נאָר שאַדען, זי קאָן אונז מאכען לייכטגלויביג און לייכטזיניג אין אזא ערנסטער שטונדע, וואָס מיר מאכען איצט דורך.

ערשטענס מוזען מיר געדענקען, אז די פאָרמעל „חוץ אידען“ האָט בעקומען בירגער־רעכט א סך פריהער איידער די אידען אליין, אַפּילו אין די לענדער, וואו זיי זיינען שוין עמאַנציפּירט. מיר טאָרען אויך ניט פערגעסען, אז די עפענטליכע מיינונג איז נאָך גאָר ניט גענוג אויפגעקלעהרט איבער אונזער לאַגע, זי האָט קיין קלאָרען בעגריף ניט פון אונזער רעכטלאָזיגקייט אין רוסלאַנד און אין רומעניען און לאָזט זיך זעהר אָפט נארען פון די אגענטען פון

דיעזעביידע מלוכות. דריטענס אָבער טאָרען מיר ניט האָבען אזא קורצען זכרון און פערגעסען, וואָס עס האָט מיט אונז דאָ נאָר ניט לאַנג פּאַסירט.

עס איז געווען בשעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה און גלייך נאָך דער מלחמה. מען ווייס ניט די צאָהל פון די אידישע סאָל־דאַטען, וואָס האָבען געקעמפפט אויף די מאַנדזשוריער פעלדער, מען ווייס נאָר, אַז עס איז ניט געבליבען אַ שטאָדט און אַ שטעדטעל, פון וועלכע מען האָט ניט אַרויסגעשלעפּט די קרוין פון דער אידישער יונגנד. מען ווייס נאָר אַז אַלע אידישע שטעדטלעך און שטעדט זיינען געבליבען אָהן אידישע דאָקטוירים. איינינגע טויזענד אידישע דאָקטוירים, וועלכע טאָרען אין שלום־צייטען קיין שטעלע ניט האָבען אין דער רוסישער אַרמעע, האָבען מיט אַמאָל בעקומען עפּאָלעטען און אָפּיצירישע קליידער און זיינען אַוועק דיענען. איינינגע קאָמאַנ־דירען האָבען אָנגעהויבען זעהר שטאַרק צו לויבען זייערע אידישע סאָלדאַטען, און אויך דאַמאָלס האָט די „נאָוואָיע וואָרעמיא“ פער־עפענטליכט איינינגע אַרטיקלען, אין וועלכע זי האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָבלויבען פון די אידישע סאָלדאַטען. די רוסישע רעגיע־רונג איז אויך דאַמאָלס אַרויס מיט הבטחות, לכל הפּחות פאַר די סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען אַקטיוו אין דער מלחמה.

מיט וואָס אָבער דאָס האָט זיך אַלעס אויסגעלאָזען, ווייס יעדער פון אונז. די „נאָוואָיע וורעמיא“ האָט זיך אין עטליכע וואָכען אַרומגעקוקט און חרטה געקראָגען אויף די שבחים, וואָס זי האָט אויסגעטהיילט די אידישע סאָלדאַטען, און די גובער־נאַטאָרען און איספּראַווניקעס האָבען אָנגעהויבען באַלד בעהאַנדלען די טאַפּפערע אידישע סאָלדאַטען ווי די אידען פון אַ גאַנץ יאָהר.

די זעלבע סצענע האָט זיך דאָ ניט לאַנג אָבגעשפּיעלט אין רומעניען. בשעת דעם באַלקאַן־קריעג האָט רומעניען זיך אויך גע־גרייט צו מלחמה און האָט מאָביליזירט. די רומענישע אידען האָבען זיך אָבגערופען די ערשטע. אפילו די שונאים זיינען נתפּעל גע־וואָרען פון דער אידישער אָפּפערווילינקייט, און מען האָט אָנגע־הויבען צו שמועסען וועגען ערלייכטערונגען פאַר אידען.

מיט וואָס אָבער דאָס האָט זיך אויסגעלאָזען, ווייס יעדער

איינער פון אונז. די אַלטע מעשה פון חומש מיט פּרעה'ן עליו השלום. קומט די מכה ווערט ער ווייך און שיקט נאָך משה און אהרן. געהט אַוועק די מכה, ווערט ער וויעדער הארט ווי אַ שטיין און אַן אכזר ווי פאַר דער מכה.

זעלבסטפערשטענדליך קאָן מען ניט פערגלייכען די מלחמה מיט יאַפּאַן מיט דער איצטיגער מלחמה. די מלחמה מיט יאַפּאַן איז דאָך געפיהרט געוואָרען עפּעס אין אַן עק וועלט, זי איז ניט געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָלע פון דער עפענטליכער מיינונג, די בעטהייליגונג פון די אידען האָט מען געקאָנט פערלייקענען. ביי דער איצטיגער מלחמה געהט דאָס אָבער ניט. ערשטענס האָבען די אידען אין רוסלאַנד אַליין געשטעלט צו דער מלחמה אזוי פיעל סאָלדאַטען כמעט, וויפיעל דאָס גרויסע און מעכטיגע ענגלאַנד, צווייטענס ווערט דאָך די איצטיגע מלחמה געפיהרט אין רעכטען מיטען אייראָפּאַ. מען קאָן ניט מעהר בעהאַלטען ניט די צאָהל פון די אידישע סאָלדאַטען, ניט זייער אויפפיהרונג אין דער מלחמה. דורך דעם איז דאָס שרעקליכע אונרעכט פון דער רוסישער רעגיערונג בולט'ער געוואָרען, עס שטעכט שוין פּשוט די אויגען: מען נעהמט הונדערטע טויזענדע אידישע סאָלדאַטען און מען פיהרט זיי אויפ'ן שלאַכט־פעלד צו פערטהיידיגען אַ לאַנד, וואָס בעהאַנדעלט זיי ערגער ווי שקלאַפען. אגב דאַרף מען אויך ניט פערגעסען, אַז די איצטיגע מלחמה פיהרט ניט רוסלאַנד אַליין, רוסלאַנד האָט געטהאָן אַ יחוס־שידוך מיט ענגלאַנד און מיט פראַנקרייך און די מחותנים האָבען זיך אָנגעהויבען אַ ביסעל צו שעהמען פאַר די עולות, וואָס זייער מחותנת'טע טהוט ביי זיך אין לאַנד גופא.

אין אַזאַ לאַגע האָט רוסלאַנד גענויזט אָנהויבען מאַכען הבטחות, און די מחותנים האָבען גענויזט אונטער'חתמ'ענען זיך, כדי צו פערגלעטען אַ ביסעל די ניט־גלייכהייט פון דעם שידוך.

מיר וועלען זיין צופריעדען, ווען עס וועט זיך אַרויסשטעלען, אַז אונזערע בעפירכטונגען זיינען געוועזען גאָר אומזיסט, אַז די רוסישע רעגיערונג האָט באמת חוזר בתשובה געווען און פערזוכט גוט צו מאַכען איהר פערברעכען פון פיעלע יאָהרהונדערטען אנטקעגען

איהרע אידישע אונטערטהאנען. דאָך בעטען מיר מחילה און מיר זאָגען אָפען, אז מיר שרעקען זיך.

מיר שרעקען זיך, וואָרים שוין צופיעל בעטאָנט די רוסישע רעגיערונג, אז נאָר צוליעב די טאַפּפערקייט פון די אידישע סאָל־דאטען און צוליעב זייערע אויסערגעוועהנליכע גבורות, וואָס זיי וויזען ארויס אין דער מלחמה, איז זי גרייט א ר ו מ צ ו ק ל ע ר ע ן נ אָ ך ד ע ר מ ל ח מ ה די אידישע לאגע און זעהן צו פערבעסערען זי. מיר האָבען מורא, עס זאָל זיך ניט אויסלאָזען מיט איינינע הנחות פאר די פערוואונדעטע אידישע סאָלדאטען אָדער פאר די אלמנות און די יתומים פון די געפאלענע.

מענשען־רעכט, בירגער־רעכט טאָרען ניט בעטראכט ווערען ווי אן אויסצייכנונג פאר בעזונדערע גבורות און פערדיענסטען. אומ־געקעהרט. פאר א פערברעכען קאָן מען בירגער ענטרעכטען. און כל זמן די רוסישע רעגיערונג וועט פערלאנגען פון די אידען א בעזונדער עקזאמען אין טרייהייט און אין גבורה, כדי צו בעהאנדלען זיי ווי אן אנשטענדיגע ציוויליזירטע רעגיערונג מוז בעהאנדלען איהרע בירגער, קאָנען אלע הבטחות פון אזא רעגיערונג קיין שום ממשות ניט האָבען.

און ווען מענער, וועלכע שפּיעלען א געוויסע ראָלע אין דער אידישער עפענטליכקייט, צו וועמעס ווערטער די אידישע וועלט הערט זיך צו, קומען איצט, אין דעם קריטישען מאָמענט וואָס די אידען מאכען דורך, און בעקרעפטיגען די רוסישע הבטחות מיט זייער אייגענער חתימה, האָבען זיי געדארפט זיין פאָרזיכטיגער. זיי מוזען פיהלען די גרויסע אחריות, וואָס זיי נעהמען אויף זיך. גליי־כער וואָלט געווען, אז אַנשטאָט צו ווענדען זיך צו די אידען, און געבען זיי עצות מיט וועמען זיי זאָלען סימפּאטיזירען אין דער מלחמה, וואָלטען זיי זיך געווענדעט מיט זייער וואָרט צו דער גרוי־סער עפענטליכקייט, כדי איהר קלאָר צו מאכען די גאנצע טיעפקייט פון דער אידישער טראגעדיע.

די אידען זיינען צוריסען, ברודער הויבט דאָס שווערד געגען ברודער. אין אזא לאגע איז ניטאָ וואָס צו רעדען פון סימפּאטיען פון די גליקליכערע, וועלכע זיינען ניט בעטהייליגט אין דער מלחמה.

זיי מוזען זיין נייטראל, זיי זיינען געצוואונגען צו זיין נייטראל.
ניט דיעזע פראגע דארף אונז איצט אלס אידען אינטערעסירען;
מיר האבען איצט גרעסערע און הייליגערע אויפגאבען. מיר מוזען
אויפפאסען, אז דער כלל „חוץ אידען“ זאל פערשווינדען אין א ל ע
ה י נ ז י כ ט ע ן, ווען עס וועט קומען צו דער גרויסער רעוויזיא;
אינ׳ם לעבען פון די פעלקער.

12 סעפטעמבער, 1914.

# די נייע אידישע האָפנונגען פון דער ערוואַכטער טערקיי.

ווען עס זאָל אָבגילטען דער טערקישער רעגיערונג און זי זאָל קאָנען דורכפיהרען איהר קאַטעגאָרישען בעשלוס, וואָס זי האָט איצט אין דער מהומה־צייט געפאסט: אראָבצואווארפען פון זיך דעם יאָך פון גאנצע זעקס מלוכות אויף איין מאָל — ווען איהר זאָל געלינגען דורכצופיהרען דעם בעשלוס אין לעבען, וועט מען מוזען מאכען א הפסקה און אָנהויבען רעדען פון א נ י י ע ר טערקיי. די טערקיי אליין וועט מאכען הבדלה, צום אונטערשיעד צווישען איהר פריהער־דיגער קנעכטשאפט און איצטיגער פרייהייט. צום ערשטען מאָל וועט זי, נאָך לאנגע, לאנגע יאָהרען, פריי אויפאָטהעמען און פיהלען זיך ווי אן אמת'ער בעל־הבית ביי זיך אין דער היים.

מיט זעקס שטריק, וואָס א שמשון הגבור וואָלט אויך ניט געקאָנט צורייסען, איז די טערקיי געווען ביז איצט געבונדען, און די זעקס גרעסטע מלוכות פון אייראָפא האָבען זי געוואָרגען פון אלע זייטען. יעדע פון די זעקס האָט געצויגען פעסט פאר איהר שטריקעל, און די טערקיי האָט זיך ניט געקאָנט פריי בעוועגען. האָט זי געוואָלט עפּעס אונטערנעהמען, האָט זי געוואָלט איינפיהרען ביי זיך בעסערע פערוואלטונג־מעטהאָדען, האָט מען גלייך אָנגעצויגען די שטריק און איהר דערמאָנט, אז זי איז א געבונדענע.

מעהר ניט ווי אויפ'ן פאפּיער האָט מען זי גערעכענט צו די זעלבסטשטענדיגע מלוכות, אָבער אין דער ווירקליכקייט איז זי געווען עפּעס א מין טומטום־ אָדער אנדרוגינוס־מלוכה. דער סולטאן האָט געקעניגט ווי אמאָל אחשורוש פון הודו ביז כוש, פון באָספאָר ביז בגדד, איבער אונצעהליגע פּראָווינצען, די אמת'ע הערשער אין לאנד זיינען אָבער געווען די שטריק־ציהער. איטליכער פון זיי האָט געהאט אין א סך פּרטים אין טערקיי מעהר דעה ווי די טערקיי אליין.

דיעזע גאַנצע סיסטעם איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „קאַ־פּיטולאַציאָנען“. הויפּטזעכליך בעריהרען די קאַפּיטולאַציאָנען די רעכטע פון די אויסלענדער אין דער טערקיי, זיי זיינען אָבער נוגע אויך צו די פינאַנסען פון לאַנד. מיט איין וואָרט, זיי נעהמען אָב ביי דער מלוכה איהר גאַנצע זעלבסטשטענדיגקייט. ווער עס וויל זיך בעקאָנען מיט די קאַפּיטולאַציאָנען נעהנטער, מוז זיי שטודירען. דאָס איז אַ גאַנץ דיקער חבור, אַ קאָנטראַקט צווישען דער טערקיי פון איין זייט און די זעקס גרויסע מלוכות פון אייראָפּאַ פון דער אַנדערער זייט. מיר נעהמען אַרויס נאָר אייניגע פּונקטען, וואָס יעדער האָט זיי געקאָנט בעמערקען, ווען ער האָט געמאַכט אַ רייזע דורך טערקיי. אין גאַנץ אייראָפּאַ, .. און זעלבסטפערשטענדליך אויך אין גאַנץ אַמעריקאַ, — האָבען נאָר די באָטשאַפטער און די געזאַנדטע עקסטראַ רעכטע; זיי זיינען „עקס טערריטאָריאַל“, דאָס הייסט זיי זיינען ניט אונטערגעוואָרפען אונטער די געזעצען פון לאַנד, וואו זיי זיינען די געזאַנדטע, נאָר זיי שטעלען פאָר אַ שטי־קעל פון דער מדינה, וואָס האָט זיי געשיקט, זיי זאָלען זי רעפּרע־זענטירען. נאָך די „קאַפּיטולאַציאָנען“ האָבען אין גאַנץ טירקיי אַפילו די קאָנסולען און אַפילו די קאָמערציעלע קאָנסולען פון די זעקס מלוכות, וואָס זיינען גע׳חתמ׳עט אונטער דעם קאָנטראַקט, די זעלבע רעכטע, ווי די באָטשאַפטער אין דער איבעריגער ציווי־ליזירטער וועלט. זיי זיינען דאָרט הייליגע פּערזאָנען, זיי קאָנען טהאָן ממש וואָס זיי ווילען. די טערקישע רעגיערונג האָט קיין רעכט ניט אַריינצומישען זיך אין די אַנגעלעגענהייטען פון די קאָנ־סולען. יעדער קאָנסול איז אין דער טערקיי אויך אַ ריכטער, ער האָט אויך אייגענע פּאָליציי, וועלכע פיהרט אויס זיין פּסק דין, און די טערקישע פּאָליציי איז מחויב צו העלפען דערביי. ניט נאָר אייגענע פּאָליציי, נאָר אויך אַן אייגענע תפיסה האָט יעדער קאָנסול אין דער טערקיי, וואוהין ער זעצט אַריין ז ײ נ ע אונטערטהאַנען, ווען ער געפינט דאָס פאַר נויטיג. און גראָד אומגעקעהרט, בעגעהט אַן אונטערטהאַן פון אַ פרעמדער רעגיערונג אַ פערברעכען אין מיטען העלען טאָג, טאָר די טערקישע פּאָליציי איהם ניט אָנריהרען אָהן די הסכמה פון זיין קאָנסול. אויף דעם אופן זיינען ניט נאָר די

קאָנסולען „עקס טעריטאָריאל“, נאָר אין אַ געוויסען זין אַלע פרעמדע אונטערטהאַנען איבערהויפּט.

אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, צום ביישפּיעל, לעבען אָן ערך דריי הונדערט טויזענד גריכען, וואָס איטליכער פון זיי האָט צוויי פּאַס־פּאָרטען, אַ טערקישען און אַ גריכישען. אין שלום־צייטען בעהאַלט ער דעם גריכישען פּאַספּאָרט און געניסט אַלע רעכטע פון אַ טער־קישען אונטערטהאַן. מאַכט זיך אָבער עפּעס אַ סכסוך, בעהאַלט ער דעם טערקישען פּאַספּאָרט און נעהמט ארויס דעם גריכישען און זוכט שוץ ביי דעם גריכישען קאָנסול. און ניט נאָר די גריכען אַליין זיינען זיך אַזוי נוהג. מיליאָנען פון בירגער, וואָס האָבען זייער גאַנץ לעבען צוגעבראַכט אין דער טערקיי, האָבען געפיהרט אַ דאָ־פּעלטע בוכפיהרונג פון זייער אונטערטהאַנשאַפט. דאָס גאַנצע סיסטעם איז געווען טערקיש.

די זעקס דערמאָנטע מלוכות האָבען אויך געמעגט האָבען איי־גענע פּאָסטען, סיי פאַר דער טערקיי אַליין, סיי פאַר די פערבינדונגען מיט דעם אויסלאַנד.

און דאָס ערגסטע, די טערקישע רעגיערונג האָט נאָך די „קאַ־פּיטולאַציאָנען“ קיין רעכט ניט צו שיצען איהר אייגענע אינדוסטריע, וויל אַרויפלעגען צאָל אויף אויסלענדישע סחורה קאָן זי נאָר מיט דעם הסכם פון די זעקס מלוכות. ביז דאָ ניט לאַנג האָט מען ערלויבט צו נעהמען אין גאַנצען נאָר אַכט פּראָצענט צאָל פון אַלע אויסלענדישע סחורות, זאָל עס זיין שפּיעלצייג אָדער מאַשינעס, פּאַפּיער אָדער זייד. ערשט מיט איינינגע יאָהר צוריק האָט מען מיט איהר געטהאָן אַ חסד און ערלויבט צו נעהמען אָנשטאָט אַכט פּראָצענט גאַנצע עלף פּראָצענט. מען קאָן פערשטעהן ווי אַ לאַנד, וואָס מוז ערשט געוועקט ווערען צו אַ נייעם לעבען, וואָס הינקט נאָך אין אַלע פּונקטען, קאָן קאָנקורירען מיט דעם אויסלאַנד ביי 8 אָדער 11 פּראָצענט צאָל. רוסלאַנד האָט אויף מאַנכע סחורות און מאַשינעס ביז 300 פּראָצענט צאָל. אפילו דייטשלאַנד האָט אויך אַ שוץ־צאָל, און אפילו אַמעריקא האָט ערשט אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבען ניעדריגער צו מאַכען דעם שוץ־צאָל. אָבער אַזאַ שוואַכע מדינה ווי די טערקיי, ווי קאָן זי קאָנקורירען מיט דעם

אויסלאַנד ביי אַזאַ סיסטעם? דעריבער איז טאַקע די טערקיי געבליבען ביז היינטיגען טאָג אַ לאַנד אָהן אינדוסטריע, און די רע־גירונג מוז ציהען איהר חיונה אין גאַנצען פון דער לאַנד־ווירטשאַפט. דעריבער האָבען די אויסלענדער געמאַכט געשעפטען אין טערקיי און די פלח'ען האָבען געזיפצט און געקרעכצט אונטער דעם דרוק פון דעם „עשור" סיסטעם. „עשור" איז דער אַלטער העברעאישער „מעשר". די געשעפטסלייט זיינען געווען פריי פון אָבגאַבען, דער אָרימער אַקערבויער אָבער און דער פלאַנצער האָט געמוזט אָבגעבען מעשר, 10 פּראָצענט פון זיין תבואה. און אַזוי ווי די רעגיערונג אַליין פלעגט זיך ניט עוסק זיין מיט דעם איינמאָנען פון דעם מעשר, פלעגט זי דאָס איבערגעבען אונטערנעהמער. דער אונטערנעהמער האָט דאָך אָבער געמוזט מאַכען דערביי אַ געשעפט, האָט ער גע־שונדען אַ הויט פון דעם בויער, און דער מעשר איז אין אמת'ען געווען ניט אַ צעהנטעל, נאָר אַן אַכטעל און אָפטמאָל אַ זעקסטעל פון דער גאַנצער תבואה.

היינט הויבט זיך אָן די סדרה פון קאָנצעסיאָנען. גיט די רעגיערונג אַ קאָנצעסיאָן איינער פון די זעקס מלוכות, האָט זי גלייך געמוזט מפצה זיין די אַנדערע פינף, וואָרים ווען ניט, ווערען זיי אין כעס, און אַז זיי זיינען אין כעס, הויבען זיי אָן צו נעהמען די שטריק און ווערגען.

מיר איבערטרייבען ניט ווען מיר זאָגען, אַז די „קאַפּיטולא־ציאָנען" האָבען אַ היבשען חלק אין דער איצטיגער וועלט־מלחמה. פראַנקרייך, דייטשלאַנד און ענגלאַנד האָבען זיך ניט גע־קאָנט צוטהיילען מיט די קאָנצעסיאָנען. דייטשלאַנד האָט געבויט די בגדד־באַהן, ענגלאַנד האָט זיך בעפעסטיגט אין פּערזישען גאָלף און פראַנקרייך האָט בעקומען אַ רעכט צו ווירקען אין נאָרד־סיריען, בויען אייזענבאַהנען און האַפען אין חיפה און יפו, אַלכסנדרעטע און טראַבולוס. דאָס האָט צוגעגעבען פייער צו דער בעהאַלטענער קנאה צווישען די דריי רעגיערונגען און רוסלאַנד האָט דאָך לאַנג געוואָרפען אַן אויג אויף דעם באָספאָר און דעם גאָלדענעם האָרן. האָט איטאַליען דערווייל אריינגעכאַפּט טריפּאָלים, עסטרייך — כאָסניען און הערצעגאָווינא. בקיצור, מען האָט געצופּט פון אַלע

זייטען. ווען עס וועלען אריבערגעהן נאָך יאָהרען, און די וועלט וועט בעקאַנט ווערען מיט די דאָקומענטען פון דעם בגדד און קאוויט סכסוך צווישען ענגלאַנד און דייטשלאַנד, וועט מען אפשר פערשטעהן די פּלוצלונגדיגע פריינדשאפט פון ענגלאַנד צו רוסלאַנד. דער שידוך איז ניט געקומען פון ליעבע, דאָ האָט מען פּשוט איינגעלענט נדן און טאַקע במזומנים.

מען האָט העזה געהאַט און אזוי געבונדען די טערקיי, ווייל זי איז באמת געשטאַנען אויף א ניעדריגער מדרגה. וועגען דעם איז זעהר פיעל צו רעדען. אָבער נאָך דער איבערקעהרעניש, וואָס איז אזוי קונציג אויסגעפיהרט געוואָרען פאַר עטליכע יאָהר, האָט די נייע טערקיי געזוכט צו בעפרייען זיך אין גאַנצען. מען איז פערטיג געוואָרען מיט עבדול־חמיד'ען, מען האָט איהם איבערגעלאָזען אכט ווייבער אלס א זכר לחורבן פון זיין אמאָליגער גרויסקייט. אָבער דערמיט אליין קאָן מען נאָך ניט יוצא זיין, ווען מען וויל ווירקליך געהן אויפ'ן וועג פון ענטוויקלונג.

און איצט, ווען עס איז אויסגעבראָכען די גרויסע מהומה, ווען די קריעג־פיהרענדע מלוכות האָבען אָנגעהויבען חנפה'נען די טערקיי, האָט זיך די טערקישע רעגיערונג מישב געווען און געמאַכט דעם בעדייטענדסטען שריט, וואָס זי האָט נאָר געקאָנט מאַכען. דאָס איז א רעוואָלוציאָן אָהן בלוט, אזוי א רעוואָלוציאָן פון טרוקענע קלעפּ. וועט זיך דאָס איינגעבען, און די טערקישע רעגיערונג וועט בעהאַלטען אויך ווייטער די זעלבסטהערשונג און אריינפּלאָנטערען זיך צווישען די גרויסע בערג, וועט מען קאָנען זאָגען, אז פון די אלע, וואָס פיהרען איצט מלחמה, האָט מנצח געווען די טערקיי.

פון דער אנדער זייט נעהמט אָבער אויף זיך די טערקישע רעגיערונג מיט דעם שריט גאַנץ נייע התחייבות'ען. וועט זי אָבשאפען די קאַפּיטולאַציאָנען, דאָס הייסט וועט זי אראָבנעהן פון קעסט און ווערען זעלבסטשטענדיג, מוז זי אויך אָבשאפען דאָס סיסטעם, וואָס האָט געפיהרט צו די קאַפּיטולאַציאָנען, זי מוז פערברענגען איהר איינענעם חמץ, מיט איין וואָרט, זי מוז ציוויליזירט ווערען אז דעם פרעמדען אונטערטהאַן זאָל אָננעהמען א חשק צו ווערען אן אָטאָמאַנישער בירגער.

נו, קומט נאָך די שאלה, ווי וועט דאָס ווירקען אויף דעם ישוב, אויף אונזער ישוב? דארויף קאָן מען נאָר קורץ ענטפערען. עס קאָן זיין, אז אין דער איבערגאנגס־צייט וועלען אפשר זיין פער־שיעדענע אונאנגענעהמליכקייטען, ביז וואנען די נויטיגע רעפאָרמען וועלען דורכגעפיהרט ווערען. דער נייער ישוב האָט אָבער שטענדיג געהאָפט אויף אַ שטארקע טערקיי, און סוף כל סוף וועט ער דורך די אָבשאפונג פון די קאפיטולאציאָנען אליין אויך שטארקער ווערען.

15 סעפטעמבער, 1914.

# אונזער געפאַהר און האָפנונג דורך דער איצטיגער מלחמה.

צוערשט ווערען געשאפען די אידעאלען און ערשט נאָך זיי קומען די אידעען. די אידעאלען שפּראָצען ארויס פון דער געזעל־שאפט, זיי ווערען פאבריצירט פון לעבען גופא אלס א סך־הכל פון פערבאָרגענע וואונשען און האָפנונגען, וועלכע מאכען דורך פער־שיעדענע גלגולים, ביז זיי דריגנען דורך אין בעוואוסטזיין פון דער געזעלשאפט. ווען די אידעאלען זיינען שוין שטארק און טיעף איינגעוואָרצעלט, קומען די געלעהרטע און זוכען א טהעאָרעטישע בעגרינדונג פאר זיי, זיי זוכען צו ערקלעהרען דאָס וואָס עקזיסטירט שוין, זיי מאכען מעהר ניט ווי א פּירוש אויף א חבור, וועלכער איז שוין געדרוקט. נאָר גרויסע גאונים און העלדען, וועלכע שפּרינגען אריבער מיט זייער דורכלויכטענדער ראיה און שארפען פיהלען גאנצע דורות, זיינען אים שטאנד אָנצוצייכנען נייע וועגען, וואָס זיינען נאָך ניט דורכגעטראָטען און גיבען דער מענשהייט נאָך ניט־געבאָרענע אידעאלען. געוועהנליך אָבער ענטוויקעלט זיך דער פּראָ־צעס אין דער וועלט־געשיכטע, ווי מיר האָבען איהם אויבען געשיל־דערט. דעריבער זעהען מיר טאקע, אז די אידעאָלאָגען, דאָס הייסט די, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דער פאָרמולירונג און בעגרינדונג פון די מענשליכע אידעאלען, הינקען שטענדיג א ביסעל צו, ווייל זיי נעהמען דעם שטאָף פון דער פערגאנגענהייט. דעריבער טרעפט זעהר אָפט, אז ווען די אידעאָלאָגען בעשעפטיגען זיך מיט דער בעגרינדונג פון אידעאלען, וואָס האָבען נאָך נעכטען געהערשט אין דער געזעלשאפט, ארבייט שוין דאָס לעבען גאנץ נייע אידעאלען אויס. דער היינט בויט א נייעם בנין אויף די חורבות פון נעכטען. די געזעלשאפט אָבער זעהט דאָס נאָך ניט און דיענט נאָך דערווייל

די אַלטע געטער, ווען זייער טעמפּעל איז שוין לאַנג צושטערט און דער מזבח לאַנג חרוב.

דאָס האָט אויך פּאַסירט מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישען אידעאַל. נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט ער ווירקליך פּערנומען אַן אויבענאָן־פּלאַץ אין די מוחות פון די בעסטע און פיינסטע דענקער, שריפטשטעלער, קינסטלער און געלעהרטע. פראַנקרייך איז אַרויס מיט אַ נייער תורה פון ברידערליכקייט, גלייכהייט און פרייהייט, און די בעסטע מענשען פון יענער תקופה האָבען גע'חלומ'ט פון אַ נייער אָרדנונג אין דער גאַנצער וועלט. די צווייטע העלפט פון אכטצעהנטען יאָהרהונדערט און די ערשטע העלפט פון נייגצעהנטען זיינען געווען גאַנץ בעהערשט פון דער קאָסמאָפּאָליטישער אידעע. די אידעאַלאָגען פון דעם קאָסמאָפּאָ־ ליטיזם האָבען געשפּיעלט די ערשטע ראָליע און אַרויפגעדריקט זייער שטעמפּעל אויף אַלעס, וואָס דיעזע עפּאָכע האָט געשאַפען. און, מערקווירדיג, גראָד ווען די קאָסמאָפּאָליטישע אידעאַלאָגיע האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען, האָט דער קאָסמאָפּאָליטישער אידעאַל אָנגעהויבען צו זינקען, און ווען מיר קוקען זיך איצט אַרום, מערקען מיר, אַז גראָד אין דער ערשטער העלפט פון נייגצעהנטען יאָהר־ הונדערט האָבען די נאַציאָנען זיך זעהר געשטאַרקט אין זייער נאַ־ ציאָנאַלען בעוואוסטזיין. פיכטע אין דייטשלאַנד און קאַטקאָוו אין רוסלאַנד זיינען ניט געווען קיין נביאים, זיי האָבען ניט געשאַפען קיין נייע אידעאַלען, זיי האָבען נאָר פאָרמולירט וואונשען און האָפ־ נונגען, וועלכע האָבען שוין לאַנגע יאָהרען געלעבט אין דער נעזעל־ שאַפט. די פעראייניגונג פון דייטשלאַנד און די פּאַן־סלאַוויסטישע אידעע זיינען געשאַפען געוואָרען ניט פון איינצעלנע מענשען, זיי זיינען אַ פּראָדוקט פון אַן אמת'ען פאָלקס־ווילען. די אידעאַלאָגען האָבען דעם פאָלקס־ווילען מעהר ניט ווי איבערטריבען, וואָריםביידע זיינען גרויסע פאַנאַטיקער.

מערקווירדיג איז אויך, אַז גראָד די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט ביז דאָ ניט לאַנג בעקעמפּפט דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק, האָט דוקא איינגעפיהרט דעם אויסדרוק „אינטערנאַציאָנאַל“ אָנ־ שטאָט „קאָסמאָפּאָליטיש“, ניט קוקענדיג דערויף וואָס צו יענער

צייט ווען דער אויסדרוק איז איינגעפיהרט געוואָרען, האָט יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַט געהאַלטען פאַר זיך פאַר אַ הייליגען חוב צו זיין אַ קאָסמאָפּאָליט אין זיין וועלט־אַנשויאונג. מערקווירדיג איז, וואָס ווען טויזענדע און הונדערט טויזענדע פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע תלמידים פלעגען פערגלייכען דעם נאַציאָנאַליזם מיט דעם עגאָאיזם פון דער איינצעלנער פּערזאָן, האָט איינער פון די גרעסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לעהרער נאָך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק פערגליכען דעם נאַציאָנאַליזם מיט דעם אינדיווידואַליזם פון דער איינצעלנער פּערזאָן. דאָס איז געווען בעבעל, ווען ער האָט גע־מוזט פּסק׳ענען אַ האַרבע שאלה וועגען די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטען אין דער פּראָווינץ פּאָזען, צו מעג מען זיי צולאָזען צו דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָן מחמת זייער אויסגעשפּראָכענעם פּוי־לישען נאַציאָנאַליזם. שפּעטער האָבען זיך שוין געפונען פיעלע וואָס האָבען אויסגעשטעלט אַ הכשר אויף נאַציאָנאַליזם, דער ערש־טער אָבער איז געווען בעבעל, וועלכער האָט מיט זיין געזונדען מענשען־פערשטאַנד אַרויסגעפונען די בעסטע פאָרמולירונג פאַר דעם וויסענשאַפטליכען נאַציאָנאַליזם. וואָרים יעדער מוז דאָך צוגעבען, אַז צווישען עגאָאיזם און אינדיווידואַליזם ליעגט אַ טיעפער אָב־גרונד, אַז דיביידע בעגריפען זיינען ווייט איינער פון דעם אַנדערען ווי מזרח פון מערב.

דער וויסענשאַפטליך בעגרינדעטער נאַציאָנאַליזם איז אַ גאַנץ נייער פּראָדוקט. אין די לעצטע יאָהרען אָבער האָט ער געמאַכט ריעזיגע פאָרטשריטע, און מיר טרעפען כמעט איין געלעהרטען ניט, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דער וויסענשאַפט פון דער געזעל־שאַפט, אַז ער זאָל ניט אָבגעבען אַ קאַפּיטעל אָדער מעהר דעם נאַ־ציאָנאַלען פּראָבלעם. מען האָט אויפגעהערט צו רעדען, צו שרייבען און צו פילאָזאָפירען מכח אַן אַלגעמיינעם מענשענטהום, אין וועלכען עס זאָלען זיין לחלוטין פערשמאָלצען אַלע איינצעלנע נאַציאָנען און פעלקערשאַפטען. מען זאָגט ניט מעהר, אַז די גרעניצען צווי־שען איין מדינה און דער אַנדער מדינה זאָלען אין גאַנצען אָבגעווישט ווערען, אַז פון איין זייט זאָל עקזיסטירען דער גרויסער כלל: די מענשהייט, און פון דער אַנדער זייט דער קליינער פּרט: דער מענש,

און אַלעס וואָס ליעגט צווישען דיעזע צוויי פּונקטען: שטאַאַט, פאָלק, נאַציאָן, זאָל פערשווינדען.

דערין ליעגט דער גרויסער פאָרטשריט פון אונזער צייט. די ריכטיגע איינשעצונג פון דער נאַציאָנאַלער אידעע קאָן און מוז ברענגען גוטעס די קליינע אונטערדריקטע פעלקער און נאַציאָנען. די איינציגע האָפנונג פון די אונטערדריקטע נאַציאָנען, איז, אַז די געזעלשאַפט זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט אַ ריכטיגען פערשטענדניס פאַר די נאַציאָנאַלע גרופּע, פּונקט ווי זי איז דורכגעדרונגען מיט אַ ריכטיגען זינן פאַר דעם אינדיווידואַליזם פון דער איינצעלנער פּערזאָן.

מיר אידען, אַלס די אונטערדריקטעסטע נאַציאָן צווישען די אונטערדריקטע, זיינען מעהר ווי אַנדערע פעראינטערעסירט, אַז דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ זאָל זיעגען, ער זאָל ווערען אַ געזעלשאַפטליכער אמת, וועגען וועלכען מען איז זיך מעהר ניט מפלפל, ווייל מעהר ווי אַלע האָבען מיר דערפון געליטען, וואָס די געזעלשאַפט האָט זיך געפונען אַ לאַנגע צייט אויפ'ן פאַלשען וועג. מען האָט נאָך געהאַט זינן פאַר אונזערע פערפאָלגונגען ווי מענשען, אָבער אונזערע פאָלקס-ליידען, אונזערע נאַציאָנאַלע שמערצען האָבען זעלטען וועמען עס איז פון אונזערע פריינד געריהרט. מען האָט געטרייסט, אַז מיר פערלירען דאָס, וואָס אַלע נאַציאָנען וועלען מיט דער צייט מוזען פערלירען, ווען זיי וועלען זיך צומישען אין דער מענשהייט. דער אמת איז אָבער געווען, אַז וועגען אַ פערשמעלצונג און אַ צומישונג האָבען גערעדט די, וועלכע האָבען געהאַט דערווייל די מעגליכקייט זיך נאַציאָנאַל צו ענטוויקלען; מיר אָבער זיינען טאַקע געגאַנגען צוריק און זעהר פיעל פערלאָרען פון דעם, וואָס גיט צו יעדער נאַציאָן שטאַרקייט און לעבענס-קראַפט.

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס מיר אַליין, דער רוב פון אונזער יוגענד, האָט נאָכגעטאַנצט און נאָכגערעדט דער הערשענדער פאָלשער אידעאָלאָגיע און האָט זיך דערמיט אונטערגעגראָבען אונטער איהר אייגענער עקזיסטענץ.

די מענשהייט קאָן האָבען אַ גליקליכע צוקונפט, נאָר ווען דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם זאָל ריכטיג פערענטפערט ווערען. ערשט

דענסטמאָל וועט מען קאָנען אָנהויבען רעדען וועגען דעם אייביגען פריעדען צווישען די נאַציאָנען. דער אַלטער כלל איז ריכטיג: לאו עכברא גנב אלא חורא גנב — ניט די מויז גנב'עט, נאָר דאָס לאָך איז דער גנב. פערשטאָפּט די לעכער, וועלען די מייז ניט קריכען. כל זמן עס זיינען דאָ שוואַכע נאַציאָנען, וועלכע ווערען ניט געשיצט פון דער אַלגעמיינהייט, פּונקט ווי די שוואַכע פּערזאָן ווערט געשיצט פון דער מלוכה און דער געזעלשאפט, וועלען זיי שטענדיג וועקען דעם אַפּעטיט פון די שטאַרקערע נאַציאָנען און מלחמות וועלען ניט אויפהערען.

מיר האָבען נאָר מורא פאַר איין זאַך. די געשיכטע זאָל מיט אונז ווידער ניט מאַכען אַ שפּאַס און שאַפען פאַר אונז אַן אויס־נאַהמע, ווי זי האָט עס זיך שוין פיעל מאָל מיט אונז ערלויבט. מיר זעהען דאָס איצט קלאָרער ווי ווען עס איז, אַז די פעלקער וועלען מוזען איינזעהן, אַז מען מוז לעבען און לעבען לאָזען, און ענדערען די אינטערנאַציאָנאַלע תנאים פון לעבען. עס וואָלט געווען דאָס גרעסטע אונגליק פאַר אונז, ווען מען וואָלט אונז איבערגעהופּט, ווייל פיעלע פון אונז גופא האָבען זיך בעמיהט איינצושמועסען די וועלט, אַז אונזער וואונש געהט גאָר ניט אַזוי ווייט, אַז מיר אַליין בעטען גאָר ניט קיין נאַציאָנאַלע רעכט, אַפילו דאָרט, וואו די מלוכה איז צוזאַמענגעזעצט פון פיעלע פערשיעדענע נאַציאָנאַלע עלע־מענטען.

עס הענגט פיעל דערפון אָב, ווי מיר וועלען פאָרמולירען אונ־זערע טענות. ביז איצט זעהען מיר, אַז אונזערע געבעטענע און ניט־געבעטענע פערטרעטער האָבען דאָס ניט פערשטאַנען. דאָס זעהען מיר קלאָר ביי דער עמאַנסיפּאַציאָן פון די אידען אין די פערשיעדענע לענדער. מיר ווילען אָבער גלויבען, אַז דער ערוואַכ־טער און זעלבסט־בעוואוסטער חלק פון אידישען פאָלק וועט איצט ניט דערלאָזען צו נייע גראָבע פעהלער.

3 אָקטאָבער, 1914.

# אונזערע אונגליקליכע ברידער אין גאַליציען.

אַפילו אין אונגליק מוז מען אויך האָבען אַ ביסעלע מזל, ווען ניט — איז מען אין גאַנצען פערלאָרען. דאָס קען מען איצט זאָגען פון אונזערע ברידער אין גאַליציען. לאָמיר אונז פאָרשטעלען, אַז עס וואָלט אויסגעבראָכען אַ מלחמה ניט אין דער גאַנצער וועלט, נאָר צווישען רוסלאַנד און עסטרייך, און די ערשטע ענדערונג, וואָס וואָלט פאָרגעקומען אַלס רעזולטאַט פון דער מלחמה וואָלט ניט געווען גרעסער ווי די, וואָס איז איצט פאָרגעקומען אין מזרח פון גאַליציען. מען קאָן מיט זיכערהייט זאָגען, אַז דער רושם פון דיעזער ענדערונג וואָלט געווען זעהר גרויס. די וועלט־פרעסע וואָלט גע־קאָנט ציהען פון איהר חדשים לאַנג געגוג חיונה, און גאַליציען וואָלט אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאַמקייט און דאָס אינטערעסע פון דער גאַנצער וועלט. ממילא וואָלטען אונזערע גאַליציאַנישע ברידער געשטאַנען אין מיטעלפונקט פון אונזערע אידישע אינטע־רעסען. היינט אָבער, ווען דער שטח פון דער מלחמה איז אַזוי אויסגעברייט, ווען דער איינפאַכער לעזער איז נעביך געצוואונגען צו לערנען געאָגראַפיע און שפּרינגען יעדעס מאָל, ווען ער עפענט די צייטונג, פון פראַנקרייך אין דייטשלאַנד, פון דייטשלאַנד אין רוסלאַנד, פון רוסלאַנד אין עסטרייך און גאָר מיט אַמאָל אין יאַפּאַן און כינא, פערליערען די קליינע מדינות און די איינצעלנע חלקים פון די מדינות זייער ווערטה. פשוט מען הופּט זיי איבער ווי די שטיקער מחזור, וועלכע זיינען געדרוקט אין רש"י־כתב. ווער וועט זיך אינטערעסירען פאַר אַ צוויי פסוק'דיגען „שיר המעלות“, ווען מען האָט פאַר זיך דעם גרויסען „אשרי תמימי דרך“; ווער קאָן זיך אָבשטעלען אויף גאַליציען, בשעת מען שמועסט וועגען מאַכען אַ וועג נאָך פּאַריז, פון אַנטווערפּען נאָך לאָנדאָן, אָדער פון וואַרשאַ נאָך וויען און בערלין?

גאַליציען האָט אפילו אין אונגליק אויך קיין גליק ניט. די גרעסטע קויל האָט זי געטראָפען, זי איז די ערשטע מדינה, וועלכע איז לעת־עתה איבערגעגאנגען פון איין רשות אין דעם אנדערן רשות, זי האָט צוערשט דערפיהלט דעם טעם, וואָס הייסט אויס־בייטען איין אָדלער אויף דעם אנדערן אָדלער, ווען אפילוביידע זיינען מיט צוויי קעפּ. און דאָך איז דערטרונקען געוואָרען דאָס אינטערעס פאַר דיעזע וויכטיגע ענדערונג אין דער אייראָפּעאישער קאַרטע אין דעם גרויסען ים פון די מלחמה־נייעס, וואָס פערפלייצען יעדען טאָג די גאַנצע וועלט.

היינט ווער רעדט פון די גאַליצישע אידען, אָן זיי האָט מען זיך פשוט פערגעסען, מען האָט זיי דערמאָנט איינינע מאָל עפּעס אזוי, כלאחר יד, כדי יוצא צו זיין. מען האָט אָבער ניט אָבגעשעצט זייער חורבן, מען האָט ניט אָבגעוואויגען זייער טיעפען עלענד. און זיי די גאַליצישע אידען, זיינען דאָך דער ערשטער קרבן פון דער מלחמה, זיי זיינען אָם הארטעסטען פון איהר געטראָפען געוואָרען.

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו בעזוכען כמעט אלע אידישע צענטרען פון גאַליציען, צו בעאָבאַכטען און צו שטודירען דאָס לעבען פון אונזערע גאַליצישע ברידער, און ביז אויף היינטיגען טאָג בין איך דאַנקבאַר די אומשטענדען, וואָס האָבען מיך געפיהרט אין דיעזע קליינע און אָרימע מדינה, וואָרים דאָס, וואָס איך האָב דאָרט געזעהן, האָט מיך געצוואונגען, אז איך זאָל איבערבייטען מיין מיינונג וועגען די גאַליצישע אידישע בעפעל־קערונג. איך האָב בעקומען וועגען איהר גאָר אָן אנדער מיינונג, אַ פיעל העכערע און בעסערע ווי די, וואָס איז פערברייטעט וועגען איהר אין דער גאַנצער וועלט.

גאַליציען האָט קיין מזל ניט, און די גאַליצישע אידען זיינען בעטראַכט געוואָרען ווי די אָרימסטע שלים־מזל׳ניקעס אויף דער וועלט. מען האָט גערעדט וועגען דעם גאַליצישען שמוץ, וועגען מיאוס׳ע זיטען, וועגען נאַציאָנאַלע פעהלער און פערברעכען. מען האָט געאורטהיילט אויבערפלעכליך, ווייל מען איז אין דער גאַנצער וועלט געקומען אין בעריהרונג מיט די אָרימסטע עלעמענטען, וועלכע זיינען ארויסגעדרענגט געוואָרען פון זייער היימאַטה און האָבען

ניט געהאט די מעגליכקייט צו געשטאלטען זייער לעבען עטוואס שעהנער, ווייל אט די עלעמענטען זיינען געוועזן געטריעבען פון הונגער, בוכשטעבליך פון הונגער אהן שום מליצה, און האבען זיך א ווארף געטהאן אויף דאס שטיקעל ברויט און אין דער ערשטער מינוט ניט געקוקט אויף די שעהנקייט פון דער פרנסה. אין בערלין און אין וויען זיינען זיי געשטאנען, האלב איינגעבויגען און מיט א ציטערען אין די גליעדער, אויף אלע עקען פון די גאסען און הכנעה־דיג געבעטען, מען זאל זיי פערקויפען אלטע קליידער... מיט דער צייט האט מען אויף זיי אליין אנגעהויבען צו קוקען ווי אויף אב־געטראגענע ברואים, ווי אויף מענשען מיט לאטעס, וועלכע האבען שוין אבגעדיענט זייער צייט, און די אידישע אלטע־קליידער־הענד־לער פון גאליציען זיינען געווארען דער סימבאל פון דעם גאליצישען יודענטהום. עס האט זיך איינגעווארצעלט א פאראורטהייל געגען זיי, און מען האט זיי אוועקגעשטעלט אויף א ניעדריגער מדרגה.

א פאר חדשים האב איך צוגעבראכט אין גאליציען. איך האב בעאבאכטעט אונזערע דארטיגע ברידער אין גרויסע אספות, גע־מערקט, ווי זיי רעאגירען אויף די גרויסע וועלט־פראבלעמען. איך האב זיי געזעהן אין געזעלשאפט, צוגעקוקט זיך צו זייער אינערען לעבען. איך האב זיי געזעהן אויפ׳ן גאס, אויפ׳ן מארק, אין בית־מדרש, אין חדר און אין קלוב, איך האב זיך גוט צוגעהערט צו זייערע געשפרעכען, זיי אויסגעפרעגט וועגען זייערע חלומות אין דער צוקונפט. און שטילערהייט, אין געדאנקען, האב איך געבעטען מחילה ביי ניין הונדערט טויזענד ברידער. איך האב געבעטען, זיי זאלען מיר פערצייהען מיין זינד אנטקעגען זיי, ווארים איך האב זיך נאכגעשלעפט נאך איינגעווארצעלטע פאראורטהיילען. איך האב זיי פערשטאנען און איך האב זיי פון גאנצען הארצען ליעב בעקומען. איך האב בעגריפען דעם משונה׳דיגען מצב, אין וועלכען זיי געפינען זיך, און איך האב בעקומען מיטלייד מיט זיי, ניט ווי איינער, וואס שטעהט פון דער זייט, נאר ווי א שותף, ווי א חבר.

איך האב דענסטמאל פערשטאנען די קראפט פון א פאראור־טהייל, דעם כח פון א לעגענדע, ווען זי ווערט פערברייטעט. איך האב ערפאסט די גאנצע טראגעדיע פון אונזערע גאליצישע ברידער.

גאַליציען איז געווען כמעט אַ זעלבסטשטענדיגע פּוילישע מדינה. דער פּוילישער שטאַטהאַלטער פון גאַליציען האָט געהאַט אַ גרעסערע דעה און מעהר צו זאָגען אין מלוכה־זאכען ווי דער עסטרייכישער מיניסטער. די גאַליצישע בעפעלקערונג בעשטעהט פון אַן ערך 4 מיליאָן פּוילען און אַן ערך 4 מיליאָן רוטענען. צווישען דיעזע צוויי גרופּען, וואָס האָבען זיך געפונען אין שטענדיגען קריעג, שטעהען ביי אַן ערך ניין הונדערט טויזענד אידען, און זיי קאָנען מכריע זיין די וואָגשאָל אין איין זייט אָדער אין דער אַנדער זייט. דאָס הייסט שטענדיג זיין צווישען האַמער און קלאָץ, שטענדיג קעהרען זיך נאָך אַ בעשטימטער זייט און שטענדיג זיין אויסגעזעצט דעם כעס פון דער אַנדערער זייט. עס איז גרינג צו געבען עצות, עס איז אָבער קיין לעבען ניט, ווען מען איז תמיד געצוואונגען צו שאָקלען זיך, און שאָקעלט מען זיך ניט, האָט מען אויף זיך דעם כעס פוןביידע זייטען.

און דאָך האָבען די אידען אין גאַליציען געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער פּאָליטיק פון זייער לאַנד, פיעל אַ גרעסערע ראָלע, ווי מען האָט גערעכענט אין דער וועלט. דאָס אידישע זעלבסט־בעוואוסטזיין איז אין גאַליציען געשטאַנען ניט ניעדריגער ווי אין אַנדערע מדינות מיט אַ שטאַרקער אידישער בעפעלקערונג, און די עסטרייכישע רעגיערונג האָט בעטראַכט די גאַליצישע אידען ווי אַ וויכטיגען פאַקטאָר.

אויך איז דאָס געווען מעהר ניט ווי אַ בייזער וויץ צו רעדען פון גאַליציש־אידישען שמוץ און אונוויסענהייט. ווער עס האָט זיך נאָר גוט צוגעקוקט צום לעבען פון די גאַליצישע אידען, האָט געמוזט מודה זיין, אַז אויך אין דעם פּרט פון ריינקייט און בילדונג שטעהען זיי בשום אופן ניט אָב פון זייערע ברידער אין אייראָפּאַ. מיר פערגעסען דערביי איין וויכטיגען פּונקט. ווען מען מאַכט אַ פערגלייך, מוז מען נעהמען די זעלבע געזעלשאַפטליכע קלאַסען, און עס איז ניט די שולד פון די גאַליצישע אידען, וואָס די פּוילען פון איין זייט און די רוטהענען פון דער אַנדער זייט האָבען אָנגעשטרענגט אַלע כחות ניט צוצולאָזען די אידען צו די בעסערע שטעלונגען אין עקאָנאָמישער הינזיכט. עס איז אויך ניט די שולד פון

די גאַליציִשע אידען, וואָס זיי געפינען זיך שטענדיג צווישען צוויי פייערען.

גראַד אין גאַליציען האָב איך געמערקט, אפשר מעהר ווי ערגעץ וואו אַנדערש, דעם אָבגלאַנץ פון דער אַלטער השכלה און אַ מורא'דיג שטאַרקען דראַנג ביי דער יוגענד נאָך בילדונג און וויסען, אפילו אין די חסידישע קרייזען. אויף דעם גאַליציִשען יודענטהום ליעגט נאָך דער אַלטער יחוס, מען מערקט נאָך דאָרט די שפורען פון דער אַלטער טראַדיציאָן. אָבער, ווי געזאָגט, מען מוז זיי בעאָבאַכטען ביי זיי אין דער היים, וואו זיי פיהרען נאָך אַ זעלבסטשטענדיג לעבען, ווי וויית מען קאָן רעדען פון זעלבסטשטענדיגקייט אין אַ פויליש־רוטהעניִשען גלות.

אַלס ביישפּיעל, וואָס בעלייכט די גאַליציִשע אידען גאָר פון אַן אַנדער זייט, וויל איך איין פאַקט ברענגען, איין פאַקט פון פיעלע, וואָס איך האָב געקאָנט ברענגען.

דאָס ערשטע אידישע גימנאַזיום געפינט זיך אין יפו, אין תל אָביב, אין אַ שעהנעם, אייגענעם געביידע. דאָס ירושלים'ער גימ־נאַזיום געפינט זיך לעת עתה אין אַ געדונגענער דירה. דאָס ירושלים'ער גימנאַזיום איז געגרינדעט געוואָרען פון אַ גאַליציִשען ציוניסט. גאַליציען האָט זיך מתקנא געווען. זי איז שטאָלץ אויף איהר גימנאַזיום און וויל ניט אָבשטעהן פון יפו. איין מאָן האָט זיך גענומען פאַר דער אַרבייט, דר. ציפּער. ער האָט בערייזט גאַנץ גאַליציען און האָט אויפגעפאָדערט זיינע ברידער צו אונטערשטיצען זיין ווערק. אין איין יאָהר צייט האָט ער געזאַמעלט אין גאַלי־ציען אַ סומע פון הונדערט און צוואַנציג טויזענד קראָנען במזומנים פאַר דעם בוי פון גימנאַזיום אין ירושלים. עס האָבען זיך געוואָלט דערביי בעטהייליגען אייניגע עסטרייכער פון וויען, פון בעהמען, פון מעהרען, מען האָט זיי אָבער אויסגעשלאָסען, מען האָט געוואָלט, אַז גאַליציען זאָל זיך צייגען. און דאָס איז געשעהן אָהן קולות, מען האָט ניט מרעיש עולמות געווען. גאַליציען בעזיצט נאָך עטוואָס פון דער אַלטער אידישער צניעות...

איצט איז גאַליציען, דער גרעסטער חלק פון גאַליציען, אריבער אין אַן אַנדער רשות. דער פירסט באָברינסקי האָט אין לעמבערג

שוין געהאַלטען זיין ערשטע רעדע. קיין חידושים זיינען אין איהר ניטאָ, די אַלט בעקאַנטע רוסישע דרשה: דערמאָנט די פּוילען, דער־מאָנט די רוטהענען און פערשוויגען די אידען. פירשט באָברינסקי האָט צוגעזאָגט איינצופיהרען די רוסישע שפּראַך און די ר ו ס י ש ע ז י ט ע ן אין דער נייער מדינה. דאָס איז דער אָנהויב פון דער פערשפּראָכענער פּוילישער אויטאָנאָמיע. דאָס איז דער ערשטער גרוס פאַר די „ליעבע אידען“.

א טעלעגראַמע האָבען מיר אַלע געלייענט, אַז זעקס טויזענד אַנטלאָפענע אידען פון מזרח גאַליציען זיינען אָנגעקומען אין ניקאָלסבורג. עס איז ניט געווען וואו אַריינצולאָזען זיי, האָט מען פאַר זיי אויף גיך אויפגעשלאָגען געצעלטען אויסער'ן שטאָדט. די זעקס טויזענד אַנטלאָפענע, הייסט דאָס, זיינען איצט מקיים דעם דין פון ס ו כ ה מיט אַלע תגין. די, וואָס האָבען ניט געקאָנט אַנטלויפען, ריכטען אָב סוכה ביי זיך אין דער היים.

א שוידער געהט איבער'ן לייב, ווען מען שטעלט זיך איצט פאָר די נייע לאַגע פון אונזערע גאַליצישע ברידער, וועלכע האָבען אויך אין אונגליק קיין מזל ניט.

10 אָקטאָבער, 1914.

# די אחריות פון אַ אידישער פערטרעטונג.

זייט עס איז ארויס דער מאַניפעסט פון רוסישען צאַר, אָדער ריכטיגער, זייט עס איז ארויס דער קלאַנג וועגען דעם מאַניפעסט פון רוסישען צאַר צו זיינע „ליעבע אידען“, זיינען אריבערגעגאַנגען פולע צוויי חדשים. זייט עס איז ארויס דער בעפעהל, אָדער ריכטיגער דער קלאַנג וועגען אַ בעפעהל, אַז מהיום והלאה קאָנען אויך אידישע סאָלדאַטען — ווען זיי בעזיצען דעם נויטיגען בילדונגס־גראַד, — וועלכע וועלען זיך אויסצייכענען דורך גבורה און העלדענמוטה אין דער מלחמה, ווערען אָפיציערען אין דער רוסישער אַרמעע און אפילו אויך אין דער פלאָטע — זייט עס איז ארויס דער קלאַנג מכח אַזאַ מין בעפעהל זיינען אויך אריבערגעגאַנגען אָן ערך צוויי חדשים. אין די ערשטע טעג האָט מען געפּויקט און געקלונגען וועגען די נייע ישועות אויף די רוסישע אידען. דאָס פּויקען און דאָס קלינגען איז געוואָרען אַלץ שוואַכער און שוואַכער, און אין די לעצטע טעג הערט מען פון די הילכיגע ידיעות נאָר אַ גאַנץ מאַטען בת קול, ווי דאָס עכאָ פון דער יום־כפור׳דיגער תקיעה גדולה, נאָך דעם ווי דער בעל־תפלה האָט שוין אַ קלאַפּ געטהאָן מיט זיין טרויעריגער שטימע דעם וואָכעדיגען „והוא רחום“.

גרויסע מאַמינים זיינען מיר פון אָנהויב אָן ניט געוועזן. ערשטענס האָבען מיר ניט פערשטאַנען, ווי אַזוי מען זאָל זיך קענען פערלאָזען אין אַזאַ וויכטיגער פראַגע אויף ידיעות, וואָס קומען אָן עפּעס אַזוי מן הצד, ווי דער העברעער זאָגט: קלוטות מן האויר, דאָס הייסט, זיי קומען פון דער לופט. אַ ווינד האָט זיי געבראַכט. היינט בלאָזט דער ווינד פון ענגלאַנד, מאָרגען פון קאָפּענהאַגען און איבערמאָרגען גאָר פון רוים. פון ענגלאַנד קומען זיי אָן איינגעשלייערט אין נעבעל, פון קאָפּענהאַגען בעדעקט מיט אַ פרעסטעלע און פון רוים עטוואָס פערשטויבט. ווען עס האַנדעלט זיך וועגען

אַ קליינינקייט, וועגען ניט צולאָזען, צום ביישפּיעל, אידישע קינדער
אין אַ גימנאַזיום אָדער אַ האַנדעלס־שולע, פּוילט זיך ניט דער רוסי־
שער צאַר צו געבען זיין אייגענע חתימה. דאַרף מען אַרויסטרייבען
עטליכע אידען פון אַ דאָרף, וואו זייערע טאַטעס און זייערע זיידעס
האָבען געלעבט, פּוילט זיך ניט דער מיניסטער אַליין, ער איז זיך
מטריח און גיט אַרויס אַן אייגענהענדיגען „אוקאַז“. און דאָ, ביי
אַזאַ וויכטיגען אַקט, וואָס איז נוגע זיעבען מיליאָנען רעכטלאָזע
און פערפאָלגטע מענשען־קינדער, לאָזט מען אַרויס דראָטלאָזע
ידיעות און מען צובלאָזט זיי אויפ'ן ווינד נאָך אַלע וועלט־ריכטונגען.

צווייטענס איז געוועזען איין פּונקט אין די ידיעות גופא, וועל־
כער האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט אונזערע ספקות. עס האָט גע־
הייסען, אַז פון היינט אָן מאָגען אידען ווערען אָפיציערען ניט נאָר
אין דער אַרמעע, נאָר אויך אין דער פלאָטע. איז עס דאָך אָבער
ידוע, אַז די רוסישע פלאָטע איז אידען־ריין, אַז אין דער פלאָטע
איז ניטאָ אפילו קיין איינציגער אידישער מאַטראָז. מוז מען דאָך
אָנהויבען, ווען מען טהוט שוין תשובה, פון די מאַטראָזען און ניט
פון די אָפיציערען, אויב ניט, איז עס דאָך נאָר אַ בייזער וויץ.

ליידער האָבען זיך אונזערע ספקות דערווייל אַרויסגעשטעלט
ריכטיג. און עס איז נאָך טרויעריגער און האָפנונגסלאָזער ווי מיר
האָבען גערעכענט. מיר קענען צו נוט די רוסישע רעגיערונגס־טאַק־
טיק און איהרע שמד־שטיק און ווייסען וואָס זיי בעדייטען. ווען מען
ווערט גערדרענגט פון דער עפענטליכער מיינונג און מען מוז יוצא זיין
אַנטקעגען דער וועלט פון איין זייט, און פון דער אַנדער זייט וויל
מען דאָך ניט אָבזאָגען זיך פון דער אַלטער שיטה פון אונטער־
דריקונגען און פערפאָלגונגען, זוכט מען אויס איינעם אָדער איינינע
פון די העכערע רעגיערונגס־בעאַמטע, און מען וואַרפט אַרויף אויף
זיי די שולד. דער הערשער אַליין, הייסט עס, האָט אין זיין גרויס
גנאָד און באַרמהערציגקייט געוואָלט לייכטער מאַכען די לאַגע פון
די אונטערדריקטע, אָבער איינינע מיניסטאָרען האָבען זיך געשטעלט
אַנטקעגען דעם נייעם פּלאַן פּעסט ווי אַ מויער און האָבען ניט צו־
געלאָזען, אַז ער זאָל אָנגענומען ווערען. די ידיעה ווערט פאַנאַנדער־

שיקט אין די גאנצע וועלט, און דאָס ציעל ווערט עררייכט. עס געפינען זיך נאָך ווייכהערציגע, בעלי רחמים, וואָס האָבען מיטלייד מיט דעם אָרימען הערשער, וועלכער האָט נעביך ניט קיין שליטה איבער זיינע אייגענע מיניסטאָרען. די נאאיווע הויבען אָן ווירקליך צו גלויבען, אז נאָר די פּאָר מיניסטאָרען האָבען מעכב געווען די גאולה, אז נאָר צוליעב זיי איז אָבגעלעגט געוואָרען די אידישע ישועה, און אָנשטאָט דערשטיקט צו ווערען פון אינוועניגען צאָרן איבער די טרפה'נע רוסישע פּאָליטיק, ווערען זיי אין כעס אויף דעם אידישען שלעכטען מזל: א פּאָלק א שלים-מזל! אזוי נאָהענט געווען פון גליק, דארף זיך מאכען, אז גראָד אין דעם מאָמענט איז טשעגלאָוויטאָוו יוסטיץ-מיניסטער; וואָלטען מיר אָנשטאָט טשעגלאָוויטאָוו'ען געהאט צוויי קריוואָשעאינס, וואָלטען שוין אפשר אָנגעשטאנען משיח'ס צייטען פאר די רוסישע אידען.

און דערין ליעגט דאָס טרויעריגסטע. מען שיט די אידען און דער עפענטליכער מיינונג זאמד אין די אויגען, כדי זיי זאָלען ניט דערוויסען זיך פון דעם אמת. מען וויל פערגלעטען די מורא-דיגע עולה פאר די צייט פון דער מלחמה. דערנאָך, ווען די מלחמה וועט פאָראיבערגעהן, וועט מען שוין פארטיג ווערען אי מיט דער עפענטליכער מיינונג, אי מיט די אידען. אין דער טאקטיק פון דער אינוועניגער אונטערדריקונגס-פּאָליטיק איז רוסלאנד תמיד געווען גרויס, און די רעגיערונג האָט איצט אָנגעווענדעט איינע פון איהרע אלטע מעטהאָדען.

מיט אייניגע טעג צוריק האָב איך ערהאלטען ידיעות פון רוס-לאנד פון איינעם, וואָס ווערט בעטראכט אין רוסלאנד פאר א גרויסען קענער פון דער אינוועניגער רוסישער פּאָליטיק. ער איז אויך בעקאנט ווי איינער פון די עדעלסטע אידישע פּאטריאָטען. ער שרייבט מיר, אז מיר זאָלען זיך ניט לאָזען בלענדען פון פאלשע, אויפגעבלאָזענע נאכריכטען, פון גרונדלאָזע הבטחות, וואָרים, אזוי שרייבט ער, ווען די רוסישע רעגיערונג וואָלט באמת געפּאסט אָן ערנסטען בעשלוס צו מאכען א סוף צו די אידישע צרות, וואָלטען זיך שוין געצייגט אייניגע סמנים אין דעם ווי זי בעהאנדעלט די אידען איצט, און די אידען ווערען איצט, אין דער צייט פון דער

מלחמה, בעהאנדעלט ניט בעסער ווי א גאנץ יאָהר. מען פערפאָלגט
די גרויסע, מען היט אָב אַלע חומרות. מען טרייבט זיי, וואו מען
קאָן זיי נאָר טרייבען, און די קליינע אידישע קינדער שמאכטען
נאָך פון בילדונגס־דורשט און געפינען אומעטום נאָר פערשלאָסענע
טהירען. ניט נאָר דאָס אַלטע ווערט ניט אָבגעשאפט, עס קומען
נאָך צו נייע גזרות׳לעך, וואָס פערפאָלגען נאָר איין ציעל, צו פער־
ניפטען די אידען דאָס לעבען. בכן, שרייבט מיר מיין פריינד,
זיינען מיר, וואָס געפינען זיך אין גליקליכערע פערהעלטניסע, מחויב
ניט צוצולאָזען אז דער שקר זאָל זיעגען. מיר זיינען מחויב צו
אונטערנעהמען שריט, אז ווען די נאציאָנען וועלען זיך פערזאמלען
צו בעשליעסען דעם גורל פון מדינות און פעלקער, זאָלען מיר חלילה
ווייטער ניט בלייבען די אָבגענארטע, ווי עס האָט שוין ניט איין
מאָל פאסירט מיט אונז.

דערווייל האָט מען אונז שוין געגעבען אָנצוהערעניש, און
דוקא פון אַן אָפיציעלער זייט, אז קיינער וועט ניט וועלען זיך
אריינמישען אין „די אינערע אנגעלעגענהייטען“ פון רוסלאנד.
די פראגע פון די זיעבען מיליאָנען אידען איז אַן אינוועניגע אנגע־
לעגענהייט, וואָס איז ניט נוגע די אַנדערע מדינות. דאָס הייסט,
די רוסישע רעגיערונג בעפעסטיגט זיך שוין איצט הינטער א דיקער
וואנד, אויף דעם פאל, ווען מען וועט וועלען מאכען אויף איהר אַן
אטאקע. דאָס הייסט, רוסלאנד האָט אויסגעפונען א פאראגראף
פון אינטערנאציאָנאלען שולחן־ערוך, און פערציהט דערביי א פרום
פנים. פון ערפאהרונג ווייס די רוסישע רעגיערונג, אז דיעזער
מיטעל איז איהר ניט איין מאָל בייגעשטאנען אין דער נויטה. אזוי
איז געווען אין די אכטציגער און אין די נייצנציגער יאָהרען פון
פאָריגען יאָהרהונדערט, אזוי איז געווען אין אָנפאנג פון איצטיגען
יאָהרהונדערט, ווען די ערשטע עמודים פון דער נייעסטער אידישער
געשיכטע אין רוסלאנד זיינען בעשריעבען געוואָרען מיט פייער און
בלוט. פראָטעסטען פון איין זייט און תחנות און בקשות פון דער
אנדער זייט האָבען גאָר נישט געהאָלפען. די רוסישע רעגיערונג
איז געבליבען שטייף אין דער דעה, ווייל זי האָט זיך געשטיצט
אויף דעם אינטערנאציאָנאלען שולחן ערוך. און וויפיעל צביעות

שטעקט דערין. מיר זעהען, ווי פעלקער שאפען אָב אַלטע דינים און מנהגים, ווען די דינים און די מנהגים פּאַסען זיי ניט מעהר. מיר זעהען, ווי זיי טרעטען מיט די פיס אפילו אזוינע דינים, וואָס פון זיי האָט מען געזאָגט, אַז זיי שטאַמען גלייך פון גאָט, ווען די דינים שטערען זיי אין זייער פּרנסה. נאָר ווי עס קומט צו די אידען, עפענט מען אויף דעם אַלטען אינטערנאַציאָנאַלען שולחן־ערוך און מען ווערט מיט איין מאָל פרום און שטיל, מען וויל כלומר'שט ניט אָנריהרען דאָס, וואָס איז הייליג געוואָרען.

די פראגע פון די זיעבען מיליאָנען רוסישע אידען, ווען מיר זאָלען קענען האָפען, אַז זי זאָל פערענטפערט ווערען, מוז ארויס־געשלעפּט ווערען פון דער מחיצה, וואָס די רוסישע רעגיערונג האָט ארומגעבויט ארום איהר. זי מוז בעהאַנדעלט ווערען מיט דעם זעלבען ערנסט, ווי עס וועט בעהאַנדעלט ווערען די פּוילישע פראַגע, צום ביישפּיעל. גענוג זיינען די אידען שוין געשטראָפט געוואָרען דערמיט, וואָס זיי האָבען ערגעץ ניט קיין מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג, און וויפיעל רעכט דאָס געזעץ זאָל ניט שאַפען פאַר זיי, וועלען זיי נאָך שטענדיג בלייבען די שוואַכערע, די רעכטלאָזע, זיי וועלען שטענדיג בלייבען אין עקאָנאָמישער און גייסטיגער אָב־הענגיגקייט פון דער פרעמדער סביבה. אָבער צוליעב דעם וואָס זיי זיינען אין אַ שלעכטערער לאַגע ווי די אַנדערע פעלקער, זאָל מען זיי נאָך ווייטער בעשרענקען און בעטראַכטען נאָר ווי אַ נעבען־זאַך, ווי „אַן אינווענינגע אנגעלעגענהייט“. וואָס האָט ניט קיין זעלבסטשטענדיגע בעדייטונג פאַר דער וועלט — וואו בלייבט דער אינטערנאַציאָנאַלער יושר? אלא וואָס דען, אייער שולחן ערוך פּסק'ענט אזוי — טאָ זייט ניט צביעות'דיג און מאַכט איבער איינינגע פּאַראַגראַפען אין אייער שולחן ערוך, און ברענגט עגלה ערופה פאַר דאָס אידישע בלוט, וואָס איז ביז איצט פערגאָסען געוואָרען צוליעב אייער קאָנסערוואַטיזם, צוליעב אייערע צביעות...

דאָס איז די טענה, מיט וועלכער די אידישע פערטרעטונג מוז דיעזעס מאָל ערשיינען פאַר דער ציוויליזירטער עפענטליכקייט. זאָגט מען זיך אָב פון דיעזער פאָרמולירונג און מען שטעהט ווייטער, ווי מען איז ביז איצט געשטאַנען, און מען בעט רחמים פאַר זיעבען

מיליאָנען איינצעלנע פּערזאָנען, וועט מען אויספיהרען ניט מעהר, ווי מען האָט ביז איצט אויסגעפיהרט.

וועה אונז, ווען אונזערע פערטרעטער וועלען וויעדער אויס־בייטען דאָס גרויסע אידישע פּראָבלעם אויף קליין־געלד, אָפּעריען מיט אַלטע בעגריפען און אָנווענדען די אַלטע מעטהאָדען. זעהען מיר דען ניט, אַז די געשיכטע רעכענט זיך איצט ניט מיט דעם פּרט, אַז זי האָט צו טהאָן מיט דעם כּלל? פערשטעהען מיר דען ניט, אַז אפילו זיעבען מיליאָנען קאָנען בלייבען מעהר ניט ווי אַ פּרט, ווי זיעבען מיליאָנען יחידים, ווען מען פאַסט זיי ניט אויף ווי אַ געשלאָסענע איינהייט, ווען מען ערקענט ניט אָן זייער רעכט, ווי די רעכט פון אַן איינהייט?

גרויס איז די אחריות, וואָס די אידישע פּערטרעטער וועלען איצט נעהמען אויף זיך, זיי מוזען גוט מהרהר בתשובה זיין, איידער זיי וועלען מאַכען דעם ערשטען פעראַנטוואָרטליכען שריט.

13 אָקטאָבער, 1914.

# די אידיש־פוילישע בעציהונגען.

## I.

### די טראגישע ראלע פון די אידען אין פוילען.

שוין נאך די ערשטע פאגראמען, וואס זיינען געקומען אויף די רוסישע אידען ווי א קאטאסטראפע מיט עלעמענטארער קראפט אין די אכציגער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט, האט זיך אנגעהויבען גלייך מיט דער מאסען־אויסוואנדערונג נאך די פער־שיעדענע וועלט־טיילען אויך אן אונבעדייטענדע אינוועניגסטע אידישע אויסוואנדערונג אין רוסלאנד גופא. צום בעדויערען האבען מיר אפילו קיין סימן ניט פון א סיסטעמאטישער גרונדלאגע וועגען דיעזער אינוועניגסטער אויסוואנדערונג, און מיר מוזען יוצא זיין, ווען מיר רעדען פון איהר, מיט השערות, און דעריבער איז אויך שווער אבצושעצען איהר בעדייטונג און איהר איינפלוס אויף די ווייטערע ענטוויקלונג און געשטאלטונג פון דעם רוסיש־אידישען לעבען. גלייך נאך די ערשטע פאגראמען האבען זיך אנגעהויבען שטארקערע רדיפות אויף די אידען, וואס האבען געלעבט אויסער דער „טשערטא“ אהן זכיות, אויף די צעהנדליגע טויזענדע פאמי־ליען פון די אידישע ישוב׳ניקעס, אויף די, וואס האבען ארענדירט „אימעניעס“, וועלדער, מיהלען, מילך־ווירטשאפטען און אזוי ווייטער. דיעזע אלע עלעמענטען, — מיר ווייסען אפילו ניט די בערך׳דיגע צאהל פון די משפחות, — זיינען געווען געצוואונגען אויסצואוואנדערען פון זייערע אלטע ערטער און זוכען פאר זיך א נייע היים. און מערקווירדיג, געראד דיעזע עלעמענטען זיינען ניט געגאנגען נאך אמעריקא, וואוהין עס האט געפלייצט דער הויפט־שטראם פון דער אידישער אויסוואנדערונג. אמעריקא איז צו יענער צייט נאך ניט געווען אזוי פאפולער, און א נסיעה איבער׳ן „ים אוקינוס“ האט נאך געשראקען דעם געוועזענעם ישוב׳ניק און

דעם אידישען האנדווערקער, וואס האט ביז אהער געלעבט אין א
פרעמדער ניט אידישער סביבה. די אויסוואנדערונג אין אמעריקא
האט אין די ערשטע יאהרען פערכאפט צום גרעסטען טייל די גרע־
סערע שטעדט און די שטעדטלעך ארום גרענעץ, וואו דער עולם איז
געווען „וועלטליכער“, וואו ער איז געקומען אין בעריהרונג מיט
דער גרויסער וועלט.

א גרויסער חלק פון דיעזע עלעמענטען הויבט אן צו דער־
זעלבער צייט אויסצואוואנדערען פון די „רוסישע“ געגענדען נאך
רוסיש־פוילען; הויפטזעכליך נאך די גרויסע שטעדט, ווארשא,
לאדז, פיעטריקאוו א. א. וו. ערשטענס, איז פוילען שוין צו יענער
צייט געווען ענטוויקעלטער אין אינדוסטריע און האנדעל, און
צווייטענס האבען זיך די אידען דארט געקאנט פיהלען אין מאנכע
הינזיכטען פיעל פרייער, ווייל די רוסישע רעגיערונג האט זיי
דארט פיעל וועניגער אונטערדריקט און האט זיי געגעבען פיעל
מעהר בעוועגונגס־פרייהייט. די רוסישע רעגיערונג האט זיך
ארומגעזעהן, אז זי קאן אויסנוצען די נייע אידישע עלעמענטען צו
איהרע צוועקען. דער הויפט־צוועק פון דער רעגיערונג איז בע־
שטאנען אין דער רוסיפיצירונגס ארבייט פון פוילען, זי האט זיך
בעמיהט מיט אלע מיטלען צו שאפען אין פוילען א „רוסישע אטמא־
ספערע“. זי האט רוסיפיצירט די פערוואלטונג, די אייזענבאהנען,
די קרעדיט אנשטאלטען, און מעהר פון אלעם די שולען. א מחנה
פון רוסישע בעאמטע, גרויסע און קליינע, און דוקא ניט די בעסטע,
האבען פערנומען אלע פלעצער, וואו די רעגיערונג האט נאר געקאנט
זאגען א דעה. די בעאמטע האבען בעקומען העכערע שכירות ווי
אומעטום, ווייל די רעגיערונג האט זיי געוואלט מפצה זיין פאר
זייער עקסטרא ארבייט צו רוסיפיצירען דאס לאנד. די ארבייט
איז אבער אנגעגאנגען זעהר לאנגזאם און אהן גרויסען ערפאלג,
ווייל מעהר ווי די רוסישע בעאמטע האבען געווירקט אויף דער
סביבה, האט אומגעקעהרט די פוילישע סביבה געווירקט אויף זיי.
זי האט זיי שטארק בעאיינפלוסט און מיט דער צייט האט זי זיי
פערוואנדעלט אין אנדרוגינוס׳ען: האלב רוסיש האלב פויליש. א
ריינע, הארבע און קרעפטיגע רוסישע שפראך מיט אלע תגין האט

מען געקאָנט הערען נאָר אין „אוטשאַסטאָק“, ווייטער איז אַלץ געווען פערדאָרבען, געמישט, ניט עכט.

נאָך שווערער, פיעל שווערער איז עס צוגעגאַנגען מיט דער רוסיפיצירונג פון דעם האַנדעל, פון דער געזעלשאַפט און פון דער גאַס. אין האַנדעל איז דאָך יעדער פריי, מען קאָן דאָך ניט צווינגען דעם סוחר, אַז ער מוז רעדען מיט דעם קונה דוקא אין אַ בעשטימ־טער שפּראַך, און ווען מען זאָל איהם שוין יאָ צווינגען דורך אַ געזעץ, קאָן מען דאָך איהם ניט קאָנטראָלירען. אין די געזעלשאַפט קאָן מען אויך קיין בעאַמטע ניט שיקען, און די גאַס הענגט אָב פון דעם האַנדעל און פון דער געזעלשאַפט, וואָס פאַר אַ גייסט עס הערשט דאָרט, הערשט אויך אין גאַס.

די רוסישע רעגיערונג האָט גערעכענט, אַז עס וועט זיך איהר איינגעבען אַריינצוטראָגען די רוסישע אַטמאָספערע אין די געזעל־שאַפט דורך די טויזענדע אָפיצירען, וועלכע פערנעהמען געוועהנליך אַ העכערע געזעלשאַפטליכע שטעלונג. די אָפיצירען האָבען דאָך ליעב אַ לעב צו טהאָן, און די „געזעלשאַפט“ וועט געוויס ניט קאָנען ביישטעהן אַנטקעגען דעם רוסישען אָפיציר. בפרט נאָך אין צייטען פון שלום, ווען דער רוסישער אָפיציר האָט זיך תמיד אַרויס־געוויזען ווי אַ העלד. מען האָט נאָך פוילען דוקא געשיקט די שעהנ־סטע און רייכסטע אָפיצירען, כדי זיי זאָלען קאָנען אָנגעבען דעם טאָן. אָבער אויך דאָ האָט די רעגיערונג אַ טעות געהאַט. זי האָט געמאַכט דעם חשבון אָהן דעם בעל־הבית, אָדער ריכטיגער — אָהן די בעל־הבית׳טע. אין די פיינערע, העכערע געזעלשאַפט האָבען די רוסישע אָפיצירען אין פוילען קיין צוטריט ניט געהאַט, זיי האָבען דאָרט שטענדיג געפונען פאַר זיך פערשלאָסענע טהירען. זיי האָבען געמוזט פערקעהרען אין די מיטעל־קלאַס קרייזען, צווישען געפאַלענע „פּריצים“ און עהנליכע קרייזען. און אויך אין דיעזע קרייזען האָבען זיי געהאַט גליק אין פערשיעדענע הינזיכטען, אָבער ניט אין דער הויפּט־הינזיכט, אין וועלכער די רעגיערונג איז געווען פעראינטע־רעסירט. אָנשטאָט צו נעהמען אויף זיך די ציוויליזאַטאָרישע ארבייט פון אַ לעהרער און זעהן, אַז די פוילישע „פּאַניענקעס“ זאָלען זיך אויסלערנען רוסיש, האָבען די אָפיצירען זיך אויסגעלע־

רענט פויליש. דער רבי האָט זיך פערוואַנדעלט אין א תלמיד און האָט פליסיג שטודירט.

בקיצור, די רוסישע רעגיערונג האָט אָנגעשטרענגט אלע איהרע כחות צו מאַכען פון פוילען א רוסישע פּראָווינץ, אָבער די מיטלען, וועלכע זי האָט אָנגעווענדעט, האָבען זיך ארויסגעשטעלט אלס צו שוואַך. היינט שטעלט זיך פאָר, אז מיט אמאָל פאַלט אראָב פאר דער רוסישער רעגיערונג א מציאה פשוט פון הימעל. עס וואַנדע־רען אוים נאָך פוילען עלעמענטען, וועלכע האָבען זייער גאַנצעס לעבען צוגעבראַכט אין א רוסישער אָדער אין א האַלב רוסישער סביבה. די מייסטע פון זיי דרינגען אריין אין רעכטען צענטער פון פוילען, אין וואַרשאָ, עפענען דאָרט געשעפטען און טראָגען אהין אריין ניט ווילענדיג דעם גייסט, די מנהגים און די אופנים פון לעבען, צו וועלכע זיי זיינען צוגעוועהנט פון פריהער. אמת, אין רוסלאַנד גופא האָט מען דיעזע עלעמענטען פעראַכטעט, מען האָט זיי גערעכענט פאַר „פרעמדע“, אָבער דאָ אין פוילען און פאר פוילען זיינען זיי געווען „רוסיש“ דרעסירט און מען קאָן מיט זיי דערוויי־ל יוצא זיין. דערצו נאָך ברויכט מען זיי קיין שכירות ניט צאָהלען, זיי זיינען פשוט א ריינער געווין.

דיעזע ערקלערונג און דיעזע אויפפאַסונג פון דער ראָליע פון די נייע איינגעוואַנדערטע אידישע עלעמענטען אין רוסיש־פוילען קאָן מען געפינען אין די אָפיציעלע בעריכטען, וואָס דער וואַרשויער גענעראַל־גובערנאַטאָר פלעגט צושטעלען דער צענטראַלער רעגיע־רונג אין פעטערבורג, און דעם אָבקלאַנג פון דיעזער אויפפאַסונג האָט מען נאָך געהערט אין די דעבאַטען פון דער רוסישער דומע, ווען מען האָט גערעדט מכח נייע געזעצען אין דער פוילישער פער־וואַלטונג. מפורסמ'דיגע אַנטיסעמיטען זיינען דערויף בעשטאַנען, אז מען זאָל דוקא אין פוילען צולאָזען די אידען צו דער שטאָדט־פערוואַלטונג, ווייל זיי זיינען דאָרט זעהר ניצליך. מען קאָן בעגרייפען, וויפיעל גיפט, וויפיעל פּראָוואָקאַ־ציאָן עס שטעקט אין אזא מין בעגרינדונג פון אידישער גלייכ־בערעכטיגונג אין פוילען.

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט עטוואָס אויספיהרליכער אויף

דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ראָליע, וועלכע עס האָבען געשפּיעלט
די איינגעוואַנדערטע רוסישע אידען אין רוסיש־פּוילען, ווייל דאָ
ליעגט דער שליסעל, וועלכער עפענט אונז דעם וועג צו די בעציהונ־
גען, וואָס האָבען זיך אין דער לעצטער צייט געבילדעט צווישען דער
פּוילישער און דער נייער אידישער בעפעלקערונג, אז מיר זאָלען זיי
ריכטיג תופס זיין און מיט פערשטענדעניס אורטיילען איבער זיי.

אין דעם אומשטאַנד, וואָס די איינגעוואַנדערטע רוסישע אידען
אין פּוילען זיינען געווען נ י ט ו ו י ל ע נ ד י ג א ווערקצייג
אין די הענד פון דער רוסישער רעגיערונג, א ווערקצייג, וואָס איז
געווען געריכטעט געגען די גייסטיגע פּוילישע אינטערעסען, ליעגט
די גאַנצע טראַגעדיע פון די נייע אידישע עלעמענטען אין פּוילען.
די נויט האָט זיי געצוואונגען, די רוסישע רדיפות האָבען זיי געטריי־
בען צו דיענען אגב אורחא אַנדערע אינטערעסען. אין דער איבער־
גאַנגס־צייט האָבען די איינגעוואַנדערטע רוסישע אידען געמוזט
בעדינען זיך, אין פערקעהר מיט ניט אידישע עלעמענטען, מיט דער
רוסישער שפּראַך, ניט אויס ליעבע צו איהר, נאָר ווייל זיי האָבען
די פּוילישע שפּראַך ניט פערשטאַנען. און ווען זיי האָבען זיך אפילו
בעמיהט וואָס שנעלער צו לערנען פּויליש, איז עס ערשטענס
ניט לייכט פאַר ערוואַקסענע אויסצולערנען שנעל א נייע שפּראַך,
צווייטענס האָבען די פּוילען דאָס ניט געמערקט. די פּוילישע
אויערען האָט נאָר געקראַצט די רוסישע שפּראַך פון די ניי איינגע־
וואַנדערטע, די פּוילען האָבען ניט געוואָלט אריינגעהן אין תוך פון
דיעזער ווירקליך משונה'דיגער ערשיינונג, פאַר זיי איז געווען גענוג
די טהאַט־זאַך, און די שנאה איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג צו די
„פרעמדע", צו די „פערדערבער", צו די וואָס שטערען זיי אין זייערע
נאַציאָנאַלע אויפגאַבען.

מיר ווילען דערמיט ניט זאָגען, אז ווען דער אומשטאַנד וואָלט
ניט געווען, וואָלטען די פּוילען זיך פערוואַנדעלט אין אידען־פריינד,
די פּוילען בעזיצען דעם געוועהנליכען אנטיסעמיטיזם ניט וועניגער
ווי די אומות העולם פון א גאַנץ יאָהר. איינס איז אָבער זיכער,
די שנאה צו די אידען וואָלט אין פּוילען ניט אָנגענומען אזעלכע
שרעקליכע פאָרמען, ווען די פּוילישע בעפעלקערונג וואָלט ניט געווען

אזוי געקרענקט דורך די אידיש־רוסישע איינוואנדערונג אין איהרע בעסטע נאציאנאלע געפיהלען.

אין אנהויב פון די נײנציגער יאהרען פון פאריגען יאהר־הונדערט קומט די צווייטע קאטאסטראפע אויף די רוסישע אידען, עס קומט דער גירוש־מאסקווע. דא הויבט זיך אן א נייער קאפי־טעל אין דער אידישער אינערער אויסוואנדערונג. זי ווערט אינ־טענסיווער, און פוילען, הויפטזעכליך ווארשוי און לאדז, ווערט פון איהר נאך שטארקער בעאיינפלוסט און צוליעב דעם הויבט זיך אויך אן א נייער דף אין די פויליש־אידישע בעציהונגען.

## II.

## געשמיסען דעם פאלאק מיט דעם איד.

אין פאריגען קאפיטעל האבען מיר געזוכט אויפצודעקען די טיעפע סבות, וואס האבען געפיהרט צו געשטייגערטע אנטיסעמיטי־שע בעציהונגען פון דער פוילישער געזעלשאפט אין רוסיש־פוילען צו די נייע איינגעוואנדערטע אידישע עלעמענטען. נאר דאך האט זיך נאך דער אנטיסעמיטיזם געהאלטען אין בעשטימטע גרעניצען און האט ביז די נײנציגער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט נאך ניט אנגענומען די שרעקליכע פארמען, וועלכע ער האט אנגעהויבען אנצונעהמען פון די נײנציגער יאהרען און ווייטער. די פוילישע געזעלשאפט איז געווען אויפגעבראכט געגען די נייע, פרעמדע, ניט־געבעטענע אידישע עלעמענטען, און ווען עס וואלט געווען פון איהר אבהענגיג, וואלט זי זיי געוויס ניט אריינגעלאזען אין פוילען. די פוילישע געזעלשאפט וואלט אין דעם פאל געהאנדעלט ווי עס האט געהאנדעלט פרייסען צום ביישפיעל. זי וואלט געשלאסען די גרעניץ פאר די פרעמדע. די רוסישע רעגיערונג איז אבער דוקא געווען צופריעדען דערמיט, וואס זי האט געקענט דורך די אידישע איינוואנדערער פערזעצען א קלאפ אזוי זיך, ווי גאר אהן א שום כונה, דער פוילישער בעפעלקערונג, מיט וועלכער זי פיהרט א שטענדיגע מלחמה, זינט פוילען איז צוטיילט געווארען צום דריטען מאל.

נאָך אַלעמען אָבער זיינען די אידישע אימיגראַנטען אין רוסיש־פּוילען בעשטאַנען פון עלעמענטען, וועלכע האָבען געהערט צו די שוואַכע עקאָנאָמישע קלאַסען. דאָס זיינען געווען מייסטענס קליינע קרעמער, האַנדווערקער און קאָמיסיאָנערען. מען האָט זיי געהאַסט, מען האָט זיי בעטראַכט ווי איבערפליסיג, שעדליך, אָבער פון נאַציאָ־נאַלער קנאה האָט נאָך ניט געקאָנט זיין די רעדע, ווייל זיי האָבען נאָך ניט דערגרייכט צו דער געזעלשאַפטליכער מדרגה, וואו עס הויבט זיך אָן די אמת׳ע קנאה, האַס פערבונדען מיט נייד, מיט ניט פערגינען. אויך מוז מען פערשטעהן, אַז גראָד די שוואַכערע געזעלשאַפטליכע קלאַסען זיינען ניט געווען אַזוי געפעהרליך פאַר די נאַציאָנאַלע קולטור, ריכטיגער, מען האָט זיי ניט בעטראַכט פאַר זעהר געפעהרליך. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט צו יענער צייט נאָך גאָר קיין פאָרשטעלונג ניט געהאַט, אַז גראָד די נייע אידישע מאַסען טראָגען אַריין אין לעבען אויסער די **אָבערפלעכליכע** רוסישע קולטור, וואָס בעדעקט זיי מעהר ניט ווי אַ דינע היטעל, אַן אַנדער קולטור, אַן אייגענע, וועלכע געהט פיעל טיעפער, וועלכע האָט וואָרצלען אין דער אידישער נשמה. די פּוילישע געזעל־שאַפט האָט צו יענער צייט נאָך ניט בעגריפען, אַז אויב עס וועט מיט דער צייט יאָ קומען צו אַ צוזאַמענשטויס, וועט דאָס ניט זיין צווישען די איינגעוואַנדערטע עלעמענטען אַלס טרעגער און פער־מיטלער פון דעם רוסענטום און פּוילענטום, נאָר צווישען אַ שטאַרק אויסגעשפּראָכענעם אידישען גייסט, וועלכער אָפּענבאַרט זיך אין דער ליטעראַטור, אין דער קונסט און אַזוי ווייטער, און צווישען דעם פּוילישען גייסט, וועלכער וויל זיין דער אַליין־הערשער און וויל ניט דולדען, אַז נעבען איהם זאָל זיך ענטוויקלען עטוואָס אַנדערעס, וואָס האָט צום פּוילענטום גאָר קיין שייכות ניט.

און דאָ הויבט זיך אָן אין אָנפאַנג פון די נייינציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט גאָר אַ נייער קאַפּיטעל אין די פּויליש־אידישע בעציהונגען. אין יאָהר 1891 הויבט מען אָן צו רייניגען די שטאָדט מאָסקווע פון די אידישע עלעמענטען. די רעגיערונג געהט פאָר מיט שרעקליכער גרויזאַמקייט. אין מאָסקווע רעגיערט דעם קיסר׳ס אַ ברודער, ער ווערט דאָרט ניט בעטראַכט ווי אַ גענעראַל־

גובערנאַטאָר, געגען וועמען מען קאָן נאָך אָפּטמאָל אויפטרעטען — ניין, ער איז דאָרט דער קיסר אליין, זיין וואונש איז אַ געזעץ, ער איז אזוי שטארק ווי פּעטערבורג, ער וויים, אַז קיין מיניסטער וועט ניט האָבען די העזה צו אונטערזוכען, אויב ער האָט ריכטיג געהאַנדעלט אָדער ניט.

און דער גירוש מאָסקווא איז אין אמת געווען איינער פון די שרעקליכסטע אפילו אין דער געשיכטע פון די אידישע רדיפות אין רוסלאנד. די פּאָליציי האָט געהאַנדעלט אָהן ערבארמען. פאמי־ליעס, וועלכע האָבען געלעבט אין מאָסקווא מקדמת דנא, זיינען ארויסגעוואָרפען געוואָרען אין 24 שעה. מען האָט זיי אויסגעזוכט אין אלע פערבאָרגענע ווינקלען מיט אַ שטרענגקייט, ווי דער פרו־מער איד זוכט אויף די ברעקלעך ערב פּסח ביי בדיקת חמץ.

דער ביישפּיעל פון מאָסקווא האָט געווירקט ווי אַן אנשטע־קענדע קראנקהייט אויף די אנדערע געגענדען. עס האָבען זיך געפונען אַנדערע גענעראל־גובערנאַטאָרען און גובערנאַטאָרען, וואָס האָבען זיך געוואָלט „אויסדיענען“ און האָבען נאָכגעטאַנצט זייער „חבר“, דעם גרויס־פירסטליכען הערשער פון מאָסקווא. די אידישע אויסוואנדערונג האָט אָנגענומען גרויסע דימענזיאָנען, און ווי גע־וועהנליך, זיינען די אָרימערע קלאסען געגאנגען מיט זייער הוילער הויט און מיט דעם וואנדער־שטעקען אין דער האנד נאָך אמעריקא, און די בעמיטעלטערע און די רייכע האָבען געזוכט פאר זיך נייע מעגליכקייטען אין רוסלאנד גופא.

אין מאָסקווא האָבען געלעבט עטליכע צעהנדליג טויזענד אי־דען, וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט דער גרויסער סוחרישער וועלט, הויפּטזעכליך אין דער געוועב־אינדוסטריע. די מאָסק־ווער סוחרים, די עכט רוסישע, האָבען זיך צו זייערע אידען גאנץ גוט פערהאלטען, ווייל זיי האָבען אָהן די אידען פּשוט ניט געקאָנט אויסקומען. זיי האָבען זיך פערווענדעט פאר די נרדפים, אָבער אויך זייערע שתדלנות האָט ניט געהאָלפען, און דער רוב פון די אידישע סוחרים האָט געמוזט אויסוואנדערען און איז געגאנגען נאָך פּוילען, אם מייסטען נאָך ווארשא און לאָדז.

דאָס זיינען שוין געווען גאנץ אַנדערע עלעמענטען, און קולטור־

רעל פיעל שטאַרקערע און איינפלוסרייכערע, ווי די פריהערדיגע. די פריהערדיגע עלעמענטען האָבען גערעדט רוסיש נאָר אין נויט, על פי הדחק, די נייע אידען פון מאָסקווא און די אנדערע אינ־ווענינגסטע גובערניעס האָבען טאַקע גערעדט עכט רוסיש אין געשעפטליכען און געזעלשאַפטליכען פערקעהר, זיי האָבען טאַקע גערעדט רוסיש מיט דער „הברה הספרדית“, געקוועטשט דעם פתח און אויפגעפּאַסט אויף דעם רוסישען דקדוק. די פריהערדיגע עמיגראַנטען האָבען זיך פעררוקט נאָך די נאַלעווקעס, זיי האָבען אין ווארשא געבילדעט די ווארשויער „איסט־זייט“, די נייע זיינען פערקראָכען אויף „מאַרשאַלקאָווסקי“, „נאָווי־סוועט“, און אזוי ווייטער, אין די שעהנסטע און אַריסטאָקראַטישסטע שטראַסען פון דער פוילישער רעזידענץ.

אמת, פוילען האָט אָנגעהויבען ריזיג צו וואַקסען צוליעב דעם אונטערנעהמונגס גייסט פון די נייע אידישע עלעמענטען. ווארשא און לאָדז זיינען ניט נאָר געוואָרען שטאַרקע אינדוסטריעלע צענטרען, נאָר זיי האָבען אָנגעהויבען צו קלאַפּען מאָסקווא און פעטערסבורג אין פיעלע הינזיכטען. די אידען פערשטעהען בעסער דעם אינטערנאַציאָנאַלען פערקעהר, זיי האָבען אויך פערשטאַנען בעסער צו בעהאַנדלען די גרויסע געגענדען פון סיביר, קאַווקאַז און מיטעל־אַזיען, און האָבען מיט דער צייט אריבערגעצויגען צו זיך די גרעסטע קונדשאַפט. די פאַבריקאַנטען פון מאָסקווא זיינען געוועזען געצוואונגען צו גרינדען פיליאַלען פאַר זייערע סחורות אין ווארשא. די פערוואַלטער זיינען געווען די אידען, זייערע אַלטע בעקאַנטע פאַר דעם גירוש.

אָבער אין איינעם מיט דעם עקאָנאָמישען וואוקס פון פוילען, פאַר וועלכען די פוילען האָבען געדאַרפט זיין טיעף דאַנקבאַר גראָד די נייע איינגעוואַנדערטע אידישע עלעמענטען, איז אויך געוואַקסען דער געזעלשאַפטליכער אַנטיסעמיטיזם. דער אַלטער פוילישער האַס האָט געפונען נייעם ברענמאַטעריאַל, און עס האָט אויפגעפלאַקערט די נאַציאָנאַלע קנאה.

און וויפיעל די אידען האָבען זיך ניט בעמיהט צו ערקלערען, אז זיי זיינען ווייט פון יעדער כונה צו שאַדען דער פוילישער קול־

טור, וויפיעל זיי האָבען זיך ניט בעמיהט צו צייגען אדרבא, אַז זיי זיינען גרייט אַנצופּאסען זיך דער נייער סביבה — אלעם האָט ניט געהאָלפען. דער יונגער דור, די קינדער, האָבען פליסיג שטו־דירט פּויליש, בעזוכט פּוילישע שולען, זיך בעמיהט צו פערדרענגען די רוסישע שפראך — דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. די פּוילישע געזעלשאפט איז געבליבען הארטנעקיג, זי האָט ניט געוואָלט אָנ־נעהמען קיין שום תירוץ. זי האָט געקוקט אויף די נייע אידען ווי אויף דעם שונא, וואָס האָט מחלל געווען די הייליגקייט פון ווארשא.

פון דעם ביישפּיעל פון די פּויליש־אידישע בעציהונגען קען מען בעשיינפּערליך זעהען, אַז דער נאַציאָנאַלער האס געהט ניט תמיד ארויס פון עקאָנאָמישע גרינדען. עס טרעפט זיך זאָגאר פערקעהרט, אַז מען איז מקריב דעם עקאָנאָמישען נוטצען צוליעב גאַנץ אַנדערע גרינדען.

לאַנגזאַם אָבער זיכער האָט די רוסישע פארבונג פון דער נייער אידישער געזעלשאפט אין פּוילען אָנגעהויבען בלאסער צו ווערען, דער צווייטער דור האָט זיך שוין גוט אָנגעפּאסט דעם פּוי־לישען כאראַקטער פון לאַנד. אָבער דאָ איז אויסגעוואקסען אַ נייע קולטור, ניט רוסיש און ניט פּויליש. ווארשא האָט אָנגעהויבען צו ווערע אַ צענטער פון אידישער בילדונג און אידישער קולטור, אין ווארשא ענטוויקעלט זיך אַם שטאַרקסטען די העברעאישע און די אידישע ליטעראַטור, אין ווארשא הויבט אָן צו פּולסירען דער אי־דישער דופק.

דאַכט זיך, אויך די פּוילען האָבען געדאַרפט זיין צופריעדען מיט דער ענדערונג. ווארום ווען די פּוילען האָבען מורא געהאַט איינגעשלונגען צו ווערען פון רוסלאַנד, האָבען זיי זיך דאָך ניט געדאַרפט שרעקען פאַר דעם נאַציאָנאַלען אידישען גייסט. אָבער עס איז ניט אַזוי געשעהן. דער געשטייגערטער אידישער גייסט האָט נאָך מעהר אויפגערייצט די פּוילישע געזעלשאפט. דאָס איז געווען אַ היסטאָרישע ערשיינונג. די פּוילען זיינען געווען געוואָהנט צו „מה־יפית“ אידען און האָבען גאָר ניט געקאָנט צולאָזען, אַז די אידען האָבען אויך אַן אייגענעם גייסט, אַן אייגענע קולטור, אַז

אייגענעם לעבענס־אינהאַלט. דאָ זיינען מיר אָנגעלאַנגט צום
אינטערעסאַנטסטען פונקט פון די פויליש־אידישע בעציהונגען.

## III.

## דאָס נייע אידישע צענטרום אין ווארשא.

אין פוילישען לעבען האָט ווארשאַ שטענדיג פערנומען דעם
ערשטען פּלאַץ. ניט קוקענדיג דערויף, וואָס גאַליציען איז געווען
כמעט ווי זעלבסטשטענדיג, וואָס קראַקוי און לעמבערג האָבען גע־
האַט די פוילישע אוניווערזיטעטען און האָכשולען און רוסיש־פוילען
איז סיסטעמאַטיש אונטערדריקט געוואָרען פון דער רוסישער הער־
שאַפט, איז דאָך ווארשא געבליבען דאָס גייסטיגע צענטרום פאַר
גאַנץ פוילען. פון ווארשא זיינען ארויס אלע גייסטיגע שטרעמונגען
ווי אויך אלע פּאָליטישע לאָזונגען. ווארשא איז געווען מאַסגעבענד
פאַר מאָדע, געשמאַק, קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט. ווי
דער פרומער איד ווענדט זיך מיט זיין פנים אין דער ריכטונג נאָך
ירושלים אין אלע זיינע וויכטיגע תפלות, אזוי האָט זיך געווענדט
דער נאַציאָנאַל געזאָנענער פויל אין אלע זיינע בענקענישען, האָפ־
נונגען און ערוואַרטונגען אנקעגען ווארשא. דאָרט האָט ער גע־
פיהלט דעם ברענפונקט פון זיין נאַציאָן, דעם גלאַנץ אין דער פער־
גאַנגענהייט און דעם רוהם אין דער צוקונפט, ווען פוילען וועט בע־
פרייט ווערען פון דעם גלות־יאָך. מיט איין וואָרט — ווארשא איז
מיט טויזענד פיינע פעדים פערבונדען מיט דעם פוילישען משיח.

דעריבער איז עס אויך בעגרייפליך, אז אלע נאַציאָנאַלע ריי־
בונגען און צוזאַמענשטויסען זיינען געווען אין ווארשא עמפּפינד־
ליכער ווי אומעדום, ווייל זיי האָבען אָנגעריהרט דעם פוילישען
נערוו. דעריבער איז אויך דער אנטיסעמיטיזם אין ווארשא גע־
שטיגען אין די לעצטע צעהנדליגע יאָהר אונגעהייער און האָט
אָנגענומען שרעקליכע פאָרמען. ער האָט זיך אויסגעברייט איבער
אלע געביעטען פון מענשליכען לעבען, ער האָט פער׳סם׳ט דאָס
דאזיין, די אידישע עקזיסטענץ, ער האָט ארומגענומען מיט איי־

זערנע קייטען אלע געזעלשאפטליכע קרייזען, אָהן אַן אויסנאהמע און זיך פאַרגענומען צו פערניכטען די אידען, סיי עקאָנאָמיש, סיי מאָראליש.

מיר געהען דאָ ניט אריין אין תוך פון דער פראגע, צו אנאליזירען, ווי ווייט די פוילען האָבען געזינדיגט אנקעגען דין און יושר, ווי ווייט זייער שאָוויניזם איז ניט בערעכטיגט. מיר קאָנסטאטירען נאָר די טאטזאכען, כדי מיר זאָלען פערשטעהן, וואָס די אידישע בעפעלקערונג האָט צו ערווארטען, ווען אין רוסיש־פוילען זאָלען פאָרקומען ענדערונגען, ווען די פוילישע געזעלשאפט זאָל אין גאנצען ווערען זעלבסטשטענדיג, אָדער בעקומען מעהר רעכט צו קאָנטראָלירען דאָס לעבען פון די אנדערע נאציאָנאלע גרופען אין פוילען.

די אידישע בעפעלקערונג אין ווארשא האָט אין די לעצטע דרייסיג יאָהר דורכגעמאכט א שנעלע ענטוויקלונג, וועלכע קען איינגעטיילט ווערען אין צוויי עפּאָכען. די ערסטע עפּאָכע איז די העברעאישע, און די צווייטע איז די אידישע.

נאָך אין דער צייט פון דער ערשטער אידיש־נאציאָנאלער בעוועגונג, וועלכע איז בעקאנט אלס די „חבת־ציון“ תקופה, האָט ווארשא שוין געשפּיעלט א בעדייטענדע ראָלע. ביסלעכווייז האָבען זיך אָנגעהויבען צו קלייבען אין ווארשא די אידישע משכילים און זיי האָבען דאָרט מיט דער צייט געשאפען א העברעאישען צענטר. אין ווארשא איז געגרינדעט געוואָרען דער ערשטער מאָדערנער העברעאישער פערלאג „תושיה“, דער שטרענג־נאציאָנאלער העברעאישער פערלאג „אחיאסף“. אין ווארשא איז געווען א צייט לאנג דער מרכז פון דעם „בני משה“ אָרדען. אין ווארשא איז געגרינדעט געוואָרען „מנוחה ונחלה“, א געזעלשאפט וואָס האָט געמאכט דעם אָנפאנג צו גרינדען קאָלאָניען אין ארץ ישראל אויף א געזונדען ניט פילאנטראָפּישען פונדאמענט. אין ווארשא האָבען געלעבט די אידישע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען אָנגעגעבען דעם הויפּטטאָן אין דער העברעאישער ליטעראטור צו יענער צייט.

דער גאנצער כאראקטער פון דיעזער עפּאָכע איז געווען א ריין העברעאישער. די אידישע ליטעראטור האָט נאָך ערשט געהאלטען אין אויפבליהען, א א י ד י ש ע פּרעסע אין מאָדערנעם זין

פון ווארט האט נאך ניט עקזיסטירט. ווער עס האט געוואלט זיין
פערטרויט מיט דעם אידישען לעבען, פערפאלגען די געשעהעניסען
און די גייסטיגע שטרעמונגען אין אידישען לעבען, האט געמוזט
לעזען די העברעאישע צייטונגען און העברעאישע ביכער. די א י־
ד י ש ע ליטעראטור איז בעשטאנען הויפטזעכליך פון ראמאנען און
נאוועלען, דער פובליציסטישער עלעמענט האט נאך אין איהר
כמעט ווי אין גאנצען געפעהלט. פון צייט צו צייט פלעגען ארויס־
געהן אידישע זאמעלביכער, וועלכע קענען נאך ביז אויף דעם
היינטיגען טאג געצעהלט ווערען צו די בעסטע פראדוקטען פון דער
אידישער ליטעראטור, אבער זיי זיינען נאר זעלטען ערשיענען און
האבען ניט געהאט די אונאונטערבראכענע השפעה, וואס א פאלקס
ליטעראטור מוז האבען.

כל זמן ווארשא איז געווען א צענטרום מעהר ניט פאר די
העברעאישע ליטעראטור, האט דאס די פוילישע געזעלשאפט ווייניג
אויפגערעגט. די פוילישע פרעסע האט זיך ווייניג וואס אינטערע־
סירט מיט די נייע שטרעמונגען אין אידישען לעבען אין ווארשא.
פאר די אויסען־וועלט איז העברעאיש שטענדיג פערבונדען מיט
דער אידישער רעליגיאן. די אויסען־וועלט האט קיין מאל ניט ריכ־
טיג אבגעשאצט די בעדייטונג פון דער ניי־העברעאישער ליטערא־
טור, זי האט זיך ניט געקימערט פאר איהר אינהאלט, זי האט זי
אימער בעטראכט ווי א האלב טעאלאגישע ליטעראטור, וועלכע קען
ניט האבען קיין איינפלוס אויף פאליטישע אידעען. אגב האט די
פוילישע געזעלשאפט מיט דעם געזונדען אינסטינקט גאנץ גוט
פערשטאנען, אז די העברעאישע בעוועגונג וועט קיינמאל אין פוילען
ניט קענען ארומנעהמען די אידישען מאסען, אז זי וועט שטענדיג
בלייבען א בעוועגונג פון „אויסערוועהלטע“, פון בעגרענצ־
טע געזעלשאפטליכע קלאסען. זי, די פוילישע געזעלשאפט, האט
דעריבער קיין מורא ניט געהאט פאר קאנקורענץ. זי האט קיין
מורא ניט געהאט, אז דורך העברעאיש זאל אין פוילען דערוועקט
ווערען א גרויסע אידיש־נאציאנאלע בעוועגונג, אז דורך העברעאיש
זאל מיט דער צייט ענטשטעהן אין פוילען א גרויסע קולטורעלע
בעפעלקערונג, א זעלבסטבעוואוסטע בעפעלקערונג, וועלכע האט

איהר אייגענעם געשמאַק און וועלכע זוכט נאָך דיעזעם געשמאַק
איינצוריכטען אַן אייגענעם און אייגענאַרטיגעם לעבען.

אַ וויכטיגע און אַ גרויסע ראָלע האָבען דערביי געשפּיעלט
די אַסימילירטע פּוילישע אידען, וועלכע זיינען, מערקווירדיגערווייז,
אין פּוילען בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „דייטשען". זעלבסט־
פערשטענדליך זיינען זיי פּוילישער ווי די פּוילען, שאָוויניסטישער
אין זייער פּוילישען נאַציאָנאַליזם ווי די שלימסטע שאָוויניסטען.
זיי האָבען זיך געפיהלט ווי מענשען, וואָס האָבען אַ בעזונדערע
מיסיאָן, ווי די שומרים פון דער פּוילישער קולטור. און אויך זיי,
די אידיש־פּוילישע אַסימילאַנטען, האָבען זיך פערהאַלטען
גלייכגילטיג צו דער העברעאישער בעוועגונג אין וואַרשאַ און האָבען
זיך וועניג וואָס געקימערט וועגען איהר. זיי האָבען אויף די העב־
רעער געקוקט פון אויבען אַראָב און זיי מבטל געוועזן. זיי האָבען
זיך לוסטיג געמאַכט איבער דעם אידישען נאַציאָנאַליזם, זיי האָ־
בען איהם בעטראַכט ווי אַ שפּיעלצייג פון עטליכע איינגעוואַנדער־
טע, פרעמדע רוסישע אידען, וואָס עס איז אפילו ניט כדאַי צו
בעקעמפּפען זיי.

מיט דעם אָנפאַנג פון'ם נייעם יאָהרהונדערט הויבט זיך אָן
די צווייטע עפּאָכע אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער בעפעל־
קערונג אין רוסיש־פּוילען, הויפּטזעכליך אין וואַרשאַ. אין אמת'ען
גערעדט, זיינען דאָס ניט צוויי בעזונדערע עפּאָכען. די צווייטע
אידישע עפּאָכע איז מעהר ניט ווי די ווייטערע נויטווענדיגע ענט־
וויקלונג פון דער ערשטער העברעאישער עפּאָכע. דער נאַציאָנאַלער
אידישער געדאַנק איז געוואַקסען און האָט זיך געשפּאַרט דורכצו־
דרינגען וואָס ווייטער און אין די ברייטע אידישע מאַסען,
עס איז איהם, דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק, ענג געוואָרען צו פער־
בלייבען אין די שמאָלע גרענעצען פון די מעהר געבילדעטע אידישע
קלאַסען. די העברעאישע שפּראַך און די העברעאישע ליטעראַטור
זיינען אָבער די הויפּט־מאַסען געוועזן אַזוי גוט ווי פרעמד, און
מען האָט זיי געמוזט „פערדייטשען". די אידישע פרעסע איז גע־
באָרען געוואָרען אין אַ נויט שטונדע, זי איז געוואַקסען אַזוי שנעל,
ווייל זי האָט געמוזט אָניאָגען די בעדערפניסען, וואָס דאָס לעבען

האָט אין זיך ענטהאַלטען. ניט די אידישע צייטונגען האָבען מיט
איין מאָל געשאַפען דעם אידישען לעזער, נאָר אומגעקעהרט, די
אידישע לעזער האָבען שוין עקזיסטירט פריהער, זיי האָבען געביל־
דעט אַ גרויסע מחנה פון הונגעריגע און דורשטיגע נאָך אַ אידיש
וואָרט, נאָך אַ לעבעדיג וואָרט, וואָס זאָל קענען זיי בעפרידיגען.
די נויט האָט אַרויסגעבראַכט די אונטערנעהמער, און דער עולם
האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די אידישע פרעסע, געשלונגען
יעדעס וואָרט און פריי אויפגעאַטעמט. דער העברעאישער לעזער
איז דערפון ניט קלענער געוואָרען, וואָרום צווישען דער העברע־
אישער און דער אידישער בעוועגונג בעשטעהט איין אינטימעס
פערהעלטניס, זיי ציהען השפעה איינע פון די אַנדערע. מעהר ניט
קינסטליך האָט מען פערזוכט צו שאפען אַ געגענזאַץ צווישען דיעזע
בעוועגונגען, וואָס ציהען זייער יניקה פון איין וואָרצעל. די אידישע
פרעסע איז אויפגעבויט געוואָרען אויף דעם חשבון פון דער פוילי־
שער. הונדערט טויזענדע לעזער זיינען פריהער געווען געצוואונ־
גען בעפרידיגען זייער פּאָליטישען דורסט דורך די פוילישע פרעסע,
וויל העברעאיש איז זיי געווען פרעמד און פויליש האָט איט־
ליכער פון זיי פערשטאַנען מעהר אָדער וועניגער, לכל הפחות אזוי
פיעל, אום דורכצוקריכען די צייטונגס דעפעשען. אָט דיעזע לעזער
האָבען בפועל ממש פריי אויפגעאַטעמט, ווען מען האָט זיי געגעבען
אַ פרעסע אין זייער שפראַך, אין אַ שפּראַך, וואָס זיי דאַרפען זי
ניט „פערדייטשען".

און די גאַנצע אידישע פרעסע אין ווארשא, און אויך די גאַנצע
אידישע ליטעראַטור, וואָס אויך איהר צענטרום איז געוואָרען
ווארשא, איז שטאַרק דורכגעדרונגען פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען
גייסט. אין די צייטען איז זי אידיש־נאַציאָנאַל און צווישען די
צייל͏ען איז זי זאָגאַר ציוניסטיש. עס מאַכט ניט אויס, וואָס מאַנ־
כעסמאָל געהט זי אַרויס אַנטקעגען דעם ציוניזם, עס מאַכט ניט
אויס, וואָס אָפטמאָל פערשטעלט זי זיך זאָגאַר ווי אַנטי־נאַציאָ־
נאַל. די איינצעלנע אויפטרעטונגען שפּיעלען גאָר קיין ראָלע ניט.
ווען מיר מאַכען דעם סך הכל פון אַ היסטאָרישער ערשיינונג, מוז
שוין דער פאַקט אַליין פון דער עקזיסטענץ פון דער אידישער

פּרעסע בעטראַכט ווערען אַלס איינער פון די וויכטיגסטע נאַציאָ־
נאַלע פאַקטאָרען פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלען לעבען.

דער מורא'דיגער אויפשוואונג פון דער אידישער פּרעסע און ליטעראַטור האָט אויך געמאַכט אַ גרויסען און טיעפען רושם אויף דער פּוילישער געזעלשאַפט. דאָ האָט זי פאַר זיך געזעהען אַ נייע קראַפט, אַ קראַפט פון וועלכער ס'האָט זיך איהר ביז איצט ניט גע'חלום'ט. דאָ הויבט זיך אויך אָן די ביטערע מלחמה פון דער פּוילישער געזעלשאַפט געגען דעם נייעם שונא, געגען דעם ערוואַכטען אידען, וועלכער וויל זיך זעלבסטשטענדיג אויסלעבען און וועט מעהר ניט פעהיג זיין צו זינגען „מה יפית“, כדי „צו געפינען לייטזעליגקייט אין די אויגען פון זיין האַר“.

דער אַנטיסעמיטיזם איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג און האָט אויף זיין וועג געפונען זעהר פיעל ברענשטאָף.

דאָ איז געקומען די צייט פון דער „רוסישער פרייהייט“, און פּוילען האָט געמוזט שיקען פּערטרעטער אין די רוסישע „דומא“. די פּוילישע געזעלשאַפט האָט אפילו אין געדאַנקען ניט געקאָנט צולאָזען, אַז די אידען, די פרעמדע, זאָלען האָבען אַן איינפלוס אויף די וואַהלען. זיי האָבען געוואָלט דיקטירען, בעפעהלען, און אַז די אידען האָבען זיך ניט געלאָזט בויגען און טרעטען מיט די פיס, האָט דער פּוילישער צאָרן דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה און האָט ערקלערט דער אידישער בעפעלקערונג אַ מלחמה אויף לעבען און טויט, אַ מלחמה ביז פערניכטונג. די אידען האָבען געשיקט אין די דריטע רוסישע דומא ניט קיין אידען חלילה, זיי האָבען געשיקט אַ כשר'ן פּויל, נאָר ניט דעם, וואָס די אַנטיסעמיטען האָבען גע־וואָלט, און דאָס איז געווען גענוג אַרויפצובעשווערען דעם העכסטען פּוילישען צאָרן, דאָס איז געווען גענוג צו שאַפען די באָיקאָט בעוועגונג, וועלכע ווערט דורכגעפיהרט אפילו אין דער מלחמה־צייט.

מיר געהען דאָ ניט אריין אין דער פראַגע, אויב די אידען האָבען קלוג געהאַנדעלט אָדער ניט. עס איז אָבער אַ סכנה, ווען אַ בעפעל־קערונג מוז שטענדיג נאָר קלוג האַנדלען, אין אַזאַ מצב איז מען קיין מאָל ניט זיכער מיט דער עקזיסטענץ.

די אידישע פראגע איז כמעט אין דער גאנצער וועלט זעהר קאָמפּליצירט, אין פּוילען אָבער איז זי נאָך קאָמפּליצירטער. אין דער גאנצער וועלט האָבען מיר צו טהאָן מיט א שטארקען אנטי־סעמיטיזם, אין פּוילען האָבען מיר צו טהאָן מיט א גערייצטען אנטיסעמיטיזם. אלס *פּרינציפּיעלע נאציאָנאליס־טען* מוזען מיר סימפּאטיזירען מיט יעדער נאציאָן, וועלכע זוכט זיך צו בעפרייען, מיר מוזען יעדער נאציאָן ווינשען זעלבסט־שטענדינקייט, ווען מיר ווייסען אפילו, אז מיר וועלען האָבען צו ליידען פון אזוינע ענדערונגען. דערינען גראד בעשטעהט דאָס טראגישע פון אונזער שיקזאל. אונזערע העכסטע אידעאלען מוזען מיר גאנץ אָפט דיענען מיט שמערצען צו אונזער אייגענעם שאדען.

29 אָקטאָבער, 1914.

# די חלוקה.

ווער האָט ניט געשריבען איבער די „חלוקה“ און וואָס האָט מען ניט געשריבען איבער די „חלוקה“. יעדער, ווער ס'איז נאָר געווען אין ארץ ישראל און האָט געזעהן ירושלים, חברון, טבריה און צפת, האָט עס געהאלטען פאר א חוב ארויסצוזאָגען זיין מיינונג וועגען די אַלטע און פעראַלטעטע אידישע איינריכטונג, וואָס פערשלינגט נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג אזוי פיעל מיליאָנען פראנקען יאָהר איין, יאָהר אויס, און אזוי פיעל אידישע ענערגיע. און ווי עס שיינט, נאָך דער אלגעמיינער מאָדערנער וועלט אנשויאונג, ווערען די מיליאָנען און די ענערגיע אויסגעגעבען גאנץ אומזיסט, זיי געהען לבטלה און ברענגען קיין שום נוטצען ניט. צעהנדלינגע און הונדערטע פון כלל טהוער האָבען זיך בעמיהט אריינטראָגען עטוואָס אָרדנונג אין דיעזע גרויסע פערפלאָנטערטע צדקה איינריכטונגען, און עס האָט זיי ניט געהאָלפען. מען האָט פריהער פערזוכט מיט בייזען, מען האָט שארף קריטיקירט די כוללים, די גבאים און די משולחים. דער גרויסער עולם אָבער, די פרומע און די פשוט'ע אידען, וועלכע אונטערשטיצען די חלוקה, זיינען ווענינ וואָס נתפעל געוואָרען פון דער קריטיק און האָבען ווייטער געגעבען און געשטיצט. מען האָט פערזוכט מיט גוטען, און דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. און די חלוקה פיהרט זיך נאָך אין אלגעמיין ווי זי האָט זיך גע־פיהרט פאר צוואנציג, דרייסיג און פופציג יאָהר צוריק.

נעוועהנליך קומט פאָר די חלוקה דעם מאָדערנעם מענשען ווי אן אוננאטירליכע ערשיינונג, ווי אן ערשיינונג, וואָס שטעהט אין ווידערשפרוך צום לעבען. דער מאָדערנער מענש שעצט צו הויך די זעלבסטשטענדינקייט, די איינענע איניציאטיווע, דעם פאָרטשריט. ער האסט די אָבהענגינקייט, דאָס אייביגע אויף קעסט זיין, דאָס

פערגליווערט ווערען. און עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז די בלייבע, אויסגעוויקטע חלוקה־פּנים׳ער, די טויזענדע אָבגע־ריסענע לעדיגגעהער, יונגע און אַלטע, אין די ארץ ישראל׳דיגע חלוקה שטעדט, מאַכען אויף דעם אייראָפּעאישען טוריסט דעם טרויעריגסטען איינדרוק, און ווען ער האָט נאָר אינטערעס פאר אידישע כלל אנגעלעגענהייטען און פאר ארץ ישראל, בעטראַכט ער עס אַלס פליכט צו מאַכען אַ פּאָרשלאַג, ווי מען זאָל די חלוקה אויסבעסערען, ווי מען זאָל זי רעאָרגאַניזירען, אַז זי זאָל לכל הפּחות אויסערליך שעהנער אויסזעהן, זי זאָל זיך ניט אַזוי וואַרפען אין די אויגען. זאָל זי קיין נוצען ניט ברענגען, אָבער לכל הפּחות אונז קיין חרפּה ניט אָנטהאָן, וואָרום די חלוקה שטעדט ווערען בע־זוכט ניט נאָר פון אידען אַליין. ניינציג, אָדער אפשר פינף־און־ניינציג פּראָצענט, פון די ארץ־ישראל׳דיגע טוריסטען זיינען דוקא ניט־אידען, און וואָס פאר אַ פּאָרשטעלונג קענען זיי בעקומען פון די „היטער פון אידישקייט“, ווען זיי וועלען אורטיילען נאָך דעם מוסטער פון אַלטען ישוב.

און דאָך, זאָלען מיר מוחל זיין אַלע אונזערע מאָדערנע טו־ריסטען, בערוהט די גאַנצע קריטיק פון דער חלוקה נאָר אויף אַן אָבערפלעכליכען אורטייל פון אַ היסטאָרישער ערשיינונג. איך ריזקיר דערביי אַלס אונמאָדערן בעטראַכט צו ווערען, און דאָך וויל איך פערזוכען צו בעטראַכטען די גאַנצע חלוקה ערשיינונג פון אַן אַנדער זייט.

איך טהו עס גראַד איצט, אין דעם מאָמענט, ווען די אידישע וועלט איז בעזאָרגט וועגען דעם גורל פון ארץ ישראל, ווען דער נייער ישוב האָט אַ וועלט אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע שטעהט הינטער איהם און זוכט מיט אַלע כחות צו געבען איהם שוטץ און הילפע, ווען אפילו טויזענדע ניט ציוניסטען האָבען איינגעזעהען וואָס פאַר אַ גרויסען ווערט דער נייער ישוב קאָן האָבען פאר די אידישע צוקונפט — גראָד אין דעם מאָמענט וואָלט איך דאָס געהאַלטען פאַר זעהר בעדויערליך, ווען מען וואָלט זיך פערגעסען אָן דעם אַל־טען ישוב, אָדער מען וואָלט איהם בעהאַנדעלט ווי אַ שטיף־קינד. און טאַקע מחמת די חלוקה איז ניט אויפגעבויט אויף אַ מאָדערנעם

פונדאמענט, טאקע מחמת זי האָט ניט קיין מאָדערנע אָרגאניזא־
ציאָן, וועלכע זאָל זי שיטצען און דאגה'נען פאר איהר, וואָלט דאָס
געווען שטארק ניט יושר'דיג לאָזען זי אויף לעצט, אָבזאָגען איהר
אין אונזערע סימפּאטיען, נאָר דערפאר ווייל זי האָט פיעל שאָטען־
זייטען, ווייל זי איז ניט מאָדערן.

מען טאָר ניט צוגעהן צו א היסטאָרישער ערשיינונג מיט דעם
מאסשטאב פון היינטיגען טאָג. מען טאָר ניט צוגעהן צו א נאציאָ־
נאלער איינריכטונג און בעאורטיילען זי נאָר פון שטאנדפּונקט פון
איהר ניצליכקייט, פון איהר מאטעריעלען ווערט.

און די חלוקה איז א היסטאָרישע און א נאציאָנאלע ערשיי־
נונג. דער אלטער ישוב, ווי דער נייער, איז ניט געבאָרען געוואָרען
דורך דעם ווילען פון איינצעלנע, אָדער דורך דעם ווילען פון איינ־
צעלנע גרופּען; זיי ביידע, אי דער אלטער, אי דער נייער ישוב,
פלייצען ארויס פון א פאָלקס ווילען. אין זיי האָט זיך אָפּגעבארט
די בייגקעניש פון א גאנצער נאציאָן, פון א נאציאָן, וואָס איז צו־
זעעט און צושפּרייט און וויל דאָך פאר זיך שאפען א שותפות'דיגען
ברענפּונקט, וואו עס זאָלען זיך צוזאמענטרעפען לכל הפחות די
האָפנונגען און די ערוואַרטונגען. זיי, דער אלטער און דער נייער
ישוב, זיינען קינדער פון איין טאטען און פון איין מאמען, נאָר זיי
זיינען געקומען אויף דער וועלט אין צוויי פערשיעדענע עפּאָכען,
און יעדער פון זיי טראָגט דעריבער אויף זיך אַן אנדער שטעמפּעל,
דעם שטעמפּעל פון זיין עפּאָכע.

דאָס אידישע פאָלק, אין גאנצען גענומען, האָט קיינמאָל ניט
אויפגעגעבען די האָפנונג אומצוקעהרען זיך צוריק אין דאָס איי־
גענע לאנד. די גרעסטע, די עדעלסטע, די שעפּפערישע גייסטער
פון דער אידישער נאציאָן האָבען זיך אין פערלויף פון דער לאנגער
גלות-געשיכטע זעהר שטארק בעשעפטיגט מיט דעם פּראָבלעם פון א
פרייער אידישער צוקונפט. פון רבי יהודה הלוי ביז מאָזעס העס
און פון דעם רמב"ם ביז ד'איזראעלי, געהט דער וואונש פון א
בעפרייטען אידישען פאָלק דורך ווי א רויטער פאָדעם דורך אונ־
זער גאנצע ליטעראטור. דער איינער האָט א דיכטערישע נאטור
און דריקט אויס דעם הייסען פאָלקס-וואונש אין די ערהאבענסטע

ליעדער. דער אנדערער איז אַ געלעהרטער און אַ געזעץ־סיסטעמאַ־
טיקער און שטעלט אוועק די מצוה פון ישוב ארץ ישראל אויבען־אָן,
און זאָגט אז זי וועגט אזוי שווער ווי אלע מצוות אין איינעם. דער
דריטער איז אַ גרויסער פּאָליטיקער און דענקער, און געהט צו צו
דער פראגע פון שטאנדפּונקט פון דער וועלט־פּאָליטיק און זאָגט
כמעט נביאות, אז די אלגעמיינע וועלט־פּאָליטיק וועט דערצו פיה־
רען, אז די אידען זאָלען זיך אומקעהרען צוריק אין ארץ ישראל.
דער פיערטער איז נעביך קליין געטויפט און ווערט נעביך ענגלישער
פּרעמיער און זעצט ארויף דער ענגלישער מלכה די אינדישע קרוין.
דאָך טראָגט ער אין זיך אָן אלטע ירושה, פון וועלכער ער קען זיך
ניט בעפרייען. ער קען זיך ניט גאנץ אויסלעבען אין דער פרעמדער
געגענוואַרט און גיט אָב „מעשר“ זיין איינענער פערגאנגענהייט און
שרייבט אַ ציוניסטישען ראָמאן לאנג לאנג איידער דער אָרגאַ־
ניזירטער ציוניזם ווערט געבאָרען. דאָס זיינען נאָר איינצעלנע
ביישפּיעלע, נאָר אָנדייטונגען.

דאָס אידישע פּאָלק איז אָבער ניט אָרגאניזירט, עס איז אונ־
טערדריקט און שוואך און גלויבט ניט אין די איינענע קראפט צו
גרינדען דורך די אייגענע כחות אַ נייעם לעבען. עס האָט ניט די
נאציאָנאלע דרייסטקייט צו אָנהויבען בויען אויף דעם איינענעם
חשבון, עס איז נאָר שטארק אין ווארטען, עס פערליערט ניט דעם
בטחון. און דיעזער צושטאנד האָט געבאָרען די חלוקה. חלוקה
הייסט טיילען, דאָס הייסט נדבות אויסטיילען, אָבער ניט דערפון
שטאמט דער נאָמען חלוקה. חלוקה הייסט אויך איינטיילונג. די
אידען אין זייער געזאמטהייט האָבען שלום געמאכט מיט דעם
גלות, נאָר אַ חלק פון זיך האָבען זיי אוועקגעשיקט אהין, פון וואנען
די גאולה מוז קומען. אין דעם חלק האָבען זיי אלע געמאכט
שותפות. זיי זיינען געווען גליקליך, וואָס צו יענע צייטען האָבען
זיך געפונען בעלנים נעהמען אויף זיך דעם חוב פון גאנצען פּאָלק
און זיין לעבעדינערהייד „גוטע בעטער“ פאר דעם כלל ישראל. זיי
האָבען זיי ניט געשטיצט מיט נדבות, זיי האָבען זיי געצאָהלט אַ
חוב. די חלוקה לייט זיינען געווען קעסט־קינדער פון דער נאציאָן.
דערפאר האָבען זיי געטראָגען אויף זיך אַ שווערע מיסיאָן, דורך

פרומקייט און תפילות האָבען זיי נעדארפט נעהנטער ברענגען, מקרב זיין דעם קץ.

מיט דער נעגענוואַרט האָבען די חלוקה לייט ניט געהאט וואָס צו טהאָן, וואָרים ניט צוליעב דער געגענוואַרט האָבען זיי מפקיר געווען זייער לעבען און געלאָזען זיך אויף יענער זייט ים. זיי האָבען נעדיענט דער צוקונפט, א פערקלערטער, א משיח׳דינער צוקונפט. וועגען א נעגענוואַרט האָבען זיי ניט געקלערט, זיי האָבען זי מבטל געווען און האָבען אין ארץ ישראל נאָר נישט ערוואָרבען. איין פלאטץ האָבען זיי נאָר נעקויפט — א חלק פון הר הזיתים. זיי האָבען נאָר גע׳דאנה׳ט פאר אן איינענעם קבר. ווייטער — וואָס דארף מען זאָרגען, עס וועט קומען די גליקליכע שעה, וועלען זיי ארויס פון די קברים און זיין די ערשטע.

מען קאָן זיך פערהאַלטען צו דער חלוקה ערשיינונג ווי מען וויל, זי האָט אָבער אן אינהאַלט, א שטארקע אמונה און פיעל פּאָעזיע. דער ווילען פון פאָלק האָט זיך אין איהר אויסגעדריקט פּאַסיוו, זיין קראפט איז בעשטאנען אין ענטזאָגונג, מען האָט מוחל געווען דאָס לעבען אין דער געגענוואַרט צוליעב א גרויסע האָפנונג אין דער צוקונפט.

די חלוקה איז די טהעזע. און דאַן איז געקומען איהר נעגענ־ זאַץ, די אַנטיטהעזע.

מיר ווילען לעבען, מיר ווילען פול געניסען דאָס לעבען. מיר ווילען ניט פערגיפטען די נעגענוואַרט דורך צוקונפטס־חלומות, וואָס ווער ווייס, צו וועלען זיי זיך קאָנען פערווירקליכען ווען עס איז. מיר ווילען ניט איינשטעלען אונזער היינט צוליעב א דונקעלען היסטאָ־ רישען מאָרגען, מיר ווילען ניט פיהלען דעם גלות, מיר ווילען ארויס פון גלות און בלייבען אין דער סביבה, וואו מיר געפינען זיך איצט.

פון דער אַנטיטהעזע איז ארויס די אסימילאטאָרישע בעווע־ גונג. פאָלקסטימליך האָט זי ניט געקאָנט זיין, ווייל נאָר דער יחיד קאָן פערניינען דעם איינענעם „איך“. א פאָלק טהוט דאָס ניט. די אסימילאציאָן האָט אויפגעהויבען איהר האנד געגען ארץ ישראל, ווייל ארץ ישראל האָט זי געשטערט אין איהר ענטוויק־ לונג. די רעפאָרם־בעוועגונג איז די אסימילאציאָן אויף דעם רע־

ליגיעזען געביט, און די ערשטע זאך וואס זי האט געטהאן, איז בעשטאנען דערין, וואס זי האט אויסגעמעקט ציון און ירושלים פון אלע תפילות. ניט ווייל די נעמען ציון און ירושלים האבען איהר ניט געפאסט, נאר דער געדאנק פון צוריקקעהרען זיך נאך דעם אמת'ען ציון און ירושלים האט געשראקען די רעפארמער. זיי האבען געוואלט זיך בעפרייען פון דער נאציאנאלער צוקונפט, כדי צו האבען א רוהיגערע געגענוואַרט. דעריבער האבען זיי פעריאגט אלעס, וואס דערמאנט אן דעם אריענט און קלינגט אריענטאליש, פון דעם וויים־בלוי געשטרייפטען טלית ביז צו די פון וועהמוט דורכגעדרונגענע „סקארבאווע“ ניגונים.

פון דיעזעביידע בעוועגונגען, וואס האבען בשום אופן ניט געקענט בעפריעדיגען א געזונדעם פאלק, איז ארויס א דריטע בעוועגונג. די טהעזע און די אנטי־טהעזע האבען מיט נויטווענ־דיגקייט געשאפען די סינטהעזע. דאס אידישע פאלק איז מיט דער צייט געווארען ארגאניזירטער, עס האט בעקומען א געזונדערען נאציאנאלען אפעטיט, און אלס אויסדרוק פון דיעזען צושטאנד איז געבארען געווארען די ציוניסטישע בעוועגונג. איהר קראפט בע־שטעהט דערין, וואס זי זוכט שלום צו מאכען צווישען דער געגענ־ווארט און דער צוקונפט. זי וויל זיי ברענגען צו א הארמאניע, זי וויל זיי ביידע פערשמעלצען צו אן איינהייט.

און די ציוניסטישע בעוועגונג האט געפונען איהר העכסטען אויסדרוק אין דעם נייעם ישוב.

פון איין זייט מענשען, וואס זעהען אוים „ווי לעבעדיגע מצבות אויף זייערע אייגענע קברים“, פון דער אנדער זייט מענשען, וואס דיענען נאר דער שעה, און די דריטע מאכען די פשרה און בויען א מאדערנע געגענווארט און שמידען א נאציאנאלע צוקונפט.

זעליש פערוואנדט זיינען די דריטע מיט די ערשטע. דער נייער ישוב וואלט אפשר געווען אין גאנצען אונמעגליך, ווען דער אלטער ישוב וואלט ניט עקזיסטירט, ווען עס וואלטען ניט געלעבט אין ארץ ישראל די עלעמענטען, וועלכע האבען דורות־לאנג אונטער־געהאלטען די פערבינדונג צווישען פאלק און לאנד.

די חלוקה וועט מיט דער צייט פערשווינדען, אבער אויף אן

אַנדער אופן, זי וועט אַסימילירט ווערען פון דעם נייעם ישוב. אויך אין די אַלטע קוואַרטאַלען פון ירושלים און חברון, טבריה און צפת וואַקסט אַ נייער דור, וועלכער בעקומט דורך די השפּעה פון דעם נייעם ישוב מאָדערנע בעגריפען פון לעבען. דאָס זיינען עלעמענטען, וואָס זיינען אויפגעוואַקסען אין לאַנד און האָבען ליעב דאָס לאַנד און וועלען דאָס לאַנד ניט פערלאָזען, ווען זיי זאָלען זעהן פאַר זיך אַ בעסערע צוקונפט.

מיט אַ געפיהל פון דאַנקבאַרקייט מוזען מיר זיך אָננעהמען פאַר די אַלטמאָדישע פּיאָנירען, דען אויך זיי האָבען ניט געהאַנדעלט ווי א י י נ צ ע ל נ ע, אויך זיי זיינען געוועזן געטראָגען פון אַ פאָלקסווילען. מיר טאָרען זיי ניט פערלאָזען אין קריטישען מאָמענט.

31 אָקטאָבער, 1914.

# אַ ביטערע נחמה

איך האָב די גאנצע לעצטע צייט געליטען זעהר פיעל זעעלישע יסורים. איך האָב ניט געקאָנט צוזעהן, ווי אונריכטיגע, פאלשע בעהויפטונגען ווערען פערברייט אין דער גרויסער געזעלשאפט אויף טויזענדערליי וועגען, ווי זיי ווערען פערפלאנצט און לאָזען וואָרצ־לען אין מענשליכען בעוואוסטזיין, און ווי ס'איז שווער געגען זיי אויפצוטרעטען, ווי ס'איז שווער אָבצולייקענען זיי אויפ'ן גרונד פון לאָגיק און פאקטען. איך האָב געזעהן ווי די געשיכטע וועבט אַ שפּאָגעל נייע לעגענדע, אַ ריעזיגען שקר, אַז די שרעקליכע מלחמה ווערט געפיהרט פון דעם איינעם אָדער אנדערן צד ניט חלילה צוליעב אייגעננוץ, נאָר פאר די העכערע פּרינציפּען פון מענש־ליכקייט, פאר יושר און אמת. מיך האָט אָנגענומען אַ גרויסע תשוקה צו צושטערען די לעגענדע כל זמן זי איז נאָך פריש, כל זמן זי איז נאָך ניט אריין אין פלייש און בלוט פון דעם נייעם דור. איך האָב אָבער אויך געזעהן, אַז די מאכט פון דער לעגענדע וועגט איבער די קראפט פון לאָגיק, ווייל דער וואונש איז עלטער ווי דער געדאנק, איז דער פאָטער פון דעם געדאנק.

ווי עס האָט נאָר אויסגעבראָכען די מלחמה האָבען די, וואָס קענען די אמת'ע לאגע פון אונזער פאָלק אונטער די הערשענדע נאציאָנען, גלייך בעגריפען וואָס פאר אַ מין מורא'דיגע קאטאַ־סטראָפע האָט זיך אָנגערוקט אויף דעם אידישען הימעל. ווער עס האָט נאָר אַ קוק געטהאָן אויף די אייראָפּעאישע קארטע פון מזרח־זייט פון דער מלחמה, האָט גלייך געקאָנט זעהן, אַז דער אשמדאי אליין מאכט איצט אַ בעזוך די פּוילישע און די גאליצישע און אַ גרויסען חלק פון די ליטווישע אידען. די אונבעגרינדעטע קלאנגען וועגען נייע ישועות, אין דער לופט שוועבענדע הבטחות,

וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט, פון וועמען מען האָט זיי צו־
ערשט געהערט, האָבען אונז בשום אופן ניט געקענט בערוהיגען.

און עס זיינען אריבער די ערשטע דריי חדשים, און ערשט
איצט קומען צו אונז די ערשטע פּליטים, די אנטלאָפענע און די
ענטרונענע, וועלכע האָבען מיט זייערע אויגען געזעהן א טהייל פון
דעם אידישען חורבן, און עס שטעלט זיך ארויס, אז מיר אלע,
אפילו די וואָס האָבען בעגריפען דעם מצב אין אלגעמיינעם, האָבען
נאָך אויך געלעבט אין טעות. עס שטעלט זיך ארויס, אז אפילו
די פּעסימיסטען זיינען נאָך געווען אָפּטימיסטיש, וואָרים די ווירק־
ליכקייט, די שוידערהאפטע, געדאנקען און געפיהלען אָבטויטענדע
ווירקליכקייט, האָט נאָך איבערטראָפען די שווארצע פאנטאזיע פון
אונזערע פּעסימיסטען, זי שטיינט איבער אלע בילדער, וועלכע דער
שרעק האָט אונז געמאָלט פון ווייטען מיט זיין פערגיפטעטען פּינזעל.

איך האָב געלעזען די בעשרייבונג פון לעמבערג׳ס חורבן אין
דער „ווארהייט“, פון מ. ריכטער. די נייע קינות ווערען געשריבען
אין דער פאָרם פון צייטונגס־בעריכטען. איך וויים ניט ווי עס
ווירקט אויף אנדערע. מיר איז אָבער פאָרגעקומען, אז דער
אלטער מקונן ירמיהו הנביא אליין איז אויפגעשטאנען פון קבר
און האָט געהייסען דעם שרייבער: „שרייב! שרייב, אפשר וועט
דאָס וועקען דעם עולם, שרייב אייניגע ווערטער, שילדער אייניגע
בילדער, ווי גאָט האָט דיר געהאָלפען, שרייב קורצע פּסוקים.
אמאָל אז איך האָב געהאט מיין ברוך בן נריה, פלעגט ער שרייבען
פאר מיר, און ווען איך האָב אָנגעהויבען דעם דריטען קאפּיטעל
פון מיינע קינות: „איך בין דער מאַן, וואָס האָט געזעהן דעם
גאנצען פּיין דורך דער רוט פון זיין גרימצאָרן“, האָב איך אויך
געמוזט אָנהויבען שרייבען קורצע פּסוקים. מיינע געדאנקען האָ־
בען מעהר ניט געקאָנט פליעסען, איך האָב זיי ניט געקאָנט מעהר
שלייפען, איך האָב זיי געלאָזען, זיי זאָלען ארויסגעהן ווי א קרעכץ
פון א צובראָכענער נשמה, ווי די שברים פון א צושפּאָלטענעם
שופר. שרייב, שיק דאָס אין די צייטונגען, ווייל די שוהלען
זיינען דאָך געשלאָסען, מען דארף נעביך אויף זיי אליין
זאָגען: איכה ישבה בדד. טאָמער עפענט מען זיי שבת און יום־

טוב, טאָר מען דאָך אָבער אום שבת און יום־טוב ניט זאָגען קיין קינות, גאָט האָט געהייסען דערשטיקען אין זיך אין די הייליגע טעג יעדען צער און קומער".

און אז איך בין געקומען צו דער שטעלע, וואו דער נייער מקונן — בעריכטערשטאטער דערצעהלט פון די לאנגע שורות פערד, פערמאטערטע און אָנגעלאָדענע, ווי זיי האָבען זיך געצויגען דורך די גאסען פון לעמבערג, און ווי זיי האָבען אויסגעזעהן נאָך מעהר רחמנות'דיג, ווי די מענשען, וואָס האָבע זיך נאָך זיי גע־שלעפּט — ערשט דאן איז מיר אויפגעגאנגען א ליכט, ערשט דאן האָט זיך עפּעס ווי אויפגעוועקט אין מיין בעוואוסטזיין און איך האָב בעגריפען וואָס די אומגליקליכע האָבען דורכגעלעבט בשעת דעם חורבן.

און דאָס איז דאָך כמעט די ערשטע סקיצע, די ערשטע מאָנאָגראפיע, געשריבען נאָך דער ווירקליכקייט, היינט וואָס וועט שוין קומען שפּעטער?

און אין אזא ערנסטען מאָמענט ווילט זיך ניט אָננעהמען קיין טרייסט, ניט פון נאָהענטע, ניט פון וויטע. מען איז נאָך ווייט פון סוף, עס ברענען נאָך די חלב'ענע ליכטלעך, די קינות זיינען נאָך ניט צו ענדע און ס'איז נאָך פריה אויסצושרייען אויפ'ן הילכיגען קול „השיבנו... חדש ימינו כקדם". דער צער איז נאָך פריש, מען מוז איהם אויספיהלען ביז צום סוף, מען וויל ניט ער זאָל אויסגעוועבט ווערען דורך פריהצייטיגע, באנאלע, וואָכעדיגע טרייסט־ווערטער.

און ווען איך הער איצט, ווי אידען זיינען זיך מפלפל, איינע שטעהען שטאָל און אייזען פאר דייטשלאנד, אין די אנדערע פאר ענגלאנד, פראנקרייך און רוסלאנד, ווען איך הער איצט גאָר זאנגוויל'ס שטימע, ווי ער צופלאקערט זיך און זאָגט גאָר נביאות וועגען דעם רוסישען צאר און וועגען זיין כשוף־שטעקעלע, ווען איך הער, ווי ער רופט די אידען זיי זאָלען איצט אָרגאניזירען אייגענע מחנות חיל, כדי צו שלאָגען דעם שונא, — זאנגוויל'ס שונא, — כדי צו ליעפערען נאָך א שטארקערען בעוויז

פון דעם אידישען פאַטריאָטיזם פאַר ענגלאַנד — ווען איך הער דאָס אַלעס, פערגעהען מיר אַלע מיינע פינף חושים.

גרעהעם, דער בעריכט־ערשטאַטער פון לאָנדאָנער „טיימס", ניט קיין אידען־פריינד אַפילו, אָבער איינער פון די בעסטע זשור־נאַליסטען, צו וועמעס מיינונג מיר מוזען זיך צוהערען, קומט מיט נייע ידיעות פון פוילען, וואו ער געפינט זיך איצט און שטודירט די נאַציאָנאַלע בעציהונגען צווישען פוילען און אידען. ער זאָגט ארויס אָפען זיין מיינונג: די צוויי און א האַלב מיליאָן פוילישע אידען מעגען בייצייטענס זוכען פאַר זיך א נייעם פּלאַץ אויף גאָט'ס ערד... מיר דאַרפען אָבער גאָר ניט אָנקומען צו גרעהעם'ס מיינונג, עס איז גענוג פאַר אונז וואָס מיר לייענען אין אונזער פּרעסע...

און איך בין זיך מודה. אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, וועלכע האַט אונז אַלע אָנגעזאַפּט, האָט פאַר מיר דורכגעשימערט איין נחמה־שטראַהל, איך האָב אין מיר עמפּפונדען א געפיהל פון א שטיקעל נקמה.

ווערט ניט אין כעס און הערט מיך אויס.

ניט די נקמה האָב איך אין מיר געפיהלט, וועלכע שטאַמט פון ווילדעסטען מקור פון אונזער נשמה, וועלכע איז נאָך איבער־געגאַנגען צו אונז בירושה פון די ווילדע תקופות, איידער גאָט האָט נאָך אָבגעשליפט די נשמה אין מענשען, איידער גאָט האָט נאָך געמאַכט הבדלה און אָבגעשיידט ליכט פון פינסטערניש, הימעל פון ערד און מענש פון חיה. ניט די נקמה האָט מיך ערפילט, וועלכע איז בעהערשט נאָר פון איין געפיהל — זעהן דעם שונא'ס מפּלה, ווען דערביי איז אַפילו ניטאָ קיין נוצען פאַר עטוואָס העכערעס, היילינערעס. מיך האָט אָנגעפילט אַן אַנדער גייסט פון נקמה, דער גייסט, וואָס געהט ארויס פון דעם אמת'ען „אל נקמות", וועלכען די מענשען האָבען נאָך ניט בעגריפען און זיין נקמה־כאַראַקטער וואולגאַר פערשטאַנען. זיי האָבען זיין נקמה פערשטאַנען ווי א קאָנטראַסט, ווי א געגענזאַץ צו דער מדה פון אבסאָלוטער גוטסקייט, בארמהערציגקייט און אַלגעמיינער מחילה. זיי האָבען ניט פערשטאַנען, אַז דער גאָט פון אמת קאָן ניט זיין

אַ גוטינקער און קוקען גלייכגילטיג, ווי עס איז זיך גובר דער שקר, ער קאָן ניט מוחל זיין פאַלשקייט, חניפה און צביעות, ער קאָן ניט דולדען, אַז נעבען איהם זאָל זיין אַ פּלאַץ פאַר אָבגעטער, וואָרום ־עמאָלס וואָלט ער צושטערט זיין אייגענעם אמת.

און שוין כמעט צוויי טויזענד יאָהר, ווי מען שטעכט אונז די אויגען מיט אַ נייער תורה, געגרינדעט אויף אבסאָלוטער גוטס־קייט און אַלגעמיינער מחילה. שוין צוויי טויזענד יאָהר אָן ערך ווי מען ווארפט אונז פאָר, אַז מיר זיינען די צוריקגעבליבענע, די עקשנים פון דער געשיכטע, וואָס ווילען ניט אַנערקענען דעם פ אָ ר ט ש ר י ט פון דער ציוויליזירטער מענשהייט. מיר זיינען די הארטנעקיגע, וועלכע האָבען פערשטויסען גאָט, ווען ער האָט פערלאָזען זיין כסא הכבוד אויפ׳ן הימעל און איז געקומען צו אונז נאָהענט אויף דער ערד.

אַ גרעסערען פאטש אין פּנים ווי די איצטיגע מלחמה האָט גאָט אַליין ניט געקאָנט געבען די בעריהמער מיט די הויך־פּער־ריסענע קעפּ. ווי שעהן האָבען געקלונגען די קאָמפּלימענטען, מיט וועלכע עס האָבען זיך געגעזעגנט מכבד געוועזן די געקרוינטע קעפּ פון די אייראָפּעאישע מלוכות, ווי זיי האָבען אויף אמאָל אָנגעהויבען אויסצוזאָגען פון חדר, וואָס זיי דענקען איינער פון דעם אַנדערען.

זייער תורה פון אַלגעמיינער מחילה האָט געמאַכט באַנקראָט. מען האָט אויסגעשטעלט איינע אויף די אַנדערע וועקסלען, גע־חתמ׳עט מיט דעם שטעמפּעל פון קריסטען־ליעבע, און ווען עס איז געקומען צום צאָהלען, האָט מען נאָט און זיין תורה אָבגעלייגט אָן אַ זייט, מען האָט ערקלערט אַ מאָראַטאָריום אויף די העכסטע מענשליכע אידעאַלען און מען האָט ארויפגעזעצט אויפ׳ן טהראָן דעם ווילדען אָבגאָט פון מלחמה, ער זאָל פאַנאַנדערנעהמען דעם סכסוך מיט אייזען, פייער און בלוט.

איך בעט ביי דיר מחילה, דו גוטער בארמהערציגער „מולך“. איך האָב געזינדיגט נעגען דיר, איך האָב דיך געהאסט מיט אַלע פיבערען פון מיין נשמה פאַר די אונשולדיגע קרבנות, וואָס דו האָסט דערשלונגען. דעם גרויסען אידישען גאָט איז אָנגע־

שטאנען נעהמען שעפסען־פלייש אנשטאט יצחק׳ען, און דו האסט אנדערש ניט געקאנט אויסקומען, סיידען א מענשליכען קרבן צו יעדער סעודה. היינט אבער זעה איך, אז דו אליין, דער פרעסער פון אונשולדינגע קינדער, ביזט געווען אן אונשולדיגעם קינד אין פערגלייך מיט דעם אבגאט, צו וועמעס פיס עס האט איצט זיך א ווארף געטהאן די גאנצע קריסטליכע אייראפא.

אט דאס איז געווען מיין נקמה־געפיהל. זאל צושטערט ווערען דער טעמפעל, זאלען שטירצען די געטער, וועלכע האבען ניט געקאנט אין פיעל צעהנדלינגע דורות מאכען דעם מענשען מענשליכער, וועלכע זיינען געווען שוואך אבצוטויטען אין מענשען די ווילדע חיה. איך האב זיך געטרייסט, „כהנה וכהנה תאכל חרב“, זאל דאס שווערד פרעסען וויפיעל עס וויל, זאלען די הארמאטען שפייען מיט גהינום־פייער, אבי דער שקר זאל פאלען. די מענשהייט וועט זיך אפשר ארומזעהן און וועט קריגען די גרויסע חרטה...

אי וואס איז, עס ליידען דערביי אויך די אונשולדיגע? נו, מסתמא קען אנדערש ניט זיין און איך האב מיך דערמאנט אן אן אנדער נקמה, אן די נקמה פון שמשון.

דלילה, דו האסט שעהנע אויגען, וואס דריקען אוים פלאמען פון ליעבע, אבער דו האסט מיך גענארט און פעררראטהען. צורעשט האב איך מיך געלאזען בלענדען פון דיר און צום סוף האסט דו דורך דיינע פלשתים מיר אויסגעשטאכען די אויגען. איך וועל נעהמען איין נקמה פאר מיינעביידע אויגען, איך וועל ערשיטערן די זיילען, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דיין גאנצער בנין, דיין הייליגער טעמפעל, איך וועל פאלען צוזאמען מיט דיר, מיט דיינע פלשתים...

און ד א ס איינציגע שטיקעל נחמה וויל מען פון מיר אויך אוועקנעהמען. מען קומט און מען דערצעהלט מעשיות, אז אין דער מלחמה איז דא א צד, וואס פערטהיידינגט די העכערע פרינציפען פון מענשליכקייט, מען וויל מיך איינשמועסען, אז אין דער מלחמה איז דא אן אומה, זאל זיין די אדער יענע, וואס שיצט דעם אמת.

און א ציטער פאסט מיך אן און געהט דורך דורך אלע מיינע גליעדער. הייסט דאס, די פעלקער ווערען זיך געגענזייטיג אויס־

קוילען, זיי וועלען אפילו ניט מאכען די ברכה „על השחיטה“, דערנאָך וועלען זיי מקבר זיין די מיליאָנען הרוגים, זיי וועלען אַפילו ניט זאָגען קיין קדיש, און ווען עס וועט ווידער ווערען שטיל נאָכ׳ן שטורם, וועלען די אומות וואָס האָבען געפיהרט די מלחמה זיך פערזאמלען אין די טעמפּלען און פון טויזענד גלאָקען וועט ווידער ערשאלען דער פערפיהרערישער קלאנג: „ע ה ר ע ג אָ ט א י ן ד ע ר ה ו י ך א ו ן פ ר י ע ד ע ן א ו י ף ד ע ר ע ר ד א ו ן ד ע ם מ ע נ ש א נ ח ת ר ו ח.“

לאכט ניט פון די יסורים, שפּאָטעט ניט פון די זעעלישע ענויים, ווען מען זעהט ווי דער שקר איז גובר דעם אמת, און מען מוז נאָך דערביי שטעהן און מאכען א פריינדליך פּנים, דען צוגעבען די אייגענע אָהנמעכטיגקייט וויל קיינער ניט, און וואו מיר פיהלען זיך האָפנונגסלאָז שוואך, פערציהען מיר נאָך א מינע פון אויסערער גבורה.

17 נאָוועמבער, 1914.

# די קריעגס־געפאַנגענע נשמות

אײן גאָט ווײס דעם אמת: איך וואָלט טהײער בעצאָהלט
צו קריגען א מיטעל, וואָס זאָל מיך בעפרײען, און ווען נאָר אויף
א ווײלע, פון די שרעקליכע, פינסטערע מלחמה־געדאַנקען. נאָר
אויף א ווײלע וואָלט איך זיך געוואָלט אומקעהרען צו דער פאַר־
מלחמה וועלט, צו די בליהענדע לענדער, צו די פריעדליכע מענשען,
צו די שפּרינגענדע קינדער, אָהן דאגות און אָהן צער, געפיהרט
פאַר'ן האנד פון די אײגענע טאַטעס און מאַמעס, צו דער פּרעה־
ליכער יוגענד, וואָס זוכט זיך אויסצולעבען אין לערנען, אין טאַנץ
און אין געזאַנג, צו די עהרליכע און ערנסטע ערוואַקסענע, וואָס
נעהען טאָג־טעגליך צו זײער בעשעפטיגונג און העלפען בויען דורך
עהרליכע ארבײט די מענשליכע געזעלשאַפט. איך וואָלט זיך גע־
וואָלט אומקעהרען, און ווען נאָר אויף א ווײלע, צו דער פאַר־
מלחמה ליטעראַטור, צו די שעהן געשליפענע גײסט־פּראָדוקטען
פון די וויסענשאַפטלער און קינסטלער און אַנוואַרימען די נשמה
פון דעם ליכט, וואָס זײ פערברײטען. איך וואָלט, מיט אײן וואָרט,
געוואָלט אָברײסען זיך, און ווען נאָר אויף א ווײלע, פון דער פער־
פלאָנטערטער, מיט טויזענד מלאך־המות־אויגען קוקענדער געגענ־
וואַרט און פערזינקען זיך אין די פאַר־מלחמה וועלט, וואָס אָט נאָר
מיט עטליכע חדשים צוריק איז זי נאָך געשטאַנען אזוי פעסט אויף
איהרע זײלען און אזוי צופערזיכטליך־שטאָלץ געקוקט אין די צו־
קונפט.

און נאָך מעהר וואָלט איך זיך געוואָלט אומקעהרען, און ווען
נאָר אויף א ווײלע, צו מײן אײגענער פאַר־מלחמה וועלט, וואו
טויזענדע און טויזענדע פון אונז האָבען געזוכט טרײסט און האָפ־
נונג, ליכט און וואַרימקײט, וואו אונזערע פּיאָנירען, „די לעצטע
אין דער קנעכטשאַפט און די ערשטע אין דער בעפרײאונג", האָבען

געאַקערט, געזייט און געפלאַנצט, און צוגעגרייט דעם באָדען פאַר דעם קומענדען, פאַר דעם בעפרייטען. איך וואָלט זיך געוואָלט אומקעהרען, אין געדאַנק לכל הפחות, צו די וויינבערגער פון רחובות און ראשון, צו די פרדסים פון פתח־תקוה, צו די נייע שולען פון ירושלים, חיפה און תל אביב, צו די גרינע פעלדער אַרום ים כנרת, צו אונזערע אַרבייטער, ווען זיי קומען מיט פערברוינטע פנים׳ער פון פעלד און זינגען דאָס נייע ליעד, פול האָפנונג און בטחון, מוטה און שטאָלץ, אָדער גאָר צו אונזערע שומרים, ווען זיי רייטען אַרויס אין דער דונקעלער נאַכט צו היטען און צו שיצען דעם אידישען בעזיץ מיט דער אייגענער ברוסט. ערשט ווען די מזרח־זייט פון הימעל ווערט רויטליך געפאַרבט און די בערג־שפיצען פון יענער זייט ירדן זיינען זיך טובל אין די ערשטע ליכט־שטראַהלען, קעהרען זיך אום די רייטער צוריק אהיים, און אָפטמאָל טרעפט אַז אַ חבר פרעגט אַ חבר: „שומר מה מלילה — שומר, וואָס פאַר אַ סוד האָט די נאַכט דיר דערצעהלט?“ ענטפערט דער חבר: „אתה בקר וגם לילה — דער פריהמאָרגען איז געקומען, פרעג ניט ברודער, דאָס איז געווען איין מאָל אַ נאַכט!“ אָט אַזוי לערענט מען דאָרט אויפ׳ן אָרט די אַלטע פסוקים מיט די אַלטע סודות, וואָס זיינען אין זיי איינגעשלאָסען.

ווי גערן וואָלט איך זיך אומגעקעהרט צו אונזער אייגענער פאַר־מלחמה וועלט. איך האָב נאָר ניט געוואוסט, אַז איך האָב זי אַזוי שטאַרק ליעב, אַז זי האָט מיך געפאַנגען מיט איהר נייעם פריהלינג, וואָס ווינקט צו אונז פון ווייטען.

חלומות! די פאַר־מלחמה צייט ליעגט אַזוי ווייט הינטער אונז. מיר מוזען זיך אָנשטרענגען, כדי צו דערמאָנען זיך, ווי דאָס לעבען האָט אויסגעזעהן מיט איינינע חדשים צוריק. „אמאָל איז געווען אַ צייט“, אַזוי מוזען מיר אָנהויבען די מעשה, אמאָל איז געווען אַ צייט און די מענשען זיינען נאָך געווען מענשען און די פעלקער זיינען נאָך געווען פעלקער און די גאַנצע תקופה האָט געהייסען די פריעדענס־תקופה. פונקט אַזוי האָט נח דערצעהלט זיינע אייניקלעך פון דער תקופה איידער עס איז געקומען דער מבול און האָט אָבגעווישט אויף אמאָל די אַלטע וועלט. עס איז

א מאָל געווען אַ צייט, ווען די ערוואַקסענע האָבן געאַרבייט, יעדער אין זיין פאַך, און די קינדער האָבן פלייסיג געלערנט. איצט איז עס אַנדערש. נאָר די זיידעס אָדער די טאַטעס, וואָס זיינען שוין כמעט אַלט ווי זיידעס, זיי זיינען געבליבן אין דער היים. די שולען זיינען געשלאָסען, די לעהר־ביכער פערלעגט, פעדער און בליישטיפט צובראָכען, די קליינע געהען ארום לעדיג, די מאַמע איז געבליבען אויפצופאַסען אויף זיי, און די האַלב־דערוואַקסענע האָבען אַ נייע בעשעפטיגונג, זיי לערנען מלחמה. וואָרום ווער ווייס, עס קאָן זיין, די שורות פון די קעמפפער וועלען ווערען שיטער, וועט מען פערשטאָפּען די לעכער מיט די האַלב־דערוואַקסענע... און זיי לערנען מלחמה מיט אַלע תנין. אוים לעהרער, אוים תלמידים, סאָלדאַטען זיינען דאָ, פערשיעדענע מדרגות, געמיינע אנשי־חיל, אונטער אָפיצירען, אָפיצירען און העכערע איבער זיי און נאָך העכערע איבער די העכערע, אַ גאַנצער לייטער, לאַנג ווי דער לייטער, וואָס יעקב האָט געזעהן אין חלום. און אַלע הענד זיינען אויסגעשטרעקט, און אַלע אויגען פלאַמען, און פון קליין ביז גרויס בליקט מען ארויף צו די סאָלדאַטען, מען איז מתפלל צו זיי, זיי זיינען הייליג געוואָרען, וואָרום אין זייער האַנד ליגט דער גורל פון לאַנד און פאָלק.

אַלעס איז שטום געוואָרען. וויסענשאַפט, קונסט, ליטעראַטור — זיי זיצען אַלע שבעה. עס מאַרשירען די סאָלדאַטען. דער סאָלדאַט איז טרומף און די האַרמאַטען האָבען דאָס וואָרט.

און מיר אַלע זיינען קריעגס־געפאַנגענע. אַלעס איינס, אויב דער שונא האָט אונז געפאַקט, אַראָבגענומען פון אַ פריעדליכען שיף און פערזעצט אין תפיסה, אָדער דורך צופאַל זיינען מיר ניצול געוואָרען פון דעם שונא׳ס האַנד. מיר זיינען קריעגס־געפאַנגענע, וואָרום די מלחמה האָט איינגענומען אַלע אונזערע געדאַנקען. זי איז אַריינגעקראָכען טיעף אין אונז און האַלט אונז פעסט, זי האָט אויסגעקעהרט אונזער טראַכטען און דענקען אויפ׳ן לינקען זייט, און מיר מערקען אַליין ניט, אַז מיר זיינען געוואָרען לינקע ברואים.

און זאָלען זיך ניט איינרעדען די שטאַרקע נאַטורען און די נייטראַל געבליבענע פעלקער, אַז זיי האָבען זיך ניט אונטער־

געגעבען, אז זיי זיינען נאָך די אַלטע, מיט דער זעלבער פסיכאָ־
לאָגיע ווי פאַר דער מלחמה. א טעות אין פשט, אָפּטישע טוישונג.
זיי זיינען ווייט פון ענגלאנד און דייטשלאנד, רוסלאנד און טערקיי,
מיינען זיי, אַז זיי זיינען די זעלבע בעלי־בתים ווי געווען. די גאַנצע
וועלט בעשטעהט איצט פון קריעגסגעפאנגענע. ניט ענגלאנד, ניט
דייטשלאנד — די מלחמה, די אידעע פון דער מלחמה האָט גע־
פאנגען די וועלט און האָט זי אַרומגעדרעהט מיט טויזענד שטריק.
רעדען דען ניט איצט אַלע פעלקער אָהן אַן אויסנאהם אַן אַנדער
שפּראָך? ניינציג פּראָצענט פון אַלע מחשבות זיינען פערנומען
מיט אידעען וועגען נייע אַרמעען, נייע קאַנאָנען, נייע קריעגס־און
לופט־שיפען, די גאַנצע אינדוסטריע הויבט אָן צוגעשניטען צו
ווערען נאָך מלחמה צייטען. באַלד וועלען די מאַמעס אָנהויבען צו
דערקלערען זייערע עופ׳לעך, פאַר וואָס מען מוז עסען: מען
מוז גוט עסען, ווארום ווען ניט וועט מען שפּעטער ניט קענען
שיסען.

מיליאָנען שטעהען אין קריעגס־פעלד און זיינען מקריב דאָס
לעבען, און הונדערטע מיליאָנען זיינען קריעגס־געפאנגענע, און עס
איז שווער צו זאָגען, וועלכע קאַטאַסטראָפע איז גרעסער.

קומען די דיפּלאָמאַטען, די געשוואָרענע פּאָליטיקער, די גע־
לעהרטע און די זשורנאַליסטען און זוכען דעם שולדיגען. גאָט זיי
דאנק, מען האָט איהם געפאַקט. דאָס איז דער דייטשער מיליטאַ־
ריזם, ער האָט דאָס אַראָבגעפיהרט די וועלט פון דרך הישר, דער
פּרייסישער יונקער האָט משוגע געמאַכט די גאַנצע וועלט. א צו
גרויסער כבוד פאַר דעם פּרייסישען יונקער, און ווען דאָס איז
אמת, קאָן זיך די וועלט בעגראָבען לעבעדיגערהייד.

ענדליך איז געקומען איינער און האָט אויסגעשפּראָכען דאָס
ערלעזענדע, בעפרייענדע וואָרט. ניט זאַנגוויל האָט דאָס אויסגע־
שפּראָכען, דער הונדערט און צוואַנציג פּראָצענטיגער ענגלענדער,
ניין, דאָס וואָרט האָט אויסגעשפּראָכען בערנהארד שאָו, ער האָט
קיין מורא ניט געהאט אַרויסצוגעהן מיט דעם נאַקעטען אמת. ער,
אַלס ענגלענדער, ווארנט די וועלט, אַז מען זאָל ניט קוקען אויף
דייטשלאנד אַליין ווי אויף א וואָלף און אויף ענגלאנד ווי אויף א

פרומע שעפסעלע, ווייל אין זייער עראָבערונגס־גייסט שטעהען זיי ניט אָב איינע פון די אנדערע. דער מיליטאריזם בעשטעהט ניט אין די גאָלדענע קנעפּ און געפלאָכטענע עפּאָלעטען, דער מיליטאַ־ריזם בעשטעהט אין דעם אונערזעטליכען אַפּעטיט, אין דעם דראנג צו עראָבערען אלעס, וואָס איז שוואך און ניט גוט געשיצט. עס איז גאנץ גלייך, צו מען שמיעדט הארמאטען צו דעם צוועק, מען בויט קאזארמען און מען שאפט א גרויסע ארמעע, אָדער מען בויט א פלאָטע און מען שיקט ארויס קריעגס־שיפען צו עראָבערען די וועלט.

איך האָב געהאט א פריינד. ער האָט געהאט א צארטע נאטור און האָט ניט געגעסען קיין פלייש. א רחמנות אויף די היהנער, א רחמנות אויף די בהמות, זיי צאפּלען זיך נעבאך אזוי פאר דער שחיטה. פיש האָט ער אָבער יא געגעסען. א פיש — אזוי פלעגט ער זאָגען, — שרייט ניט לכל הפחות. עס איז אן אמת׳ע מעשה. זעהען מיר דעם שרייענדען, דעם הילכיגען מיליטאריזם, זעהען מיר די פּרייסישע יונקער מיט די פעררייסענע קעפּ און די מארשירענדע ארמעע — פערשטעהען מיר וואָס עס בעדייט. די פלאָטע איז אָבער דער שווימענדער מיליטאריזם — זי שרייט ניט, און ווען זי שרייט, און די שיפּס־קאנאָנען עפענען די מיילער, אויך דענסט־מאָל דערגרייכט ניט דאָס געשריי צו אונזערע אויערען. מיר זיינען אלע אין א געוויסען גראד נאאיוו און מיר לאָזען זיך איינשמועסען. בערנהארד שאָו האָט אויסגעשפּראָכען א טהייל פון דעם ביטערען אמת, ער זאָגט אויך נביאות, אז דער פריעדען קאָן ניט צוריק קומען אויף לאנגע צייט, כל זמן ענגלאנד, פראנקרייך און דייטש־לאנד וועלען ניט שליעסען א שלום־בונד. עס ליעגט אין דעם א פיינער וואונק, מעהר ווי אין די שורות איז דאָ געזאָגט געוואָרען צווישען די שורות.

נאָוו. 21.

# אידישע פערטרעטונג

אין איצטיגער בעוועגטער צייט געהען אָפטמאָל דורך די פרעסע נאכריכטען, וועלכע האָבען אַ גרויסע בעדייטונג, אָבער צו־ליעב דעם אלגעמיינעם מלחמה רעש בעאכטעט מען זיי ניט, ווייל די גאנצע אויפמערקזאמקייט פון דעם לעזענדען פובליקום איז פערנומען מיט די ידיעות פון שלאַכטפעלד. איינע פון דיעזע נאכ־ריכטען איז געווען געדרוקט מיט עטליכע טעג צוריק כמעט אין אַלע אידישע צייטונגען, מען האָט זי אָבער דורכגעלאָזען אָהן פירושים, גלייך מיט די אונגעצעהלטע אנדערע ידיעות, וועלכע האָבען נאָר דעם צוועק צו אינפאָרמירען דעם לעזער.

די ידיעה איז אָנגעקומען פון לאָנדאָן, אַז די „אנגלאָ־דזשואיש־אסאָסיאיישאָן" מאכט הכנות צו פערטרעטען די אידישע אינטע־רעסען ביי דעם פריעדענס קאָנגרעס, וועלכער וועט איינבערופען ווערען, ווי מען רעכענט, נאָך דער מלחמה. די ידיעה טראָגט ניט דערוויל אויף זיך קיין זיכערען שטעמפעל, זי איז אנאָנים, אויך ווייסען מיר ניט אין וואָס בעשטעהען די פאָרבערייטענדע שריט פון דער אויבען דערמאָנטער „אסאָסיאיישאָן" און ווי רעכענט מען דאָרט אין לאָנדאָן צו אָרגאניזירען די פערטרעטונג פון די אידישע אינטערעסען אויף דעם קינפטינען פריעדענס־קאָנגרעס. מיינט דער אריסטאָקראטישער אָדער ריכטינער דער פלוטאָקראטישער ענגליש־אידישער מנין, אַז ער אליין קאָן מוציא זיין אויפ׳ן קאָנגרעס דעם כלל ישראל, ווי ער האָט דאָס ניט איין מאָל שוין פערזוכט ביי אנדערע קלענערע געלעגענהייטען, אָדער האָט ער אפשר בדעה איינצולאדען נאָך אנדערע פערטרעטער? און ווען זיי ווילען שוין איינלאדען אויך אנדערע פערטרעטער, וועלען זיך די ענגלישע מיוחסים ווענדען צו די אידישע עקזיסטירענדע פאָלקס־אָרגאני־זאציאָנען, אָדער צו זייערע מקורבים פון די אנדערע לענדער, דאָס

הייסט צו די וואָס שטעהען אויפ'ן שפּיץ פון די כלומר'שטע אָר־גאַניזאַציאָנען און וואָס זיינען נאָהענט צו די מיטגליעדער פון דער „אנגלאָ־דזשואיש־אַסאָסיאיישאָן" אי נאָך זייער גייסט, אי נאָך זייער געזעלשאַפטליכע שטעלונג?

עס איז כדאי, אַז די אידישע עפענטליכע מיינונג זאָל ביי־צייטען אויפמערקזאַם געמאַכט ווערען אויף די וויכטיגקייט פון די שריט, וועלכע ווען אונטערנומען אָדער קאָנען איצט אונטערנומען ווערען פון פערשיעדענע זייטען אין דער אידען־פראַגע, כדי עס זאָלען בעצייטענס פערמיעדען ווערען די פעהלער, פון וועלכע די אידישע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט שטענדיג געליטען, ווען עס זאָל נאָר זיין ערלויבט אַנצורופען שתדלנות מיט דעם נאָמען פּאָליטיק.

אין די לעצטע צוואַנציג יאָהר האָבען פיעלע פון אונזערע כלל־טהוער און פּובליציסטען געשפּראָכען פון אַן אַלגעמיין־אי־דישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע זאָל האָבען דאָס רעכט צו רעדען אין נאָמען פון געזאַמטען אידישען פאָלק און פערטרעטען זיינע אינטע־רעסען אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען אָדער קאָנפערענצען, וואָס קומען פאָר פון צייט צו צייט. מען האָט געפיהלט, אַז די בעשטעהענדע אידישע אָרגאַניזאַציאָנען, ווי גרויס זיי זאָלען ניט זיין און ווי ברייט עס זאָל ניט זיין זייער פּראָגראַם, זיינען ניט געניגענד בעפאָלמעכטיגט פון גאַנצען פאָלק אַלס געשלאָסענע נאַציאָנאַלע איינהייט. מען האָט גע'חלום'ט פון אַ פאָלקס אומ־פּאַסענדער אָרגאַניזאַציאָן, וואָס זאָל אַרומנעהמען אַלע געזעלשאַפט־ליכע קלאַסען נאָך זייער עקאָנאָמישער סטרוקטור און אַלע גייסטיגע ריכטונגען נאָך זייערע פערשיעדענע וועלט־אַנשויאונגען און ציעלען.

אַ שעהנער געדאַנק! מיר זיינען זיכער, אַז קיין נאַציאָנאַל־געזינטער איד קען ניט זיין געגען דיעזען געדאַנק. ליידער אָבער איז ער ניט אויספיהרבאַר, ווייל ער רעכענט זיך ניט מיט דער בעשאַפענהייט פון דעם גלות. דער געדאַנק פון אַן אַלגעמיינער אידיש־נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציאָן איז געבויט אויף „גובר זיין דעם גלות", דאָס הייסט אויף דער פערנייגונג פון דעם גלות אין גלות גופא. דער גלות בעשטעהט דאָך ניט נאָר אין דער געאָגראַפישער

צערשטרויטהייט, ער בעשטעהט הויפטזעכליך דעריז, וואָס פער־
שיעדענע חלקים פון פאָלק האָבען די מעגליכקייט אָבצוקעהרען זיך
פון זייער נאַציאָנאַלער איינהייט. דער דייטש, דער פראַנצויז, דער
ענגלענדער א. ז. וו. קאָן זיין קאָנסערוואַטיוו געזאָנען אָדער פריי־
זיניג, אָרטהאָדאָקס אָדער רעפאָרמער אין רעליגיעזע אַנגעלעגענ־
הייטען, ער האָט אָבער ניט דעם ווילען און נ י ט  ד י  מ ע ג ־
ל י כ ק י י ט  אויסצושליסען זיך פון זיין אומה. ער בלייבט שטענ־
דיג אַ דייטש, אַ פראַנצויז, אַן ענגלענדער א. ז. וו.; ער קען אפילו
זיך קאָכען פאַר קאָסמאָפאָליטישע אידעען, זיין קאָסמאָפאָליטיזם
קאָן אָבער קיין מאָל ניט אַרויס פון דעם אידעען־קרייז. אין פראַק־
טישען לעבען מוז ער זיך אונטערגעבען דער נאַציאָנאַלער סביבה.
די שולע, די ליטעראַטור, דאָס טהעאַטער, די קונסט־גאַלערעען, די
מוזעען און די גאַנצע געזעלשאַפט זיינען ניט פאַרבלאָז, זיי טראָגען
אויף זיך אין  ד ע ר  ג אַ נ צ ע ר  ו ו ע ל ט  אַ נאַציאָנאַלען שטעמפעל.
גאַנץ אַנדערס איז דאָס אָבער ביי אַ גלות פאָלק, וואָס האָט ניט קיין
געשלאָסענע מאַיאָריטעט. די סביבה — ניט נאָר וואָס זי העלפט ניט
אויסבילדען זיין נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, זי איז אדרבא אנקעגען
איהם, זי זוכט איהם  אָ ב צ ו ׳ ש מ ד ׳ ע ן  פון קינדווייז אויף,
ניט נאָר אויף דעם רעליגיעזען געביט. זי גיט איהם אַ פרעמדע
שפּראַכע, אַ פרעמדע פערגאַנגענהייט, אַ פרעמדען אינהאַלט אין
דער געגענוואַרט. די שוואַכע נאַטורען קאָנען ניט אויסהאַלטען
דעם שטאַרקען דרוק פון דער פרעמדער סביבה און גיבען זיך
אונטער, זיי לעגען אוועק די כלי־זין, וואָס זיי האָבען בעקומען
בירושה און קאַפּיטולירען. עס געהערט פיעל גבורה פאַר דעם איינ־
צעלנעם בייצושטעהן ביי דעם נסיון און פיהרען אַ שטענדיגע מלחמה
מיט דעם שטאַרקערען געגנער, און בפרט נאָך אַז דער געגנער האָט
פערנומען דעם גאַנצען „עולם הזה“. נאָר די שטאַרקערע נאַטורען
רעטען זיך און שאַפען פאַר זיך אַ אינטימע אינוועניגסטע וועלט,
אין וועלכער זיי זוכען זיך אויסצולעבען. דאָרט, וואו דאָס לעבען
שפּיעלט זיך אָב אין מאַסען ערשיינונגען איז די מלחמה פיעל
לייכטער, עס ווערט געשאַפען אַ גהעטאָ, מיט מויערן אַרום אָדער
אָהן מויערן, אַן אייגענע סביבה מיט אייגענע לעבענסמעגליכקייי־

טען. דעריבער בעג'נט די אסימילאציאָן דוקא אין די שפּיטצען פון דער געזעלשאפט, ניט מחמת יענע מענשען, וואָס פערנעהמען דעם אויבען־אָן אין דער געזעלשאפט זיינען רייכער און געבילדעטער, און זיי ווילען האָבען א לייכטערעס לעבען, מיט וועניגער מלחמות און וועניגער התנגדות, נאָר הויפּטזעכליך ווייל אויבען־אָן לעבען די מענשען ווי איינצעלנע, זיי זיינען אינדיווידועלער, און דער איינצעלנער איז צו שוואך מלחמה צו האלטען אנקעגען א גאנצער סביבה. די אסימילאציאָן איז די נ א צ י אָ נ א ל ע ש ו ו י נ ד ז ו כ ט, און ווי יעדע שווינדזוכט הויבט זי זיך אָן מיט א שפּיטצען־קאטאר. וואָס העכער די געזעלשאפטליכע קלאסע איז, איז זי אלץ שוואכער אין דער מלחמה מיט דער סביבה.

אן אלגעמיינע אידישע אָרגאניזאציאָן, וועלכע זאָל האָבען דאָס מאָראלישע, ניט נאָר דאָס פאָרמאלע רעכט צו רעדען און אויפצוטרעטען אים נאָמען פון גאנצען פאָלק, מוז זיין נאציאָנאל, ווארום ווען ניט לייקענט זי אָב איהר אייגענע עקזיסטענץ־בערעכטיגונג. איינצעלנע אידען, ווי שטארק זיי זאָלען ניט זיין דורך זייער געלד־מאכט אָדער דורך זייער אינטעליגענץ, אָדער גאנצע גרופּען אָדער אָרגאניזאציאָנען, וועלכע אנערקענען דעם נעגאטיווען אידעאל פון נאציאָנאלער שווינדזוכט, וועלכע זאָגען ארויס אָפען, אז די אידען זיינען קיינע נאציאָנאלע איינהייט מעהר, אז אידען מוזען טראכטען וועגען א פאָלשטענדיגעם אויפגעהן אין אינטערנאציאָנאלען שמעלץ־טאָפּ — אזוינע אידען קאָנען אפשר אָפטמאָל דערגרייכען זייער אייגענע גלייכבערעכטיגונג אין דער פרעמדער סביבה, וועלכע זיי דיענען, זיי האָבען אָבער פערלאָרען זייער אידישע גלייכבערעכטיגונג. עס איז ניט לאָגיש און אויך ניט יושר'דיג צו וועלען פערטרעטען די אינטערעסען פון א פאָלקס־איינהייט, אין וועלכער מען גלויבט ניט, אָדער וועלכער מען ווינשט קורצע יאָהרען.

און צו וואָס זאָלען מיר טרייבען שטרוים־פויגעל־פּאָליטיק? דער גלות האָט אונז צופרעסען אין אלע מדינות, אפילו דאָרט, וואו מיר האָבען נאָך ניט ערר{ייכט די בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג. מיר האָבען מוחל געווען אויף אונזער נאציאָנאלען „איך“ אלס אן

אויפנאב פאר די מעגליכקייט פון קינפטינער גלייכבערעכטיגונג. א שטארקער חלק פון אונזער פאלק איז אסימילירט און האלט זיך פעסט פאר די אסימילאטארישע אידעאלאגיע. מיר געפינען אסימילאטארען אויף אלע געביעטען: וויסענשאפטלער, קינסטלער, פאליטיקער און מיליאנערען. מיר קאנען זיי פערזענליך אפילו ניט בעשולדיגען, זיי זיינען א פראדוקט פון דעם אידישען גלות, זיי זיינען די קרבנות, וואס א גלות־פאלק מוז שענקען דער פרעמדער סביבה.

דערין ליעגט די גרעסטע שוועריגקייט, וועלכע לאזט ניט צו די שאפונג פון אן אלגעמיינער אידישער נאציאנאלער וועלט־ארגאניזאציאן. העכסטענס קענען מיר נאר פעראייניגען אלע אידישע ארגאניזאציאנען, וועלכע האבען א נאציאנאלען כאראקטער. זיי וואלטען געבילדעט א גרויסע קראפט, א סך א גרעסערע ווי דער סך הכל פון זייערע כחות, ווען זיי ווירקען בעזונדער. דערצו איז נויטיג, אז מען זאל זיך פעראייניגען אויף א נאציאנאלען פראגראם־מינימום, צו וועלכער אלע זאלען קענען מסכים זיין. די ארבייט האט מען געקענט אויספיהרען אהן בעזונדערע שוועריגקייטען.

אזא ארגאניזאציאן וואלט אויך געהאט די מעגליכקייט מבטל צו זיין דעם איינפלוס פון די גאנץ קליינע אידישע ארגאניזאציאנען, וועלכע ציהען חיונה נאר פון זכות אבות און וועלכע האבען אין די לעצטע יאהרען נאך קיין מאל ניט בעוויזען אז זיי פערשטעהען אין מאדערנעם זינן דאס אידישע פראבלעם און אז זיי בעזיטצען גענוג קראפט אום געהאלטען צו ווערען פאר א וויכטיגען פאקטאר.

די אידישע עפענטליכקייט האט איצט דאס רעכט צו וויסען, וואס קלייבט מען זיך פארצושלאגען. די קאטאסטראפע איז צו גרויס און דער חולה וויל וויסען וואס פאר א רפואה זיינע פריינד שלאגען איהם פאר.

נאוו. 29.

# דער פּסוק

פון מיין קינדהייט אָן האָב איך א שוואכקייט פאר פּסוקים. איך ווייס, די אויפגעקלעהרטע לאַכען דערפון. איהר מעגט אויס־דריקען דעם בעסטען, טיעפסטען געדאַנק, נאָר אויב איהר אילוס־טרירט איהם דערנאָך דורך א פּסוק, זייט איהר פערלאָרען. מען איז אייך חושד, אַז איהר האָט נישט צוגעפּאַסט דעם אַלטען פּסוק צום איינענעם געדאַנק, נאָר אומגעקעהרט, איהר האָט צוגעשניטען א געדאַנק צום פרעמד געוואָרענעם אַלטען פּסוק.

מען זאָגט ווייטער, אַז פּסוקים קויפען אונטער די לאָגיק, זיי דיקטירען אונז אין וועלכער ריכטונג מיר זאָלען דענקען. עס קען זיין. דאָס איז אָבער ניט נאָר די אייגענשאַפט פון פּסוקים. עס בעאיינפלוסען אונז ביז צו א געוויסען גראַד אַלע ספרים פון גרויסע מענער און אַלע גרויסע קונסט־ווערק. דערין בעשטעהט אויך זייער דויערנדער ווערטה. האָבען זיי עטוואס פון דער אייביגקייט אין זיך, דריקען זיי אויס אַן איינפאַל, א חידוש, האָבען זיי אויפגעדעקט עפּעס א סוד, אויסגעזאָגט עטוואָס פון יענעם וואונדערבאַרען חדר, וואו דער בורא כביכול זיצט ביים וועב־שטוהל און בויט נייע וועלטען און מאַכט זיי חרוב און בויט ווידער נייע — דענסטמאָל פער־שווינדען זיי ניט אזוי שנעל, זיי קריצען זיך איין אין אונזער גע־דאַנקען־וועלט און בויען זיך א נעסט אין אונזער זכרון. מיט דער צייט פערשמעלצען זיך די פרעמדע געדאַנקען מיט אונזערע אייגענע. מיר האָבען זיי פערדייהעט, און עס איז ניט מעהר ווי רעכט פון אונזער זייט, אַז ווען מיר פאָרמולירען אונזערע אייגענע געדאַנקען, און דורך אונזער זכרון געהט עטוואָס דורך ווי אַן עלעקטרישער פונק און דערמאָנט אונז פון וואַנען מיר האָבען זיי געשעפּט, זאָלען מיר מיט א געפיהל פון דאַנקבאַרקייט מאַכען אַן אזכרה דעם דענ־קער אָדער דעם קינסטלער, וועמען גאָט האָט געבענשט מיט טאַלאַנט

צו בעפרוכטען די מענשליכע מחשבה און איבערצולאָזען אַ רושם אין דער געשיכטע.

און איך בעדויער עס זעהר טיעף, וואָס מיר האָבען פערלאָזען דעם פּסוק, וואָס אונזער נייע ליטעראַטור האָט פערלאָזען דעם מקור, וועלכער האָט אונז אין דעם משך פון אונצעהליגע דורות געגעבען אַזאַ אייגענטימליכען, כאַראַקטעריסטישען רייכטהום, גלאַנץ און חן, וועלכער האָט אונז פערבונדען מיט אונזער היסטאָרישער קינדהייט, מיט די שעהנסטע פּעריאָדען פון אונזער אויפבליהען און פון אונזער שעפּפערישער פאָלקס־קראַפט. אַ פאָלק מוז האָבען אַ הייליגען ספר, און דער ספר מוז דורכדרינגען זיין גאַנצעם לעבען, און דער גייסט פון דיעזען ספר מוז שוועבען איבער אונזער טראַכטען און דענקען, איבער אונזער ווירקען און האַנדלען.

איך מיין ניט, אַז מיר זאָלען אָנהויבען ווידער שרייבען מיט האַלבע פּסוקים, ווי עס האָבען אַ צייט לאַנג געטהאָן אונזערע בעלי מליצה. אַ דאַנק גאָט וואָס מיר זיינען שוין איבערגעקומען דיעזע פּעריאָדע אין אונזער ליטעראַטור. דאָס איז געווען אַ פּעריאָדע פון שוואַכקייט און פון אונבעהאָלפענהייט. מיר זיינען אָבער איצט אַריבערגעגאַנגען צום אַנדער עקסטרעם, מיר האָבען זיך עמאַנציפּירט פון אונזערע קלאַסישע ווערק. מיר זיינען געוואָרען נייע מענשען פון נעכטען און עס שוועבט איבער אונז אַ סכנה צו ווערען גאַנץ שפּאָגל נייע פון היינטיגען טאָג. מיר פערגעסען, אַז אַלע נאַ־ציאָנען האָבען זייערע קלאַסיקער, און אַז יעדער געבילדעטער מענש לערענט צוערשט זיינע קלאַסיקער, דען קלאַסיקער קען מען ניט אויסבאָרגען ביי פרעמדע נאַציאָנען, און עס איז זעהר אַ שאַדע, וואָס מיר פערגעסען אונזערע קלאַסיקער און דערווייטערען זיך פון פּסוק. אונטער פּסוק פערשטעה איך אין ערשטער שורה די נביאים, אָבער אויך די משנה, די גמרא און דעם מדרש. ווען איך לעז עטוואָס פון זיידען, פון פרץ, פון שלום עליכם, פון אש, פיהל איך נאָך דעם טעם פון פּסוק. איך פיהל, אַז זיי האָבען אַ יניקה פון אַלטען מקור. דערין ליעגט אויך דער סוד פון זייער בעזונ־דערער אָנציהונגס־קראַפט. ניט נאָר דער אינהאַלט, אויך די פאָרם האָט עטוואָס מאַגנעטישעס אין זיך. איך דערמאָן זיך עפּעס אָן

שיר השירים: משכני אחריך נרוצה — ציה מיך, איך וויל דיר נאָכלויפען. פון טיעפסטען הארצען בין איך דאַנקבאר דעם זיידען פאַר זיין אויסטייטשען א פסוק. איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען זיין „הבן יקיר לי אפרים“. איך וועל ניט פערגעסען שלום עליכם'ס פסוק וועגען דעם, וואָס דער תרגום אונקלס מאַכט אויף לבן הארמי, איך וועל ניט פערגעסען אש'ס פירוש אויף רחל מבכה על בניה. און פרץ — ער איז דאָך אין גאַנצען א לעבעדיגער מדרש, א מדרש אויף דאָס אידישע לעבען.

איך וויל היינט אויך איינטייטשען א פסוק. און איך שווער, אז דער פסוק איז מיר געקומען גאָר צולעצט. עס איז נאָר א ריינער צופאַל. איך טהו דאָ ניט אויף קיין חדושים. איך לערען נאָר פשט. אָבער מערקווירדיג, טויזענד מאָל געהען מיר פארביי א פסוק, און ער ריהרט אונז ניט אָן. דער פסוק איז גלאַט, מיר מערקען אין איהם ניט קיין טיעפען געדאַנק און מיר לאָזען איהם רוהיג ליעגען. מאַכט זיך אָבער א וויכטיגע געשעהענים און מיר הויבען אָן טראַכטען און דענקען, ביז מיר האָבען א גאַנצע שנור פון רעיונות, און מיט א מאָל דערמאָנען מיר זיך אָן דעם אלטען פסוק, און מיט א מאָל בעקומט ער פאַר אונז א נייעם אינהאַלט, פיעל טיעפער ווי מיר האָבען גערעכענט.

דאָס האָט מיר אויך פאַסירט ביי דער איצטיגער מלחמה-צייט.

נאָך קיין מאָל אין לעבען האָב איך ניט געלעזען אזוי פיעל צייטונגען, ווי דאָ אין אמעריקא, זייט די מלחמה האָט זיך אָנגע־פאַנגען. ערשטענס איז מען דאָך נייגיעריג, מען וויל אלעס וויסען, און ווען מען איז אפילו זיכער, אז אלע צייטונגען האָבען די זעלבע נייעס, וויל מען דאָך לעזען פיעל צייטונגען, ווייל מען איז דאָך ניט יוצא מיט דעם וואָס שטעהט אין די שורות, מען זוכט דאָך ארויס אויך דאָס, וואָס שטעהט צווישען די שורות. און צווישען די שורות זיינען כמעט אלע צייטונגען פערשיעדען. צווייטענס האָב איך געמוזט פיעל לעזען, ווייל איך האָב דאָך געמוזט וויסען וועגען וואָס ניט צו שרייבען. אין מלחמה-צייט איז א מלחמה אויך צווישען די שרייבער. מען כאַפּט אָפּטמאָל, לא עליכם, א

פרעמדען געדאנק און מען מאכט פון איהם אן ארטיקעל, און וויל
מען אויף זיך ניט האבען קיין חשד, מוז מען זיין זעהר פארזיכטינ.

בין איך פון פיעל לעזען צוטומעלט געווארען. פון אנהויב
איז פאר מיר אלעם געוועזן גאנץ קלאר. די ענגלענדער, די דייטשען,
די פראנצויזען, די רוסען און אזוי ווייטער, האבען אנגענומען יעדער
פון זיי זיין אייגענעם שטאנדפונקט און פערטהיידינט איהם מיט
אלע כחות. מוזען מיר, אלזא, האבען אונזער אידישען שטאנדפונקט
און האלטען זיך פאר איהם פעסט. איך האב געציטערט מען זאל
ניט צוברעקלען דעם אידישען שטאנדפונקט, ווייל דעמאלט וועלען
מיר נאר ניט קאנען ארויסקריכען פון פלאנטער. הויפטזעכליך האט
זיך דא געהאנדעלט ווענען די לאגע פון די רוסיש־פוילישע און די
גאליצישע אידען, וואס זיי האט געטראפען די גרעסטע קויל. גע־
וועהנליך פערשטעהט מען גאנץ גוט, אז פון אונזערע אידישע סימ־
פאטיען העננט ניט אב דער אויסגאנג פון דער מלחמה, נאר עס
ליענט שוין אזוי אין דער טבע פון מענשען, ער האט ליעב צו מאכען
חשבונות אפילו ווען ער וויים, אז ער מאכט דעם חשבון אהן דעם
בעל־הבית.

איז דער חשבון פאר מיר געוועזן קלאר. איך וויים ווי עס
לעבען די אידען אין רוסיש־פוילען אין דעם צווייענדינען
גלות, אין דעם אונערטרעגליכען רוסישען און אין דעם נאך אונ־
ערטרעגליכערען פוילישען גלות. איך וויים, ווי עס לעבען די אידען
אין גאליציען, אדער ריכטיגער, ווי עס האבען געלעבט די אידען
אין גאליציען און איך קען אויך גאנץ גוט דעם מצב פון די אידען
אין דייטשלאנד. דא האט זיך נאר געהאנדעלט ווענען אן אויס־
וואהל פון דריי גלות'ען, און מיין געזונדער, פשוט'ער מענשען־
פערשטאנד האט מיר דיקטירט וואס איך זאל אויסקלייבען, איך
מיין, וואס איך זאל ווינשען, לכל הפחות, ווארום מעהר ווי ווינשען
קאנען מיר דאך ניט. האט מען אבער אנגעהויבען צו פילאזא־
פירען, אנגעהויבען מיט א מאל צו ריידען פון די בעהאלטענע
אויסנעצייכענטע סלאווישע מדות, וועלכע וועלען זיך מוזען ענט־
פלעקען נאך דער מלחמה און פון וועלכע עס וועט מוזען קומען די
ישועה אויף אידען. מען האט אנגעהויבען צו שאפען איין טהעאריע

נאָך דער אנדערער, מען האָט פערלאָזען דאָס איינפאכע, פערוואָרפען דעם פשט און אָנגעהויבען צו פשט'לען זיך און פערקראָכען אין חכמת הנסתר.

האָב איך זיך דערמאָנט אָן יענעם מגיד, וואָס האָט זיך גע־שטעלט אויף א פסוק, און דער פסוק איז דוקא געווען גלאט, איין פנימה'לע ניט געהאט, איינער פון די גלאטע פסוקים, ווי למשל: אלה תולדות נח, שם חם ויפת, דאָס זיינען די תולדות'ען פון נח, שם חם און יפת. האָט דער מגיד אזוי געזאָגט: זעהט, רבותי, דער פסוק איז גלאט, דרעהט איהם אויף אלע זייטען, ער ליעגט גאנץ רוהיג, וועל איך אָבער איהם א ביסעל מ ר ח י ק מ ן ה ש כ ל זיין, וועט איהר זעהן, אז עס קלעפט זיך ניט א וואָרט צו א וואָרט. און דער מגיד איז טאקע געווען א גרויסער בריה אויף מרחיק מן השכל זיין, און נאָך צוויי מינוטען האָבען אלע געפיהלט בעשיינ־פערליך, אז דער פסוק איז גאָר משונה'דיג.

אין די היינטיגע צייטען האָט מען ניט צו טהאָן מיט פסוקים און מען פערדרעהט זיי ניט מעהר. וואָס טהוט מען אָבער? פער־דרעהט מען די אייגענע געדאנקען. מען קעהרט אוים די לאָגיק אויף דער לינקער זייט, קומט ממילא אוים אלעס פערקעהרט, דער אונ־טערשלאג פון אויבען און די קנעפ פון אונטען.

אָט שמועסענדיג וועגען דער א י ב ע ר ג ע נ י צ ע ו ו ע ט ע ר לאָגיק אין א געזעלשאפט ביי מיינעם א פריינד, האָט מיך איינער פון די געסט א פרעג געטהאָן, וואו שטעהט דער פסוק „משיב חכמים אחור ודעתם יסכל" — ער קעהרט אום די חכמים נאָך הינטען און מאכט זייער וויסען פערקעהרט. איך האָב געגלויבט, אז דער פסוק שטעהט אין איוב, עס לאָזט זיך אָבער אוים, עס איז א פסוק פון ישעיה. ערשט אז איך בין געקומען אהיים און נאָך אמאָל א טראכט געטהאָן וועגען דעם פסוק, איז מיר איינגעפאלען, אז דער פסוק איז דאָך מערקווירדיג אָנגעפאסט צו אונזער מלחמה־פילאָזאָפיע.

װען גאָט װיל אַמאָל שטראָפֿען דעם חכם, װאָס טהוט ער מיט איהם. ער קעהרט איהם אום נאָך הינטען, ממילא קעהרט זיך אױס זײן שכל, זעהט ער אַלעם מיט'ן קאָפּ אראָב.

לאַכט ניט פֿון אַ פּסוק. ער איז גוט אין פֿריעדענס־צייטען, ער קומט אָבער אױך צונוטץ אין מלחמה־צייט.

10 דעצעמבער, 1914.

## צווייערליי פּעסימיסטען

עס זיינען דאָ צווייערליי פּעסימיסטען, וועלכע מען פערוועק־סעלט זעהר אָפט אין לעבען. אין אמת'ען אָבער זיינען זיי זעהר ווייט איינער פון דעם אנדערען אי נאָך דער בעשאַפענהייט פון זייער נאַטור, אי נאָך דעם תכלית, וואָס יעדער פון זיי האָט פאר זיינע אויגען.

עס זיינען דאָ פּעסימיסטען, וועלכע וואָלטען וועלען מיט זייער גאַנצער נשמה, אז דער הימעל זאָל זיין בלוי, די זון זאָל שיינען העל און די מענשהייט זאָל זיך פיהלען גליקליך, נאָר עס פעהלט זיי דער גלויבען אין א גליקליכע צוקונפט. אָפטמאָל ווערט זייער גלויבען צושטערט דורך די טרוקענע חשבונות פון אן אנאַלי־טישען פערשטאנד, וועלכער האקט אונטער די פליעגלען פון יעדער פאַנטאַזיע. אָפטמאָל קומט דער פּעסימיזם פון אן אינוועניגער שטימונג, ניט אַלס פּראָדוקט פון שכל. עס זיינען דאָ מרה־שחורה־דיגע נאַטורען, וועלכע קאָנען זיך ניט בעפרייען פון דער אייגענער דונקעלהייט. אָבער ווי דאָס איז, זיינען דאָס פּעסימיסטען, וועלכע ליידען פון זייער אייגענעם פּעסימיזם. צווישען זייער וואונש און זייער גלויבען הערשט א שטענדיגער קאָנפליקט, זיי טראָגען אין זיך אן אייביגעם בעגעהרען אָהן האָפנונג אויף בעפריעדיגונג, זיי זיינען פול מיט צער, זיי עמפּפינדען דעם גרויסען שמערץ פון א שעהנער וועלט, וועלכע קאָן ניט אויפגעבויט ווערען, זיי ציהען זיך צו א משיח, וועלכער וועט קיין מאָל פאר זיי ניט קומען.

עס זיינען אָבער דאָ פּעסימיסטען פון א גאנץ אנדער מין. דאָס זיינען די טרוקענע פּעסימיסטען. זיי האָבען איין מאָל פאר אלע מאָל שלום געמאכט מיט זייער אייגענעם פּעסימיזם, זיי האָבען זיך צו איהם צוגעפּאסט, צוגעשניטען זייער לעבען נאָך דער פּעסי־מיסטישער שיטה און פיהלען זיך דערביי זעהר בעקוועם. יעדע

פאַנטאַזיע איז זיי פון לכתחלה פערהאסט, זיי ווילען זיך אפילו ניט מטריח זיין און אונטערזוכען אויב זי האָט עפּעס א ממשות׳דיג׳ נען שטיצפּונקט אָדער ניט. זיי שפּיעלען געווענליך אין לעבען די ראָלע פון די קלוגע, זיי לאָזען זיך ניט איינשמועסען, זיי לאָזען זיך ניט בעגייסטערען, זיי נעהען תמיד ארום מיט׳ן פונט און מיט׳ן מעטער אין דער האנד און וועגען און מעסטען און געפינען שטענדיג ארויס, אז דער חשבון שטימט ניט. זוכט ביי זיי ניט קיין צער, דער זעעלישער שמערץ איז זיי פרעמד. זיי האָבען איהם אין גאַנצען פערטריבען.

די פּעסימיסטען פון דער ערשטער קאַטעגאָריע געהען ארום שטענדיג אומעדיג, זיי טראָגען אויף זיך א שווערע משא, זיי קלאָגען אויף גלות השכינה. די פּעסימיסטען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע קלאָגען ניט און טרויערען ניט, זיי זיינען ניט בעזאָנדערס פרעהליך אָבער אויך ניט אומעדיג, זיי האָבען א פער־גליווערטע שטימונג, כמעט שטענדיג גלייך, אָהן בערג און אָהן טהאָלען, שטענדיג בעזאָנען, שטענדיג שכל׳דיג.

אייגענטליך איז דאָס אַן עולה, וואָס מען רופט זיי ביידע אָן מיט דעם זעלבען נאָמען „פּעסימיסט“, דען נאָר די ערשטע פער־דיענען דיעזען נאָמען, די אנדערע זיינען ניט קיין פּעסימיסטען, זיי זיינען ש ו ו א ר ץ - ז ע ה ע ר. ביי די ערשטע שטעלט זיך אוועק א שווארצער פאָרהאנג צווישען זייער וואונש און זייער גלויבען, ביי די אנדערע איז די נשמה זעלבסט אָבגעפארבט אויף שווארץ. די ערשטע האָבען נאָך עולם־הבא, זיי זעהען דעם גן־עדן, נאָר זיי גלויבען ניט, אז די כרובים מיט די אויסגעשטרעקטע שווערדען וועלען ווען עס איז ווייעדער ארייגלאָזען אהין דעם איין מאָל ארויס־געטריבענעם מענשען. די אנדערע זיינען עולם־הזה׳ניקעם. פאַר זיי עקזיסטירט ניט ניט קיין עולם הבא, ניט קיין גן־עדן, ניט קיין כרובים. זיי קאָנען דעריבער ניט קלאָגען אויף גלות השכינה, ווייל זיי גלויבען אין דעם עצם שכינה ניט. זיי האָבען אויסגע־לערענט דעם פּסוק „הבל הבלים הכל הבל“ און מיינען, אז זיי זיינען אליין געוואָרען קהלת׳ען.

דער פּעסימיזם אין גאַנצען האָט אין זיך ניט קיין שאפענדע

קראפט. די שכינה רוהט ניט, — אזוי זאָגען די אַלטע, — ניט פון אומעדינקייט, און ניט פון פערצווייפלונג, נאָר פון פרייד און האָפנונג. ווען מען וואָלט ניט געשאפען פאר די ארבייטענדע קלאַסען דעם „צוקונפט־שטאאט“, וואָס איז די ווערטליכע איבערזעצונג פון „עולם הבא“, ווען זיי וואָלטען אליין אין זיך ניט געטראָגען דעם גלויבען אז עס קאָן געשאפען ווערען א נייע, א בעסערע און א שעהנערע געזעלשאפטליכע אָרדנונג — וואָלטען זיי בשום אופן ניט געקאָנט אויספיהרען דאָס, וואָס זיי האָבען אויסגעפיהרט אין דעם לעצטען האלבען יאָהר־הונדערט. מען קאָן איינווענדען און טענה'ן, אז דער „צוקונפטס־שטאאט“ איז „ניט אויפ'ן הימעל און ניט אויף יענער זייט ים“, דעריבער איז געווען לייכטער צו גלויבען אין איהם — דאָס איז אָבער מעהר ניט ווי א טעות. ווען איך ארבייט פאר א אידעע, וואָס קאָן פערווירקליכט ווערען ערשט אין דורות ארום, בין איך א בן־עולם־הבא, אלעם איינס ווי מיין צוקונפטס־שטאאט איז בעשאפען. קוק איך אין די צוקונפט, פערשמעלצען זיך ביי מיר הימעל און ערד און איך שאף פאר מיר „נייע הימלען און א נייע ערד“. עס איז ניט גענוג צו פערשטעהן מיט'ן שכל, אז די אָרדנונג איז שלעכט און יענע אָרדנונג איז גוט. פון שכל אליין איז נאָך ניט געדרונגען, אז איך זאָל זיין א שונא פון דער שלעכטער און א הייסער בעגעהרער פון דער גוטער אָרדנונג. די צדיקים האָבען געמוזט וועלען שאפען זייער עולם הבא. מיר רעדען פון די וועלטען און זאָגען „אין די וועלטען, וואָס דער בורא האָט געשאפען נאָך זיין ווילען און נאָך דעם ווילען פון זיינע יראים“. ווען עס פעהלט דער גלויבען אין די מעגליכקייט פון א בעסערער וועלט, ווערט אָבגעהאקט די פערבינדונג צווישען מיין וואונש און צווישען מיין אייגענעם כח. דער וואונש ווערט שוואך און דער כח ווערט ניט אויסגענוצט, ער נעהט לבטלה.

נאָר פון דעסטוועגען קאָן מען די פעסימיסטען פון דער ערשטער קאטעגאָריע ניט נאָר אין גאנצען מבטל זיין. מען קאָן מיט זיי מיטפיהלען. אָפטמאָל מאכען זיי דורך אן ערשיטערונג אין לעבען און נעווינען ווידער זייער גלויבען און דאן ווערען זיי די פלייסיגע מיטארבייטער פון דעם מענשליכען פראָגרעס. שלעכט שטעהט עס

מיט די פּעסימיסטען פון דער צווייטער קאַטעגאָריע. פאַר זיי איז ניטאָ קיין תרופה, זיי זיינען אַ נעגאַטיווע קראַפט אין דער געזעל־שאַפט, וואָרים כמעט תמיד זיינען זיי ניט צופריעדען מיט זייער אייגענעם פּעסימיזם. זיי האָבען טאַקע פיינט דעם אָפּטימיסט תכלית שנאה. זיי האָבען אָפּטמאָל אויך ליעב צו שיטען זאַלץ אויף די וואונדען, זיי פערדריסט, טאָמער געפינט נאָך ווער עס איז אַ שטיקעל טרייסט, אַ האָפנונגס־שטראַהל.

קום איך, למשל, און רעד אָב שעה'ן לאַנג מיט אַזאַ מין פּעסי־מיסט וועגען דעם בילד פון צושטערונג, וואָס איך האָב געפונען אין אונזער אַלטער היימאַטה, איך דערצעהל איהם פון דעם כותל המערבי, צום ביישפּיעל, און פון די שטיינערנע קינות, — ענטפערט ער מיר: אויף וואָס האָסט דו דאָ צו קלאָגען, זייט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרען ביז אויף היינטיגען טאָג, איז פּלאַץ מורא'דיג געשטיגען אין מקח, און דער הייליגער פּלאַץ איז איצט ווערטה דאָס געלד, וואָס האָט אַ מאָל געקאָסט דער בית המקדש. דערצעהל איך איהם ווייטער מכח דעם ענין פון „תחית המתים“, ווי ביי אַן אַלט פּאָלק איז ווידער ערוואַכט געוואָרען דער ווילען צו נייעם לעבען, ווי נעכטיגע קרעמער און לופט־מענשען זיינען געוואָרען אַקער־בויער און פּלאַנצער, ווי מענשען, וואָס האָבען געקוקט מיט זייערע אויגען נאָר אַראָב און האָבען קיין שייכות ניט געהאַט ניט צום הימעל ניט צו דער ווייטער נאַטור, זיינען נעהנטער געוואָרען אי צו גאָט אי צו נאַטור, — ענטפערט ער מיר: אַלעס וועט צו־נעהמען דער טערק. ער וויל האָבען גאַראַנטיען, ער וויל ארבייטען מיט צעהנפאַכער זיכערהייט, ער גלויבט ניט אין די קראַפט פון זיין אייגענעם גלויבען, ער האָט ניט קיין גלויבען אין די אייגענע קראַפט.

קום איך למשל, און ווייז איהם אָן אויף די צוויי און פערציג טויזענד דריי הונדערט און זעכציג נפשות, וועלכע זיינען אַרויס פאַרצייטען פון בבל און וואָס נאָר זיי האָבען מיר צו פערדאַנקען אונזער אייגענעם קיום ביז אויף היינטיגען טאָג, — ענטפערט ער מיר: און וואָס וואָלט מיך געאַרט, אַז איך וואָלט ניט געהאַט קיין קיום? דאָס לעבען אַליין האָט אויפגעהערט צו זיין פאַר איהם

עטוואָס היילינעס, עס איז ניט מעהר ווי אַ געשעפט, אַן אַנגעלע־
גענהייט, וואָס מוז ערלעדיגט ווערען.

קום איך צו איהם חנוכה און רעד מיט איהם וועגען די
חשמונאים, וועגען זייער העלדענמוטה און זייער מסירת נפש —
ענטפערט ער מיר: און וואָס האָבען זיי אויסגעפיהרט מיט זייערע
גבורות? וואָלט אפשר ניט גלייכער געווען, אַז דער גלות וואָלט זיך
אָנגעהויבען מיט עטליכע הונדערט יאָהר פריהער, מען וואָלט זיך
אפשר צו איהם מעהר צוגעוואוינט און זיך ניט אַזוי געצאַפּעלט.
דאָס איז אַ מענש, וואָס עראינערונגען שטערען איהם, ער וויל ניט
קיין אויפמונטערונג.

ווער קען ניט דעם וויץ פון דעם זיד רוסישען „חאָחאָל“. ער
געהט און זעהט ווי איינער טרינקט זיך, פון צייט צו צייט שטרעקט
ער נאָך ארויס דעם קאָפּ פון וואסער, ער ראנגעלט זיך מיט דעם
נאסען עלעמענט. דער חאָחאָל רופט איהם צו: הער זיך אויף
צו בונטעווען, לאָז זיך אראָב אויפ׳ן גרונד.

צוגעוואוינען זיך צו אַ גלות, גלייך ווי ניט יעדען טאָג געהט
אויף די זון און פּרעדיגט פרייהייט, גלייך ווי ניט יעדען טאָג ווערט
געשאַפען אַ נייע וועלט, און עס ווילט זיך אַזוי ניט זיין געקנעכטעט,
זיין צוגעשמידט און זיך ניט קענען פריי בעוועגען.

די שווארץ־זעהער — דאָס זיינען די ערגסטע שונאים פון
מענשליכען פּאָרטשריט. מעהר פון אַלעמען ליידען מיר אידען פון
זיי. דאָס איז די שלימסטע ירושה, מיט וועלכער דער גלות האָט
אונז בעשענקט. און ווען מיר הויבען אָן צו קלעהרען וועגען אַ
נייער, ליכטיגערער, שעהנערער צוקונפט, טאָרען מיר ניט פערגעסען,
אַז מיר מוזען אָנהויבען בעקעמפּפען דעם גלות אין גלות גופא.
שווער איז דער וועג, וואָס ליעגט פאַר אונז, דאָך טאָרען מיר ניט
פערצווייפלען, און ווען פיעלעס פון דעם, וואָס איז אויפגעבויט
געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען מיט אַזוי פיעל קרבנות, קאָן חלילה
צושטערט ווערען פון דעם גרויסען וועלט־שטורם, מוזען מיר זיין
ענטשלאָסען אָנהויבען אויף דאָס ניי, ווידער בויען, ווידער לעגען
אַ שטיין אויף אַ שטיין און ציגעל אויף ציגעל, ביז דער בנין וועט
ווערען גענוג שטארק אום בייצוקומען אַלע שטורמס.

דער ווילען צום שעהנעם און ערהאבענעם האָט ארויסגערופען דעם גלויבען, דער גלויבען האָט ארויסגערופען דעם בטחון, די צו־פערזיכט. דער בטחון האָט געשטארקט דעם כח און דער כח האָט אויפגעטהאָן גבורות. דאָס איז דער פּראָצעס פון דער מענשליכער ענטוויקלונג.

17 דעצעמבער, 1914.

# אַן ענטפער צו אידישע פעסימיסטען

איז דאָס טאַקע אמת, אַז אַמאָל האָבען די אידען געהאַט גבורים, און היינט זיינען זיי אין גאַנצען פערשוואונדען? איז דאָס טאַקע אמת, אַז דער לאַנגער, פינסטערער, ביטערער גלות האָט בערויבט דאָס אידישע פאָלק און פון איהם אַוועקגענומען דעם העלדענמוטה, דאָס טהייערסטע, דאָס עדעלסטע, וואָס אַ פאָלק בעזיצט? איז דאָס טאַקע אמת, אַז דאָס אידישע פאָלס איז אינערליך צושטרייט געוואָרען און האָט זיך פערוואַנדעלט אין פאָלקס־שטויב, אין קליינע אַטאָמען, וועלכע האָבען פערלאָרען זייער געגענזייטיגע אָנציהונגס־קראַפט, אין בעזונדערע חלקים, וועלכע דרעהען זיך אַרום אין ווירבעל־שטורם פון לעבען און האָבען מעהר קיין שייכות ניט איינער צום אַנדערען?

מיר האָבען פעסימיסטען געגוג. וועלכע ענטפערען מיט „יאַ“ אויף אַלע דיעזע פראַגען. זיי גלויבען ניט מעהר, אַז דאָס אידישע פאָלק קאָן האָבען אַ תקומה אַלס אַ פאָלק און גיבען אונז אַן עצה, אַז מיר אַליין זאָלען אויך פון אונזער זייט זעהן וואָס שנעלער דורכצומאַכען דעם צערזעצונגס־פראָצעס. וועלכער האָט אונז אַרומ־גענומען, וואָס שנעלער פערשווינדען, וואָס שנעלער מגולגל ווערען אין אַ נ ד ע ר ע. זאָל יעדער פון אונז. אַלס אַן איינצעלנער, זוכען רעטונג ווי ווייט ער קאָן, זאָל ער זיך פרייוויליג, אָהן סתיר'דעם און ווידערשטאַנד, איבערגעבען אין די האַנד פון דעם אונבאַרעמ־הערציגען גורל און איבערגעהן אין אַן אַנדער וועלט, לאָזען זיך איינ־שלינגען פון דער פרעמדער סביבה און שליעסען פריעדען מיט די נייע לעבענס־בעדינגונגען.

מיר האָבען געגוג פעסימיסטען, וועלכע בעהויפטען, אַז די איצטיגע מלחמה, אין וועלכער די אידישע בעפעלקערונג פון די פערשיעדענע לענדער איז אַזוי שטאַרק בעטהייליגט, וועט האָבען אַ

גרויסע ווירקונג אויף דעם אידישען צערזעצונגס־פּראָצעס. זיי זאָגען נביאות, אז אויך נאָך דער מלחמה וועט ניט פערשווינדען די געגנער־שאַפט, וועלכע האָט זיך ארויסגעוויזען בשעת דער מלחמה צווישען די פערשיעדענע אידישע לאַנדסמאַנשאַפטען. די ענגלישע, די פראַנצויזישע און די רוסישע אידען, דאָס הייסט „די אליאירטע", וועלען ניט וועלען מעהר האָבען צו טהאָן מיט די דייטשע און די עסטרייך־אונגארישע אידען. דער נאַציאָנאַלער באַנד, וואָס האָט זיי ביז איצט צוזאַמענגעהאַלטען, איז צוריסען געוואָרען, און זיי וועלען מעהר ניט קאָנען זיצען ביי איין טיש. דאָס איז נאָך וועניג. דער אַנטאַגאָניזם צווישען דיעזע גרופּען וועט אויך פערזעצען א טויט־קלאַפּ, — אַזוי בעהויפּטען די נייע נביאים, — אפילו צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע איז אויפגעבויט אויף דער גרונדלאַגע פון דעם נאַציאָנאַלען געדאַנק. די ציוניסטישע קאָנ־גרעסען זיינען אונמעגליך געוואָרען און דאָס שעהנע בילד פון דער אַלוועלטליכער אידישער איינינקייט וועט פון איצט אָן געהערען דער פערגאַנגענהייט, דער געשיכטע.

וואָלט דיעזע נבואה ענטהאַלטען אין זיך אַן אמת, וואָלט זי מקוים געוואָרען, וואָלט דאָס געווען דער שטאַרקסטער בעוויז, אַז די אידישע אומה איז חרוב געוואָרען אַלס אומה און האַלט ביים אראָבגעהן פון דער וועלט־סצענע. דאָס וואָלט בעוויזען, אַז דעם אידישען פאָלק פעהלט דער צעמענט, די אינערע אָנציהונגס־קראַפט, די בעהאַלטענע גבורה, וואָס אָהן איהר קאָן א נאַציאָן ניט אויס־קומען. די ציוניסטישע בעוועגונג אין די לעצטע צעהנדלינגע יאָה־רען וואָלט דאַן געווען גלייך צו דעם אויפפלאַקערען פון א וואולקאַן איידער ער ווערט פערלאָשען.

צום גליק אָבער איז דיעזע נבואה א פאַלשע און זי וועט קיין מאָל ניט פערווירקליכט ווערען. דער נביא, וועלכער האָט זי ארויס־געזאָגט, לעבט ווייט פון זיין פאָלק, ער קען ניט זיין פאָלק, צו וועמען ער ווענדעט זיך מיט זיינע הארבע פּראָרויסזאָגונגען. ער פערשטעהט ניט זיין נשמה און פיהלט ניט זיין דופק, און זיינע ווערטער שפּיעגלען דעריבער אָב בלויז מרה־שחורה'דיגע שטי־מונגען פון א גאַנץ קליינער אידישער גרופּע, פון א גרופּע, וועלכע

האָט אויך ביז דער מלחמה געהאַט נאָר אַ קנאַפּען צוזאַמענהאַנג
מיט דעם אידישען פאָלק. דאָס איז איינע פון די קליינע אידישע
גרופּען, וועלכע האָבען שוין לאַנג פערלאָרען דעם אידישען פאָלקס-
צער און וועלכע פלעגען זיך עטוואָס אויפמונטערען נאָר ווען אַ
קאַטאַסטראָפע פלעגט אויסברעכען. דער גלות האָט אונז אויך מיט
ד ע ר שעהנער מתנה בעשענקט: מיט קאַטאַסטראָפע-יודענטהום.
דיעזע קליינע גרופּען האָבען לאַנג פערלאָרען זייער אמונה אין די
אידישע פאָלקס-גבורה, און דאָ איז נאָך געקומען די מלחמה און
זי האָט זיי נאָך שוואַכער געמאַכט, זי האָט פון זיי צוגענומען דעם
לעצטען פונק פון זייער צוזאַמענגעהעריגקייטס-געפיהל. קומט דער
נביא פון דיעזע קליינע גרופּען און שרייט אויס אין זיין פערצווייפ-
לונג, אַז די אידישע וועלט איז חרוב און מען זאָל אָנהויבען גרייטען
אַ מצבה.

ווער עס האָט פערפאָלגט די אידישע ענטוויקלונג אין די לעצטע
עטליכע צעהנדליג יאָהרען, זיך גוט צוגעהערט צו די גרויסע שטי-
מונגען צווישען די אידישע מאַסען און זיך צוגעקוקט צו די פער-
ענדערונגען צווישען דער האַלב-אַסימילירטער יוגענד אין די מערב
אייראָפּעאישע לענדער, דער מוז מודה זיין, אַז דוקא אין דער לעצ-
טער צייט איז געוואָרען דער נאַציאָנאַלער צוזאַמענשלוס צווישען די
פערשיעדענע צושפּרייטע חלקים פון אידישען פאָלק ניט אין אַן
ערך שטאַרקער און פעסטער ווי אין די גאַנצע פערגאַנגענע דורות
פון דער נייער צייט, דאָס הייסט פון די לעצטע פינף יאָהר-הונ-
דערטע. די אידישע ליטעראַטור איןביידע שפּראַכען, אי אין
דער העברעאישער אי אין דער אידישער, האָט אין די לעצטע פערציג
יאָהר געמאַכט גרעסערע פאָרטשריטע ווי אין דער גאַנצער השכלה-
עפּאָכע. זי איז געוואָרען לעבעדיגער, אינהאַלטסרייכער, פּיעלזיי-
טיגער, אומפּאַסענדער, וויסענשאַפטליכער און קינסטלערישער. און
אַזוי ווי די ליטעראַטור מוז האָבען איהר יניקה פון לעבען, קאָנען
מיר אין דער ענטוויקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור זעהן דעם
בעסטען סימן, אַז דאָס אידישע לעבען איז אין דער לעצטער צייט
דוקא געוואָרען פולער און רייכער אין נאַציאָנאַלען זין, ווייל
ליטעראַטור-שעפּפונגען אָהן פאָלקס-גייסט און אָהן אַ נאַציאָנאַלען

אנשטריך לאָזען ניט איבער קיין שום רושם. דאָס זיינען טויט־
געבאָרענע שעפּפונגען, מען פיהלט ניט זייער ערשיינען און מען
מערקט ניט זייער פערשווינדען. און מיר האָבען טאקע א קלאָרען
בעוויז. אין דער צייט, ווען די העברעאישע און אידישע ליטע־
ראטור האָבען דורכגעמאכט א ריעזען־ענטוויקלונג, איז די דייטש־
אידישע, די רוסיש־אידישע, די פראנצויזיש־אידישע און די ענגליש־
אידישע ליטעראטור געזונקען פון טאָג צו טאָג און פון שטופע צו
שטופע. די בעסטע שריפטשטעלער און קינסטלער זיינען איבער־
געגאנגען צו די פרעמדע, זיי האָבען זיך אָבגעריסען פון צענטער,
יעדער פון זיי האָט דאָס געהאלטען פאר א גרויס כבוד צו ווערען
א דייטשער, א רוסישער א. ז. וו. שריפטשטעלער. עס זיינען
אומעדום געבליעבען כמעט אויסשליסליך די מאָדערנע טהעאָלאָגען,
וועלכע האָבען געמוזט בלייבען אויף דעם אידישען געביעט, ווען
זיי האָבען אפילו געשריעבען אין פרעמדע שפּראכען. דעריבער האָט
די גאנצע פרעמדשפּראכיגע אידישע ליטעראטור בעקומען א טהעאָ־
לאָגישען כאראקטער, גלייך ווי דאָס אידישע לעבען וואָלט ארײנ־
געקראָכען מיט לייב און זעעלע אין די „סינאגאָגע“. גלייך ווי דאָס
אידישע לעבען האָט פערלאָרען אלע מעגליכע אינטערעסען און
האָט זיך אליין פערשטופּט אין בית־מדרש ווינקעל.

אויך די אידישע גבורה האָט אָנגענומען אין דער לעצטער
צייט גאנץ אנדערע פאָרמען. זי האָט אָנגעהויבען צו ווערען צו־
ריק שעפּפעריש, זיך צו בעפרייען פון איהר אייגענעם גלות. צווי־
שען דער גלות גבורה און דער פרייער גבורה איז דאָ א גרויסער
אונטערשיעד. די פרייע גבורה איז פּראָדוקטיוו, זי שאפט אין
לעבען געוויסע ווערטהען, וועלכע זיינען בולט און קאָנען אָבגע־
שאצט ווערען. די גלות גבורה, די געקנעכטעטע גבורה, קאָן בע־
זיצען דיזעלבע קראפט, קיינער מערקט זי אָבער ניט, ווייל איהר
קראפט ווערט אויסגעגעבען, כדי ניט צודריקט צו ווערען פון אַן
אנדער געגנערישער קראפט. די פרייע גבורה שאפט דעם ה ע ל ד,
וועלכער אימפּאָנירט און ווערט בעוואונדערט, די געקנעכטעטע
גבורה שאפט דעם מארטירער, וועלכער רופט ארויס מעהר מיטלייד
ווי בעגייסטערונג, מעהר רחמנות־געפיהל ווי בעוואונדערונג. דער

העלד און דער מאַרטירער — דאָס איז דער ג ב ו ר און דער ק ד ו ש. דאָס פרייע לעבען בעשענקט אונז מיט גבורים, דאָס גלות לעבען — מיט קדושים. דעם גבור בעזינגען מיר, נאָך דעם קדוש מאַכען מיר אַ הספד. ווען מיר דערמאָנען די גבורים זאָגען מיר „על הנסים ועל הגבורות“, ווען מיר דער־מאָנען די קדושים זאָגען מיר „אל מלא רחמים“. די ערשטע גיבען אונז צו מוט און האָפנונג, די אַנדערע שטימען אונז טרויעריג און צער׳דיג. אין דער ווירקליכקייט בעזיטצט דער גבור און דער קדוש דיזעלבע קראַפט, אָבער די פאָרם אין וועלכער די קראַפט אָפּענבאַרט זיך העננט אָב פון די בעדינגונגען אין וועלכע מען לעבט. די גבורה מוז האָבען אַ ן אַ י י ג ע נ ע ם ב אָ ד ע ן. אויף אַ פרעמדען באָדען פערוואַנדעלט זי זיך אין קדושה, אין מאַרטירערטום, זי וויקעלט זיך איין אין זיך זעלבסט און אָפּענבאַרט זיך אין דער געשטאַלט פון ווידערשטאַנד, פון עקשנות. דעם ווידערשטאַנד און די עקשנות מערקט מען ניט אַזוי לייכט און מען שעטצט זיי ניט ווי די פרייע גבורה.

דעריבער אונטערשעצט מען שטענדיג דעם העלדענמוט פון אַ גלות פאָלק. שווייגען, דולדען, ליידען און ערטראָגען אימפּאָני־רען ניט, ווען מען ווייס אפילו, אַז דערצו געהערט אַ גרויסער כח. די וועלט האָט ליעב דעם פ ר י י ע ן גבור. עס איז דע־ריבער קיין וואונדער ניט , אַז אויך מיר אַליין האָבען ביז צו אַ געוויסען גראַד פערלאָרען די אַכטונג פאַר אונזער אייגען פאָלק. מיר האָבען פערלאָרען די אמונה אין זיין כח, די קדושים האָבען פערדונקעלט די גבורים, קדושים האָבען מיר געזעהען פאַר אונזערע אויגען, די גבורים האָבען מיר געמוזט אַרויסרופען פון די אַלטע, פערגעסענע דורות. מען קאָן ניט אונבעשטראָפט ערציהען אַ יוגענד אויף ערצעהלונגען פון גזרות און רדיפות, די יוגענד וויל האָבען עטוואָס פרעהליכעס, עטוואָס וואָס גלאַנצט און שיינט, וועקט און ווינקט, רופט און מונטערט אויף צו אַ נייעם לעבען, צו נייער גבורה.

אונזער לאַנגע גלות געשיכטע איז זעהר אָרים אין מאָמענטען, וועלכע זאָלען קענען ב ע ג י י ס ט ע ר ע ן און ע ר מ ו נ-

ט ע ר ן א פרישע און געזונדע יוגענד, און מיר זיינען איבערציינגט אז גראד די תקופה פון דעם נייעם ישוב ארץ ישראל, וואו די פאסיווע אידישע גבורה האט זיך ווידער פערוואנדעלט אין אקטיווע גבורה, וואו די שעפערישע קראפט איז ווידער גע־ווארען בולט — מיר זיינען איבערציינגט, אז גראד דיעזע תקופה וועט בעפרוכטען אונזער יוגענד ניט נאר דארט, וואו דאס נייע לעבען ענטוויקעלט זיך, נאר אפילו אין די גלות לענדער. פשוט, מען וועט האבען אויף וואס אנצואווייזען, מען וועט קאנען דער־צעהלען די יונגע קינדער ניט נאר פון מענשען, וואס האבען זיך ניט געלאזען צודריקט ווערען, נאר אויך פון מענשען, וואס זיינען בעזעעלט געווארען פון א הויכען נאציאנאלען געדאנק און האבען דערפיהלט אין זיך א קראפט צו בויען א נייע צוקונפט. מיר האבען נאך ניט אבגעשאצט די נייע תקופה ווי געהעריג, ווייל מיר אליין לעבען אין איהר, זי איז אונז נאך צו נאהענט.

דעריבער גלויבען מיר אויך ניט אין די נביאות פון אונזערע פעסימיסטען. אדרבא, מיר גלויבען, אז אפילו די ענגלענדער און די דייטשען, די פראנצויזען און די רוסען און די עסטרייכער וועלען ניט זיין אייביג ברוגז איינער מיט דעם אנדערן, און בשום אופן גלויבען מיר ניט, אז די איצטיגע מלחמה זאל אבהאלטען דעם פעראייניגונגס־פראצעס, וועלכער האט זיך אזוי שעהן אנגעהויבען אין אונזער אידישען לעבען. פערקעהרט, מיר רעכענען, אז נאך דער מלחמה. ווען עס וועט ארונטערגענומען ווערען די שטרענגע צענזור פון אונזער שפראך און געדאנקען, וועלען מיר זיך ערשט רעכט בעזינען און איינזעהען, ווי ווייט מיר זיינען אין גלות מטושטש געווארען. אפשר וועלען אייניגע אידישע לארדען אדער געהיימראטהען גלויבען, אז זיי זיינען מחויב צו בלאזען זיך איינער אויף דעם אנדערען אויך נאך דער מלחמה. זיי איבערטרייבען אבער זייער איינגענעם איינפלוס און מערקען ניט, אז זייער צייט איז

פאַרבײַ. עס אַרבײַטען אין אידישען פֿאָלק גאַנץ אַנדערע כחות, דער שעפֿפֿערישער גײַסט איז װידער אױפֿגעװאַכט, דער גײַסט, װאָס רופֿט און מאָהנט צו פֿעראײניגונג. אױף די פּאָזיטיװע אי־דישע כחות װעט די מלחמה מוזען האָבען אַ פֿערקעהרטע װירקונג, פֿערקעהרט צו דער מײנונג פֿון אונזערע פּעסימיסטישע נביאים.

25 דעצ., 1914.

# אויפלעבענדע ימים־טובים

מיר האָבען אזוי וועניג נחת אין לעבען, אזוי וועניג ליכטיגע מאָמענטען, אז עס בלייבט אונז ניט אנדערש איבעריג ווי צו זוכען שטיצפונקטען אין דער אלטער, גרויער פערגאנגענהייט. אלע אונזערע ימים־טובים שטאַמען פון פארצייטען, זיי זיינען אונז דעריבער דאָפּעלט טהייער, און וואָס דער קאָנטראַסט צווישען זיי און דער געגענווערטיגער שטימונג איז גרעסער, אלץ הייליגער און ערהאבענער ערשיינען זיי אונז. מיר ציטערען פּשוט איבער זיי, מיר קלאַמערען זיך אָן זיי מיט ליעבע און צערטליכקייט. מיר האָבען מורא, אונזער לעבען זאָל ניט ווערען צו וואָכעדיג, עס זאָל חלילה ניט פערליערען דאָס ביסעלע גלאַנץ, וואָס אונזערע היסטאָרישע עראינערונגען פערלייהען נאָך איהם. די ימים טובים זיינען אונז אזוי טהייער געוואָרען אין גלות, אז מיר האָבען גענומען און פערדאָפּעלט זיי. די טרוקענע ערקלעהרונגען, פאר וואָס מען האָט אין גלות געמאַכט פון איין טאָג יום־טוב צוויי טעג, האָבען מיך קיין מאָל ניט געקאָנט בעפריעדיגען. עס ליעגט דערין א טיעפערער פּסיכאָלאָגישער גרונד. דער רייכער קאָן זיך ערלויבען דאָס פערגניגען צו האָבען נאָר צוויי אָדער גאָר איין קינד. ער האָט די מעגליכקייט גוט אויפצופּאַסען אויף זיין קינד און שאַנסען אויסצוהאָדעווען זיין בן־יחיד אָדער זיין בת־יחידה. דער אָרימאַן מוז אפילו קינדער האָבען אויף איינפאַל. דער אינסטינקט זאָגט איהם אונטער ער זאָל זיין פאָרזיכטיג און ניט בלייבען אָהן א קדיש. עס איז לייכט צו זאָגען האָב איין טאָג יום־טוב. דאָס קאָן מען זיך ערלויבען ביי זיך אין דער היים, וואו דו ווייסט, אז קיינער קאָן דיר דיין יום־טוב ניט שטערען אָדער גאָר אוועקנעהמען. אין דער פרעמד מוז מען זיין פאָרזיכטיג. ווער ווייס וואָס עס קאָן

זיך מאכען. עס קאָן קומען א פרעמדער און חרוב מאכען דיין סוכה אָדער צושטערען דיין ערשטען סדר. בלייבט דיר דאָך נאָך א האָפנונג אויף דעם צווייטען טאָג.

א וואונדערבארע שטעלע איז דאָ אין ירושלמי. עס זיינען זיך מתוכח די גלות־אידען פון בבל און די שטאָלצע ירושלמים. די אידען פון בבל בעריהמען זיך מיט דעם וואָס זיי האָבען צוויי מאָל אזוי פיעל ימים־טובים ווי די ירושלמים, און די ירושלמים בעריהמען זיך מיט דעם, וואָס זייערע ימים טובים זיינען דערפאר קרעפטיגער, זיי האָבען מעהר קדושה, טאקע מחמת דעם, וואָס מען האָט זיי ניט צוגעגעבען נאָך א וואָכעדיגען טאָג. און איינער פון די מפרשים ערקלעהרט דאָס אונז אויף אזא אופן: צוויי ברידער האָבען בעקומען צוויי פלאשען ווייןֿ, שטארקען, אלטען וויין, פון דעם עכטען „יין המשומר“. דער רייכער ברודער האָט געהאט אן אייגענעם קעלער און האָט בעהאלטען זיין פלאש וויין אין א זיכערען אָרט. דער אָרימער ברודער האָט ניט געהאט קיין אייגען הויז, ער האָט זיך ארומגעשלעפט פון איין דירה אין די אנדערע. האָט ער מורא געהאט, אז זיין פלאש וויין זאָל ניט צובראָכען ווערען. צו א בת יחידה קלעפט זיך דאָך עפּעס. איז ער געפאלען אויף א המצאה, ער האָט צומישט זיין וויין מיט וואסער און געמאכט פון איהם צוויי פלאשען, זאָל זיין איין פלאש אויף איינפאל.

א וואונדערבארע ערקלעהרונג. זי קאָן אונז דיענען פאר א שליסעל אין פיעלע הינזיכטען, ווען מיר ווילען פערשטעהן אונזער גלות־לעבען.

נאָר דאנקען גאָט, וואָס מען האָט אונז נעגעבען אכט טעג חנוכה. מען האָט דאָס געטהאָן בכונה. פון אכט טעג וועט שוין עטוואָס איבערבלייבען. פורים האָט מען דוקא געמאכט נאָר איין טאָג, ווייל פורים מוז מען דאָך זיין שכור, און כידוע זיינען דאָך אונזערע אידען ניט קיין גרויסע בריות אין הלכות שכרות. הלואי זאָלען זיי אויסהאלטען דעם איין טאָג פורים. מעהר ניט פון רחמנות וועגען האָט מען זיי געגעבען נאָך א שושן פורים’על.

חנוכה אָבער איז ניט אזא הארבע גזרה, לאטקעס קאָן מען דאָך עסען א גאנצע וואָך, און ווער רעדט קאָרטען שפּיעלען. דוקא די שוואכע נאציאָנאליסטען, וועלכע זיינען גאָר ניט אזוי בעגייסטערט פון די חשמונאים און זייערע גבורות, זיינען מקיים די מצוה פון קאָרטען שפּיעלען מיט אלע תגין. כדי מען זאָל זיי אָבער ניט חושד זיין, אז זיי האלטען פון חנוכה, שפּיעלען זיי אי פאר חנוכה אי נאָך חנוכה. זאָל זייערס איבערגעהן, אבי זיי זאָלען זיין ריין פון יעדען פערדאכט אין אידישען שאָוויניזם.

מען קאָן אָבער זאָגען וואָס מען וויל: עס וואקסט ביי אונז א נייער דור. דאָס קאָן מען זעהן פון דעם, ווי אונזער יוגענד הויבט זיך אָן צו פערהאלטען צו אונזערע נאציאָנאלע ימים־טובים. נאָך אָט גאָר ניט לאנג, מיט א פּאָר צעהנדליג יאָהר צוריק פלעגט חנוכה זיין ביי אונז א קנאפּער יום־טוב. אין די חדרים פלעגט מען נאָר זעהר ווייניג דערצעהלען די קינדער וועגען דעם נס פון חנוכה. מען האָט גענומען די גרויסע היסטאָרישע תקופה און מען האָט זי פּשוט בעהאלטען און פון אלע העלדענטהאטען פון די חשמונאים האָט מען אויסגעפּרעסט א קליינע מעשה׳לע מיט דעם קריגעלע בוימעל. די קינדער האָבען נאָר געוואוסט, אז חנוכה געהט מען צום זיידען און צום רייכען פעטער און מען בעט חנוכה־געלד. די יוגענד האָט געשפּיעלט אין קאָרטען. די עלטערע האָבען מחנך געווען די אינגערע אין דער מצוה. וואו ניט וואו פלעגט מען מאכען א חנוכה־באל און מען האָט געטאנצט. מען האָט אויך געגעסען לאטקעס. ערשט אין די לעצטע יאָהרען איז חנוכה אויפגעשטאנען תחית־המתים, חנוכה האָט בעקומען אַן אינהאלט, חנוכה איז געוואָרען א פאָלקס־יום־טוב, אָדער ריכטיגער — ד ע ר פאָלקס־יום־טוב.

דער שיקזאל האָט מיך פערוואָרפען אין א פרעמדע מדינה, ווייט פון מיין היים, ווייט פון מיין פאמיליע. איך בעקלאָג זיך ניט. הלואי וואָלטען אלע מיינע ברידער, וואָס ריכטען איצט אָב גלות אין דער פרעמד, געהאט אזא גלות ווי איך האָב איהם איצט, הלואי וואָלטען זיי געהאט נאָר א קליין חלק פון דער אינערער בעפריעדיגונג, וואָס איך האָב דאָ געהאט, בעזאָנדערס אין דער פער־

גאַנגענער חנוכה־וואָך. לאַטקעס האָב איך ניט געגעסן, ווייל קיינער האָט מיך ניט איינגעלאַדן, קאָרטען האָב איך ניט געשפּיעלט, טאַקע מחמת דעם זעלבען טעם. נאָר איך האָב אויף מיינע פריינד קיין פאַראיבעל ניט. עס וואָלט געווען קאָמיש איינצולאַדן אויף לאַטקעס אין אַ מדינה, וואו אפילו גויים זיינען געקומען צום שכל און עסן לאַטקעס כמעט אַלע טאָג צום פריהשטיק. מיינער אַ חבר, וואָס איז געקומען אהער דאָ ניט לאַנג פון ארץ־ישראל האָט דערגאַנגען דעם סוד פון די אַמעריקאַנער לאַטקעס און מאַכט טאַקע חנוכה אַלע טאָג. צום קאָרטען־שפּיעל האָט מען מיך ניט איינגעלאַדן, ווייל מן הסתם קוקט מען ניט דערויף דאָ ווי אויף אַ נאָווינע, עס איז וואהרשיינליך די זעלבע געשיכטע ווי מיט די לאַטקעס.

און איך בין צופריעדען, וואָס מען האָט מיך ניט איינגעלאַדען. האָב איך געהאַט די אָווענדען פריי און געקאָנט צוקוקען זיך, ווי מען פייערט דאָ אין אַמעריקאַ דעם ניי־ענטדעקטען יום־טוב חנוכה. בעזונדערס האָבען מיר פערשאַפט פיעל פערגניגען אונזערע יטנגע קינדערלעך. איך האָב זיי בעאָבאַכטעט אין עטליכע אספות. אויף די יונגע פּנים׳לעך האָט מען געקאָנט לעזען, אז זיי ווייסען, וואָס חנוכה איז. זיי זיינען געקומען צום יום־טוב אין ווייסע קליידעלעך. זיי האָבען מבטל געווען דעם פראָסט אין דרויסען. גוט, קינדערלעך, אָט אזוי הויבט מען אָן מבטל צו זיין דעם גלות פון צאַרטען אַלטער אָן. עס איז קאַלט, די יונגע ביינדעלעך טרייסלען זיך, טהוט מען אָן אַ מאַנטעלע. דער מאַנטעל געהערט דעם גלות, אונטער דעם מאַנטעלע זאָל אָבער זיין יום־טוב׳דיג, ווייס, העל, ליכטיג.

איין חנוכה איז מיר בעשערט געווען צוצוברענגען אין „תל אָביב“, אין ארץ־ישראל. די קינדער זיינען אַלע געווען געקליידעט אין ווייס און געטאַנצט האָבען זיי אויף דעם גרויסען הויף פון דעם בית־הספר־לבנות. מאַנטלען האָבען זיי ניט געטראָגען, ווייל עס איז ניט געווען קאַלט. די קליינע מיידעלעך אין די ווייסע קליידעלעך האָבען געטראָגען ווייס־בלויע פאָהנען און ברענענדיגע הבדלות, זיי האָבען געזונגען און געטאַנצט, און די שטערען פון

אייבען, די גרויסע, העלע, ליכטיגע ארץ־ישראל שטערן האָבען געפונקעלט און געזאָגט שירה. דאָס איז געווען א וואונדערבארער אָווענד; ווער עס האָט איהם געלעבט, וועט איהם קיינמאָל ניט פערגעסען.

איך וויים ניט, וואָס מאכען זיי איצט דאָרט אין „תל־אָביב“? נאָך זיעבען א זייגער אין אָוועגד דארפען זיי ניט ארוים פון די וואָהנונגען. און וואָס מאכען זיי אין די וואָהנונגען? האלטען זיי די וויים־בלויע פאָהנען און די ברענענדע הבדלות? האָבען זיי אָנגעטהאָן זייערע יום־טוב׳דיגע קליידעלעך לכבוד חנוכה? אָדער — איך וויל ניט קלעהרען. איך וויל זיי זאָלען בלייבען ביי מיר אין זכרון, ווי איך האָב זיי געזעהן אויף דעם הויף פון זייער אייגענער שולע. איך וויל זיי זעהן אונבעזאָרגט ווי די קינדהייט, שטראהלענד ווי די האָפנונג.

אין קלינטאָן האָלל איז דאָס געווען, אין ניו יאָרק. די קינדער האָבען געגעבען א פאָרשטעלונג אין דער העברעאישער שפראך. מען האָט געמערקט, זיי האָבען געפיהלט די ווערטער, זיי האָבען אריינגעטראָגן לעבען אין דעם שפיעל. איינינע פון זיי זיינען שוין האלב דערוואקסען, און האָבען געשפיעלט זאָגאר מיט טאלענט. דער דיאלאָג צווישען ניקנור און יהודה מכבי איז רייצענד, ער האָט געווירקט בעגייסטערענד. נאָר א אידען איז ניט בעשערט הנאה האָבען אין גאנצען. דאכט זיך אלעס גוט, דארף זיך אָבער מאכען, אז ניקנור האָט א בעסערע העברעאישע אויסשפראכע ווי יהודה מכבי. יעדעס וואָרט האָט ער אויסגעשפּראָכען מיט א וואונדערבארער קראפט, און איך האָב געפלאצט פון פערדרוס און קנאה. נאָר דאנקען גאָט, וואָס דער יונגער ניקנור איז סוף כל סוף אויך א איד. דאָס האָט מיך א ביסעל בערוהיגט.

ווער וויים, אפשר וועלען מיט דער צייט אייניגע פון די יונגינקע שוישפיעלער שפיעלען אויף דער גרויסער ביהנע. וואָס פאר א שפראך וועלען זיי דאן פיהרען? איך וויל אָבער ניט אריין אין חקירות. איך בין זיי דאנקבאר פאר די שעה פון אמת׳ען פערגניגען, וואָס זיי האָבען מיר פערשאפט.

ווער האָט אָבער ענטדעקט דעם נייעם יום־טוב חנוכה? האָט מען ווירקליך ערשט אין די לעצטע יאָהרען זיך דערוואוסט פון זיין אינהאַלט? האָט דען אַ געלעהרטער געמאכט נייע אויסגראָבונגען, געפונען אַלטע כתבים, אַלטע קיילשריפטען?

נייע געלעהרטע האָבען נאָר נישט אויסגעגראָבען, פערבאָרגענע סודות האָט מען ניט ענטדעקט. **איך** וויים אָבער, וואו עס ליעגט דער סוד, **איך** וויים דעם חידוש.

זייט פערציג יאָהר האַלטען מיר אין ערוואכען. עס געהען פּיאָנירען, חלוצים, און גראָבען אוים די שטיינער פון דער פער־נאַכלעסיגטער ערד, אַקערען אויף דעם באָדען, דעם הייליגען באָדען און זעען און פלאַנצען. עס גרינען די פעלדער, עס בליהען די וויינבערגער און עס שפּראָצט אַ נייער דור, אַ דור פון וועקער, פון אויפמונטערער.

זיי, אונזערע פּיאָנירען, ברענגען אונז נעהנטער צו אונזערע אַלטע העלדען. חנוכה האָבען זיי ניט ענטדעקט, די חשמונאים זיינען אָבער אונז פערשטענדליכער געוואָרען.

וואָס איז צייט, וואָס זיינען דורות, וואָס איז ענטפערנונג?
— אין יענעם שעהנעם וואונדערבארען חנוכה אָוועטד אין „תל אָביב“ האָט מיר די שטערן־נאַכט איינגערוימט דעם סוד.

אין גאַנצען קאָן איך איהם נאָך ניט אויסזאָגען, בלויז עטוואָס, **אַ רמז.**

29 דעצעמבער, 1914.

# די טויזענד געהאנגענע אידען אין פוילען.

דאָס, וואָס איך וויל דאָ איצט דערצעהלען, שטיצט זיך אויף פאקטען. די צאָהלען, וועלכע איך וועל אָנפיהרען, בערוהען ניט אויף השערות, זיי זיינען ארויסגענומען געוואָרען פון דער אמת׳ער, ביטערער ווירקליכקייט. איך נעהם אויף מיר די גאנצע אחריות פאר דאָס, וואָס איך וועל מיטטהיילען. אָדער, מיט אנדערע ווערטער, איך נעהם אויף מיר די גאנצע אחריות פאר די, וואָס האָבען דאָס מיר מיטגעטהיילט.

אין פוילען האָט מען די אידען ניט געשאָסען, אין פוילען האָט מען זיי געהאנגען איינציגווייז, צעהנדליגווייז און הונדערטע־ווייז. די צאָהל פון די אויפגעהאנגענע אידען שטייגט איבער א ג א נ צ ע ן ט ו י ז ע נ ד. מען האָט זיי ניט דערשאָסען, ווייל נאָך די דינים פון קריעגס־געריכט טהוט מען אָן דעם כבוד פון שיסען נאָר א סאָלדאט, ווען מען געפינט איהם שולדיג אין פער־ראטה. א פשוט׳ען מענשען הענגט מען אויף. הענגען איז אויך ביליגער ווי שיסען. פולווער און קוילען ווערען געשפאָרט אין דער מלחמה־צייט.

די פוילען האָבען זיך פון שטענדיג אָן אויסגעצייכענט אין פערשטעלען זיך פאר גוטע פריינד. זיי פערשטעהען אזוי זים, אזוי גלאט צו רעדען, די ווערטער געהען ארויס אָהן א פגימה׳לע און גנב׳ענען זיך אריין אהין, וואוהין זיי ציעלען זיך. די פוילישע שפראך איז דערצו זעהר געאייגנעט, זי איז פול מיט חניפה׳לעך, יעדעם דריטע וואָרט איז: מיין טהייערער, מיין ליעבער הערר. דער פויל זאָגט: איך טרייב דיך ניט, מיין הערר, איך בעט נאָר דו זאָלסט ארויסגעהן. דיעזע אָנגעבאָרענע אייגענשאפט האָבען די פוילען אויסגענוצט אין זייער אייגענער מלחמה, וואָס זיי פיהרען אין די לעצטע יאָהרען מיט אזא ביטערקייט, מיט אזא אכזריות

אנטקעגען די אידיש־פוילישע בעפעלקערונג. זיי האבען געארבייט נאך א בעשטימטען פלאן, קאלטבלוטיג און מיט איבערלעגונג, און דער פלאן האט זיך זיי פאלשטענדיג איינגעגעבען. טויזענד און אפשר נאך מעהר ווי טויזענד אידישע קרבנות זיינען אויפגעהאנגען געווארען אין א משך פון א פאר חדשים צייט. דער טייוועל אליין קען זיין צופריעדען מיט אזא ערפאלג, ער קען זיך רייבען פון שמחה די הענד. מסתמא טהוט ער דאס.

אנגעהויבען האט עס זיך אין קאליש. די שטאדט איז איבער־געגאנגען שוין ביי דער ערשטער דייטשער אינוואזיאן אין די דייטשע הענד. די דייטשען האבען פון אנפאנג אן פערשטאנען, אז מיט דער איינגעבארענער בעפעלקערונג טאר מען זיך ניט רייצען, אדרבא, מען מוז איהר ציינגען פריינדשאפט, מען מוז איהר זאגאר מאכען אפעטיט, אז זי זאל זיך גלייך צוגעוואוינען צו דעם נייעם הערשער. די דייטשען האבען אין די ערשטע טעג נאך זייער נצחון געטרונקען ברודערשאפט מיט דער א י י נ ג ע ב א־ ר ע נ ע ר בעפעלקערונג.

ביי א כוס שאמפאניער וויין האבען די „איינגעבארענע“ דערצעהלט אזוי זיך, אגב אורהא, אז ניט אויף אלעמען קען מען זיך דא פערלאזען, ווארים צווישען די „איינגעבארענע“ לעבט דא נאך א ן א י י נ ג ע ו ו א נ ד ע ר ט ע בעפעלקערונג, און איהר טאר מען ניט גלויבען פון דאנען אהין... דאס איז ארויסגעזאגט געווארען אזוי אינטים, אזוי פערטרויען דערוועקענד, ניט ווי א פשוט'ע מסירה, נאר ווי א פריינדליכער וואונק — און דער צוועק איז דערגרייכט געווארען. די קאלישער אידען וועלען האבען א סך צו דערצעהלען פון דער דייטשער אינוואזיאן.

זיי, די קאלישער אידען, זיינען אין די ערשטע עטליכע טעג צוטומעלט געווארען. זיי האבען אפילו ניט געוואוסט, פון וואנען די קויל שיסט. אזוי איז אויך געוועזן אין אנדערע פונקטען: א פריינדליכער סוד ביי א גלאז וויין, א וואונק, אן עצה'לע. דאס ווייטערע וועט שוין קומען ממילא, פון זיך אליין. און דאס ווייטערע איז געקומען. מען האט יעדען אידען חושד געוועזן, אז ער העלפט די רוסען. עס האט אבער ניט לאנג געדויערט,

האָבען די דייטשען איינגעזעהן זייער טעות, זיי האָבען איינגעזעהן, אַז די אידען פערהאַלטען זיך רוהיג נאָךביידע זייטען, אַז זיי זיינען פערזאָרגט מיט שונאים נענוג און דאַרפען גאָר ניט זוכען קיין נייע שונאים.

דאָס ראָד האָט זיך געדרעהט, און אַנדערע פּוילישע שטעדט, וועלכע זיינען געווען פערנומען געוואָרען פון די דייטשען, זיינען ווידער איבערגעגאַנגען אין רוסישען רשות. די פּוילישע חניפה איז אויסגעוואַקסען אין די שוידערהאַפטעסטע מסירה. דאָס איז ניט געווען מעהר אַ מסירה אויף איינצעלנע פּערזאָנען. ניין, דאָס איז געווען אַ נאַציאָנאַלע מסירה. ניט ראובן אָדער שמעון, ניין — די אידען זיינען שפּיאָנען. זיי זיינען אַנטקעגען רוסלאַנד, זיי העלפען די דייטשען. און אומעדום, וואו עס איז דאָ אַ וועלדעלע ניט ווייט פון שטעדטעל, האָבען זיך אָנגעהויבען צו צאַפּלען אונ־שולדיגע אידישע קרבנות, און וואו מען האָט ניט געהאַט קיין פּאַרטיגע בוימער, האָט מען געבויט תליות. עס האָבען געפלאַ־טערט גרויע בערד, אַטלעסענע קאַפּאָטעס און אונטער די קאַפּאָטעס די וויים־בלויע ארבע־כנפות׳ען מיט כפול־שמונה׳דיגע וואָלענע ציצית. דאַרע, מאָגערע, אויסגעהונגערטע פּנים׳ער, מלמדים, שמשים, בעלי מלאכות. מען האָט ניט פיעל איבערגעקליבען — זיי האָבען דאָך אַלע אַ דייטשע אויסשפּראַכע.

איהר געדענקט די בעראַטהונג, וואָס איז אָבגעהאַלטען גע־וואָרען פון דעם ערשטען אַנטיסעמיט? איהר געדענקט דעם „הבה נתחכמה“ און ווי מען האָט גוזר געווען, אַז מען זאָל דערטרינקען די אידישע זכרים? דענסטמאָל האָט מען זיך נאָר געוואָלט פּער־זיכערען אויף אַ פאַל, ווען אַ מלחמה וועט קומען, און מען האָט אָנגעהויבען פון די קליינינקע. איצט איז די מלחמה דאָ און מען האָט זיך גענומען צו די דערוואַקסענע.

און דאָס זיינען ניט נאָר די טויזענד אויפגעהאַנגענע. דאָס גיפט איז דורכגעדרונגען פיעל ווייטער. איבער די גאַנצע אידישע בעפעלקערונג אין רוסלאַנד שוועבט די שוידערהאַפטע מסירה, וועלכע איז אַרויס פון פּוילען. צו די אַלגעמיינע פערפאָלגונגען איז נאָך צוגעקומען דאָס שרעקליכסטע. עס איז נאָך אַ גליק, —

אזוי שרייבט מען, — וואָס מען האָט אין רוסלאַנד גוזר־תענית געווען אויף משקה. שכור'ע „פּאָגראָמען" וואָלטען חלילה געקענט אין אזאַ צייט חרוב מאכען אַ האַלבע וועלט. מען ציטערט און מען בעט גאָט, די רוסען זאָלען זיך חלילה ניט אָבפּאַסטען מ'ט אַמאָל...

און אין דער זעלבער צייט שטעהען אייניגע הונדערט טויזענד אידען אין דער רוסישער אַרמעע און צייגען גבורות. אפילו די אַנטיסעמיטישע צייטונגען קאָנען עס ניט פערלייקענען אין גאַנצען און פון צייט צו צייט ברענגען זיי ידיעות וועגען אידישע טאַפּפער־קייט, וועגען אידישע העלדען. דאָס זיינען אָבער נאָר די סאָל־דאַטען, די אַנדערע זיינען פּעררעטהער...

עס בלייבט איין עצה פאַר די רוסישע אידען. זאָלען זיי אַלע אַריינטרעטען אין דער אַרמעע, זאָלען זיי לאָזען אין דער־היים נאָר די ווייבער און די עופה'לעך. אפשר וועלען זיי דערמיט אַראָבנעהמען פון זיך דעם שוידערהאַפטען חשד.

זאָל מען אפשר שרייען? — צו וועמען! מען טאָר זיך ניט לאָזען נאַרען. די עפענטליכע מיינונג איז איצט שטאַרק פּער־נומען. דער גרעסטער חלק פון דער ציוויליזירטער וועלט איז פער־נומען מיט זיך אַליין, און דער נייטראַלער חלק האָט אויך נעהנ־טערע קרובים, בילכערע ווי די רוסישע אָדער די פּוילישע אידען.

איך בין געזעסען אין טהעאַטער אין סט. לואיס. דאָס טהעאַ־טער איז געווען פול געפּאַקט. מען האָט געציינט דעם גרויסען עולם די מלחמה־שרעקען און דעם חורבן פון בעלגיען, די צושטער־טע שטעדט און שטעדטלעך, די אַנטרונענע און אַנטלאָפענע. אַ שוידער געהט דורך דורך דעם גאַנצען קערפּער. אויפ'ן לייווענט זיינען די בילדער נאָך בלייכער ווי אין דער ווירקליכקייט און עס ניט זיך אוים, ווי דער מלאך־המות האָט אַלעם בעשטריכען מיט אַ טויט־פּאַרב. אַ האַלבע שעה איז גענוג. לענגער קען מען דאָס ניט אויסהאַלטען. די בילדער ווערען געציינט אין גאַנץ אַמעריקא, און מענשען געהען און מענשען קומען און בעטראַכטען די בילדער, און זיי ווערען דערשיטערט אין זייער נשמה. דערביי זיצט איינער און האַלט אַ פּאָרלעזונג, ער ערקלעהרט די בילדער. די פּאָר־

לעזונג איז מאַנאַטאַן, זי ווערט דאָך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע מאָל א טאָג, און דאָך פּאַסט זי זיך פאר די בילדער: זיי שילדערען ביידע, אי די בילדער, אי די פּאַרלעזונג, דעם קאַלטען טויט פין די געפאַלענע און דעם טויט־שרעק פון די לעבעדיגע.

איך בין חלילה ניט מקנא די בעלגיער. פון גאַנצען הארצען וואָלט איך זיי געוואונשען, אַז זייערע וואונדען זאָלען זיך פערהיילען וואָס גיכער, און זיי זאָלען פּטור ווערען פון דער זכיה, וואָס די גאַנצע וועלט רעדט מכח זיי און אינטערעסירט זיך מיט זייער שיקזאַל. דאָך פערדריסט עס מיך, פאַר וואָס מיר האָבען אפילו די מעגליכקייט ניט צו צייגען דער וועלט אונזער חורבן. ניט פאַר פרעמדע וואָלט איך איהם געצייגט, נאָר פאַר אונזערע אייגענע קינדער. אין די בעלגישע בילדער, — אזוי האָט דער־צעהלט דער פּאַרטראַגענדער, — האָט איינע אַן אמעריקאַנערין דערקענט צווישען די אנטלאָפענע איהרע א לייבליכע שוועסטער, פון וועלכער זי האָט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה קיין איינציג וואָרט ניט בעקומען. אפשר וואָלט איינער פון אונז דערקענט אין די אידיש־פּוילישע בילדער א זיידען, א ברודער, א פעטער, סתם א קרוב אָדער א פריינד. פון אונזער פערגאַנגענהייט גיבען מיר איצט אונזערע קינדער אזוי קנאַפּ, זאָלען זיי עטוואָס האָבען פון דער געגענוואַרט.

דאָס זיינען דאָך ט ה י י ע ר ע בילדער, ה י י ל י ג ע בילדער.

6 יאנואר, 1915.

# אַ נאַציאָנאַלע הלואה צו רעטען דאָס אידישע פאָלק

איך ווייס, אַז דער פאָרשלאַג, וועלכען איך וויל דאָ איצט מאַכען, וועט ניט זיין פּאָפּולער. מען וועט איהם אויפנעהמען אָדער מיט אַ פּעסימיסטישען קאָפּ־שאָקלען אָדער מיט אָפּענער געגנערשאַפט. מען וועט זוכען צו בעווייזען מיט אותות ומופתים, אַז ער האָט קיין פונדאַמענט ניט, אַז ער איז ניט דורכפיהרבאַר צוליעב אַזוי פיעל און אַזוי פיעל טעמים און אַז עס איז גאָר אַן עבירה צו פּטר׳ען די צייט אויף פּראָיעקטען, וואָס קענען ניט פערווירקליכט ווערען. מיר האָבען גענוג קלוגע, ערפאַהרענע און ניכטערע מענשען, וועלכע האַלטען וואָך, אַז נייע געדאַנקען זאָלען ניט אַריינדרינגען אין אונזער אידיש־קאָנסערוואַטיווער וועלט, וועלכע בעמיהען זיך צו פערצוימען דעם וועג פאַר מאָדערנע שטרעמונגען און מאָדערנע מעטהאָדען, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען גרויסע פּראָבלעמען.

לאָמיר קוקען דעם אמת גלייך אין פּנים אריין, זאָלען מיר זיך ניט דערשרעקען פאַר איהם, ווען ער איז אפילו זעהר שרעקליך, דען דער שרעק איז אַ שלעכטער ראַטה־געבער און נאָך אַ שלעכטערער וועג־ווייזער.

די אידישע וועלט איז דורך דער מלחמה חרוב געוואָרען. ביז איצט זיינען צוגעקומען שפּאָגעל נייע צעהנדליגע טויזענדע אלמנות און נאָך מעהר נייע יתומים. די אידישע גבירים זיינען געוואָרען אויס גבירים און די בעלי־בתים אויס בעלי־בתים, הויפּטזעכליך אין פּוילען און אין גאַליציען. דאָס וויל זאָגען, אַז אַן ערך דריי מיליאָנען אידען זיינען אין גאַנצען רואינירט געוואָרען. די אַנדערע פינף מיליאָנען אין רוסלאַנד און אין עסטרייך זיינען אויך

מעהר אָדער וועניגער הארט געטראָפען געוואָרען פון דער מלחמה אָדער צוליעב דער מלחמה. דאָס איז דער סך הכל פון די ערשטע זעקס חדשים. וואָס וועט נאָך ווייטער פּאסירען, קען מען ניט וויסען.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער אידישער בעפעלקערונג אין די אויבען־דערמאָנטע לענדער איז אין די בעסטע יאָהרען ניט געוועזען פעסט. א גרויסער חלק פון איהר האָט שטענדיג געלעבט פון נסים. פאר׳ן היינט האָט מען געהאט א שטיקעל ברויט און פאר׳ן מאָר־גען — א שטיקעל בטחון, און זעהר אָפט האָט דער בטחון אויף מאָרגען געמוזט שטילען דעם הונגער פון היינט. איצט פעהלט אי ברויט, אי בטחון.

די גליקליכערע אין די מלחמה־לענדער שטרענגען אָן אַלע זייערע כחות צו העלפען זייערע ברידער. אין ניקאָלסבורג, צום ביישפּיעל, א שטאָדט אין מעהרען, מיט זיעבען הונדערט אידישע נפשות, לעבען איצט זעקס טויזענד אנטלאָפענע פון גאליציען. אין פראג האלטען זיך איצט אויף איבער דרייסיג טויזענד נייע־צוגע־קומענע פליכטלינגע, ד. ה. מיט פינף טויזענד מעהר ווי די צאָהל פון די בעשטענדיגע אידישע איינוואָהנער אין דיעזער שטאָדט. מען טהיילט זיך דאָרט מיט דעם לעצטען ביסען, אַזוי בעריכטעט מען פון דאָרט, נאָר עס האַלט שוין ביים לעצטען ביסען. א ׳ פוילען איז דאָס בילד נאָך טרויעריגער.

זעלבסטפערשטענדליך איז אויך צוטרייסעלט געוואָרען די אידישע וועלט אין די אנדערע לענדער, און זעלבסטפערשטענדליך פערנעהמט די אמעריקאניש־אידישע בעפעלקערונג דעם ערשטען פּלאַץ אונטער די אידישע גרופּען, וועלכע זיינען נאָך אימשטאנד צו לייסטען הילפע.

ווען מען בעטראכט אָבער, ווי וועניג עס איז ביז איצט גע־לייסטעט געוואָרען, מוז מען קומען צו זעהר טרויעריגע רעזולטאטען. מען מוז צוגעבען, אז אין פערגלייך מיט דעם מאָס פון דער נאציאָ־נאלער קאטאסטראָפע, וועט די הילפע זיין צו קליין, זי וועט זיין ווי א טראָפען אין ים. און דאָס איז ניט קיין צופאַל, ניט ווייל

מען גיט זיך ניט אָב קיין חשבון, ווי גרויס די קאַטאַסטראָפע איז, ניט ווייל עס פעהלט דער ווילען צו העלפען. די אורזאַכע ליעגט פיעל טיעפער. זי ליעגט אין דער בעשאַפענהייט, אין דער נאַטור פון גלות. דער גלות איז ניט איינגעריכטעט פאר גרויסע קאַטאַ־סטראָפען, איהם פעהלט די אָרגאַניזירטע פאָלקס־קראַפט, איהם פעהלט דער שוואונג צו געבען אַ תשובה אויף גרויסע פּראָבלעמען.

דאָס הויפּט־פערמעגען פון אַ נאָרמאַלען פאָלק בעשטעהט ניט נאָר אין זיינע בעוועגליכע און ניט־בעוועגליכע גיטער, נאָר אויך אין דעם, וואָס דאָס פאָלק איז אַ פאָלשטענדיגער בעל־הבית איבער זיין אייגענער צוקונפט. איהם געהערט ניט נאָר דער „היינט", איהם געהערט אויך דער מאָרגען און דער איבערמאָרגען. און דאריבער, ווען עס ברעכט אויס אַ קאַטאַסטראָפע, האָט דאָס פאָלק די מעגליכקייט צו פער'משכנ'ען אַ חלק פון זיין אייגענער צוקונפט. מען רופט דאָס אַן אַנלייהע.

איך וויים גאַנץ גוט, אַז אונז, ווי אַ גלות־פאָלק, פעהלען אַלע בעדינגונגען, וועלכע זיינען נויטיג פאר אַן אַנלייהע. אונזער פאָלק האָט ניט וואָס צו פער'משכנ'ען, וואָרים עס האָט ניט קיין פאָלקס־פערמעגען. איך פערשטעה גאַנץ גוט אונזער טיעפע טראַגיק. ביי אַנדערע פעלקער האָט מען אפשר ניט פיעל יחידים, וועלכע מען זאָל קענען באָרגען גרויסע סומען, אָבער דאָס פאָלק אין אַלגעמיין האָט אַ בעשטימטען קרעדיט. ביי אונז איז דאָס פערקעהרט. מיר האָבען יחידים, וואָס איטליכער פון זיי איז אַ גוטער בטוח אויף אונצעהליגע מיליאָנען, אונזער כלל אָבער קען ניט קריגען קיין הלואה אפילו פון צוויי גראָשען. דאָס איז דער חילוק צווישען דער אָרגאַניזירטער נאַציאָנאַלער איינהייט און צווישען דער ניט אָרגאַניזירטער. די אָרגאַניזירטע איינהייט פערשלינגט די קראַפט פון דעם יחיד, די ניט־אָרגאַניזירטע פערטהיילט איהר קראַפט אונ־טער די יחידים.

דאָס אַלעס איז מיר קלאָר. און דאָך קום איך — ניט מיט אַ פאַרטיגען פאָרשלאַג, נאָר מיט אַן אָנרעגונג. אפשר וואָלט דאָך מעגליך געווען צו מאַכען אַן אַנלייהע און ניט צולאָזען, אַז גאַנצע

אידישע געמיינדען זאָלען אונטערגעהן. מיר קענען ניט מאַכען אַ
אַנלייהע אין נאָמען פון אונזער פאָלק, מיר האָבען דאָך אָבער פער־
שיעדענע אָרגאַניזאַציאָנען, וועלכע האָבען די רעכט פון יוריסטישע
פערזאָנען און וועלכע האָבען אויך, אין געוויסע גרעניצען, אַ זיכערע
הכנסה. ווען יעדע פון דיעזע אָרגאַניזאַציאָנען וואָלט געמאַכט אַן
ענטשפּרעכענדע הלואה אויף איהרע אייגענע אחריות, און אָבצאָה־
לען צוריק דעם חוב אין אַ משך פון צוואַנציג אָדער דרייסיג יאָהר,
וואָלט מען קענען בעקומען אויף איין מאָל גרעסערע קאַפּיטאַלען
און רעטען אויף אַזאַ אופן טויזענדע און הונדערטע טויזענדע פון
אַבסאָלוטען אונטערגאַנג. מיר האָבען קרעדיט־פעהיגע אָרגאַניזאַ־
ציאָנען, מיר האָבען אויך קרעדיט־פעהיגע געמיינדען, וועלכע האָבען
כח צו לייסטען עטוואָס מעהר ווי געוועהנליכע נדבות. דאָס זיינען,
אמת, העראָאישע מיטלען, אָבער מיר טאָרען ניט פערגעסען, אַז
אַזאַ גרויסער חורבן ווי דער איצטיגער קען טהיילווייז נאָך גוט
געמאַכט ווערען נאָר דורך העראָאישע מיטלען.

די דורכפיהרונג פון אַזאַ פּלאַן שיינט אויפ'ן ערשטען בליק
אַזוי שווער, ווייל ער איז ניי, ווייל מיר האָבען נאָך קיין ערפאַה־
רונג ניט אויף דיעזען געביעט. דאָס דאַרף אונז אָבער ניט אָב־
שרעקען. די לעצטע געשעהעניסע וועלען אונז צווינגען מיט איי־
זערנער נויטווענדיגקייט, אַז מיר זאָלען זוכען נייע וועגען און אַנ־
ווענדען נייע מעטהאָדען ווי צו לעזען דאָס אידישע פּראָבלעם. דער
מאַסשטאַב פון נדבות איז אַ צו קורצער, ער רייכט קוים אויס פאַר
היינטיגען טאָג. דער פאָרטשריט בעשטעהט אָבער אין דעם, וואָס
דער מענש און די פעלקער ווערען וויכטיזיכטיגער און זיי בליקען
טיעפער אין די צוקונפט.

9 יאַנואַר, 1915.

# די הקדמה פון פייער און בלוט

ווי גערן וואָלט איך דיר וועלען שרייבען וועגען אלעס, וואָס שפּיעלט זיך איצט אָב ביי אונז, דו זאָלסט בעקומען א ריכטיג בילד פון די געשעהעניסען און די שטימונגען, אָבער מען האָט מיך בפירוש אויפמערקזאם געמאכט, אז אויב איך וויל, אז מיינע בריעף זאָלען דערגרייכען זייער ציעל, זאָל איך זיך אָבזאָגען פון טרוקענע פאקטען און נאקעטע געשעהעניסען. זעהסט דו, פילאָזאָפירען איז דוקא ערלויבט, נאָר דו זאָלסט קיינעם ניט אָנריהרען. אזוי, דריק אוים געדאנקען גלאט אין דער וועלט אריין, אָבער דערצעהל קיין מעשיות.

די צענזור איז זעהר שטרענג. זי האָט מורא פאר אלץ וואָס געהט אריין, פאר אלץ וואָס געהט ארויס, און פאר זיך אליין. איז וואו עס איז נאָר א שטיקעל ספק, פּסק'ענט זי לחומרא, ווי א פערביסענער קליין־שטעדטעלדיגער רב, וואָס בעקומט מיט יסורים זיינע קליינע שכירות און האָט נאָך דערצו א רבי'צין אָן ארורה. אזא רב איז שטענדיג אָן אכזר, יעדע שאלה איז ביי איהם טרפה. דעריבער בעט איך דיך, דו זאָלסט אויף מיר קיין פאראיבעל ניט האָבען. מלחמה־צייט איז מלחמה־צייט. מיר זיינען כמעט אלע געוואָרען וועגעטאריאנער, מיר קומען אָב מיט „שאר ירקות“, מיט גראָז און קרייטעכצער. פליישיגס און מילכיגס ווערט בעטראכט ווי קאָנטראבאנדע.

איין זאך נאָר וועל איך טהאָן. איך וועל ניט שרייבען געדיכטע שורות, ווי שטענדיג, איך וועל לאָזען צווישען די שורות א גרויסען בלויז. די שורות וועל איך אָנפילען מיט ווערטער און דעם בלויז — מיט געדאנקען. איך וועל טראכטען מיט אָנשטרענגונג, מיט כונה, און ווען עס איז בעשערט, אז מיין בריעף זאָל אָנקומען אין דיינע הענד, זאָלסט דו איהם לייענען אויך מיט

כונה. אויף אזא אופן וועט צווישען אונז געשאפען ווערען א דראטלאזע טעלעגראפיע, און מיר וועלען זיך געפינען אין שטענ־דיגער פערבינדונג.

לאכען דארפסטו ניט פון מיר. פון מיסטיק בין איך ווייט, איך גלויב ניט אין איבערנאטירליכעס. די מלחמה האט אבער געמאכט אן איבערקעהרעניש אין אלע מחות און אין מיינעם אויך. מיר האבען אלע אנגעהויבען צו פ י ה ל ע ן, אז עס זיינען דא כחות, פערבארגענע, בעהאלטענע, פערשטעקטע, פון וועלכע עס האט זיך אונז פריהער גאר ניט גע'חלומט. די מאשינע, וועלכע מיר רופען אן מענש, געזעלשאפט, פאלק, שטאאט, האט אנגעהויבען מאכען מערקווירדיגע בעוועגונגען. עס זיינען דא, מסתמא, נאך שרייפ־לעך, וועלכע זיינען גאר ניט אריינגעגאנגען אין אונזער פריהער־דיגען חשבון. וואלסטו נאר געזעהן, ווי מענשען, איינפאכע, פשוט'ע, מיט קליינע השגות, מיט א קליינעם גייסט און כמעט גאר אהן א וועלט־אנשויאונג, זיינען אויסגעוואקסען אין די לעצטע עטליכע חדשים. זיי האבען אנגעהויבען צו פיהרען אן אנדער שפראך. זיי זיינען ווי דורך א כשוף ארויסגעשפרונגען פון זייער ענגען נעדאנקען־קרייז און געווארען מיט אמאל וועלט־מענשען, בעגייסטערטע מענשען, גלייך ווי זיי וואלטען נאר וואס געגעסען פון עץ־הדעת, גלייך ווי עס האבען זיך נאר וואס געעפענט זיי די אויגען און א נייע וועלט האט זיך זיי ענטפלעקט.

אלע האבען אנגעהויבען רעדען מכח עולם הבא. מיין ניט, אז מען איז פרימער געווארען, ניין, מען רעדט וועגען א גאנץ אנדער עולם הבא, מען רעדט וועגען די וועלט, וואס וועט קומען נאך אונז. מען האט מיט אמאל אנגעהויבען שטארק צו דאגה'ן וועגען די ניט געבארענע אייניקלעך, מען וויל פערזיכערען זייער צוקונפט, און דעריבער, — אזוי טענה'ט מען, — מוז מען מלחמה האלטען. אלע געפינען א טיעפען זין אין דער מלחמה, זי האט גאר ניט קיין געגנערשאפט.

אט נאך מיט א פאר חדשים פאר דעם אויסברוך פון דער מלחמה האבען אונזערע סאציאלדעמאקראטען און אויך די לינקע ליבעראלען געהאלטען גאנץ אנדערע דרשות. זיי האבען געהאט א

צוזאמענפאָהר אין דער נייטראַלער שווייץ מיט זייערע פראַנצויזישע חברים, זיי האָבען געזוכט א פשרה מכח עלזאס און לאָטרינגען. ביידע צדדים האָבען בעוויזען מיט טויזענדע ראיות, אז יעדע מלחמה איז געריכטעט אנטקעגען די ארבייטענדע קלאסען. דאָס זיינען נאָר די קאַפּיטאַליסטען, וואָס זוכען צו שלאָגען קאַ־פּיטאַל פון פאָלקס־קאַטאַסטראָפען. און דעריבער פערשפּרעכען זיי, די פיהרער פון די ארבייטענדע קלאסען, אָנצואווענדען אַלע כחות און ניט צולאָזען, אז דאָס שווערד זאָל ארויסגעצויגען ווערען פון זיין שייד.

און וואָלסטו נאָר געהערט, וואָס דיזעלבע פיהרער פּרעדיגען איצט. ממש דעם היפּך. אמת, זיי זוכען א הכשר, איטליכער צד טענה'ט, אז ער זוכט צו שיצען די העכסטע גיטער פון דער מענש־ליכער ציוויליזאציאָן, אָבער עס איז דאָך מערקווירדיג, אז יעדער פון זיי בעהויפּטעט, אז נאָר ער קאָן זי שיצען, און ניט קיין אנדערער. ענגלאנד, פראַנקרייך און בעלגיען שיצען די מענשהייט פון דעם דייטשען מיליטאַריזם, דייטשלאנד שיצט די מענשהייט פון דעם רוסישען בארבאַריזם, רוסלאנד — פון דעם טערקישען באַקשיזם און דער טערק — פון ענגלישען און פראַנצויזישען אימפּעריאַליזם.

דו פערשטעהסט, עס איז ניט א לייטער מיט פערשיעדענע מדרגות, וואו יעדע אומה האָט איהר פּלאַץ, העכער אָדער נידעריגער, נאָר עס איז ענטשטאַנען א קנויל, פערפּלאָנטערט און פערוויקעלט, ווי דער לויתן, וואָס האַלט אין מויל זיין אייגענעם עק. דרעהסטו זיך אין פער'כשופ'טען קרייז און קענסט ניט ארויס, ווייל אין אמת'ן זיינען זיי טאַקע אַלע גערעכט. די צרה איז נאָר, וואָס זיי זיינען גערעכט נאָר אין איין העלפט, וואו זיי רעדען מכח דעם שונא. קומען זיי צו דער אנדער העלפט, צו זיך אליין — זיינען זיי אזוי פערנאַרט. מען קאָן דאָס אפילו ניט אָנרופען חוצפּה, עס איז פשוט בלינדהייט. זיי האָבען זיך אַלע מיט אמאָל פערליעבט אין זיך אליין, ווייל אזוי רעדען קאָנען נאָר פערליעבטע.

און מען טאָר א וואָרט ניט רעדען אנטקעגען. ערשטענס וועט

מען דיך ניט פערשטעהן, צוווייטענס איז עס פשוט א סכנה. דו
ווייסט ניט, ווי עס איז לייכט אין מלחמה־צייט צו ווערען מיט
א קאָפּ קירצער. בקצור, האַלטען מיר אַלע אין איין שרייען
„הורא!“. זיידעס און באָבעס זעגענען זיך מיט אייניקלעך און
שרייען הורא, טאַטעס זעגענען זיך מיט קינדער און שרייען הורא,
יונגע פרויען זעגענען זיך מיט זייערע מענער און שרייען הורא,
און די קליינע קינדערלעך האָבען דאָך שטענדיג ליעב נאָכצומאַכען
די גרויסע, האַלטען זיי אויך אין איין שרייען הורא. עס איז
פרעהליך, לעבעדיג. פון אָנהויב איז עס צוגעגאַנגען גאָר פרעהליך,
וואָרום טויזענדע און טויזענדע פלעגען זיך זעגענען אויף אַמאָל.
עס האָט ממש געהילכט פון הורא. איצט איז אביסעל אומעטיגער
געוואָרען, ווייל די וואָס האָבען זיך געזעגענט, קומען ניט לעת־
עתה צוריק, און פרישע צו שיקען האָט מען ניט זעהר פיעל.

דאָס לעבען געהט ווי געוועהנליך, נאָר דער יקרות מאַכט אָן
צרות. מיר האָבען איצט זעהר פיעל פרעמדע קעסט־קינדער און
מען מוז זיי געבען עסען. נאָך דער מלחמה, זאָגט מען, וועט מען
בעצאָהלען פאַר די קעסט־קינדער, אָבער דערוויל מאַכען זיי אָן
א דוחק אויף אַלץ. א מערקווירדיגע ערשיינונג: די איינפאַכע
לעבענסמיטעל שטייגען אין מקה פון טאָג צו טאָג און די אימפּאָר־
טירטע אַרטיקלען, וואָס קומען פון שונא'ס לאַנד, זיינען ניט נאָר
ניט געוואָרען טהייערער, מען קען זיי נאָך בעקומען צו ביליגערע
פּרייזען ווי פאַר דער מלחמה. צום ביישפּיעל, מען קאָן איצט
קריגען א גוטע פלאַש שאַמפּאַניער, וואָס האָט געוועהנליך געקאָסט
20 מאַרק, מיט גאַנצע צעהן פּראָצענט ראַבאַט. אויך רוסישען
קאַוויאַר פון בעסטען סאָרט, עכט אַסטראַכאַן, קריגט מען איצט
שוין פאַר 22 מאַרק א פונט. זיי שרייבען, אז דער קאַוויאַר איז
פריש, נאָר אזוי ווי די פערבינדונג צווישען רוסלאַנד און דייטש־
לאַנד מיט דער אייזענבאַהן איז אינגאַנצען אָבגעבראָכען, מוז מען
אָננעהמען, אז דעם קאַוויאַר האָבען אריינגעפיהרט די רוסישע
קאָזאַקען, וועלכע זיינען געקומען מיט'ן שיף פון אַסטראַכאַן איבער
ענגלאַנד נאָך בעלגיען. איהר געדענקט, מיט איינינע חדשים צוריק

האָבען איינינגע אַמעריקאַנער, וואָס האָבען זיך אומגעקעהרט פון אייראָפּאַ, עדות געזאָגט, אַז זיי האָבען אַליין געזעהן מיט די אייגענע אויגען די קאָזאַקען שווימענדיג נאָך בעלגיען.

פשוט׳ע וואָלענע קליידער קאָן מען זיך ניט דערקויפען, דערפאַר אָבער איז ביליגער געוואָרען בלוי־פוקס און קאַמטשאַטקער ביבער, און ווי עס איז נאָר אַרויס דער קלאַנג, אַז רוסלאַנד האָט געמאַכט אַ בייט מיט יאַפּאַן די צווייטע העלפט פון קאַמטשאַטקאַ און גענומען דערפאַר האַרמאַטען און קוילען, איז קאַמטשאַטקער ביבער נאָך מעהר געפאַלען אין מקח, וואָרום מען האָפט, אַז די יאַפּאַנער וועלען ניט אַזוי בערייסען דעם עולם, ווי דאָס האָבען געטהאָן די רוסישע סוחרים. אין אויסשטעלונגס־פענסטער פון אַ פיינעם געשעפט האָב איך געזעהן אַ קאַמטשאַטקע־קראַגען. די ווייסע הערעלעך צווישען די דונקעל־ברוינע זעהען אויס ווי בעטלעטערטע צווייגלעך, ווען עס כאַפּט זיי דאָס ערשטע פרעסטעל און די זון־שטראַהלען שפּיעלען זיך אין זיי מיט אַלע פאַרבען פון רעגענבויגען. דער קראַגען האָט פריהער געקאָסט דריי טויזענד מאַרק. דו קאָנסט איהם איצט קריגען פאַר 1,800 מאַרק. אַזאַ כשר׳ע מציאה, און דאָך יאָגט זיך קיינער ניט נאָך איהר.

דאָס קומט דערפון, וואָס מזומן איז דאָ זעהר ווענינג, און האָט איינער אַ גראָשען, ציטערט ער איבער איהם. די מיטעלע בעלי־בתים זיינען איצט תקיפ׳ער פאַר די גבירים. דו ווייסט דאָך, די גבירים האָבען די טבע צו האַלטען זייער פערמעגען אין פערשיעדענע אַקציען, און אַקציען, ווייסטו דאָך, זיינען להבדיל ווי אַ מענש. וואָס איז דער מענש? אַ בשר ודם, איז דאָך די הויפּטזאַך די נשמה. געהט אָבער אַרויס די נשמה, איז „שטויב ביזטו געוועזן און צו שטויב קעהרסטו זיך אום“. אַזוי איז אויך אַן אַקציע: אַ שטיקעל פּאַפּיר. מעהר ניט דער אונטערנעהמער בלאָזט אין איהר אַריין אַ נשמה, קריגט זי חיות, און זי וואַקסט און זי וואַקסט. הערען זיך אָבער אויף צו דרעהען די רעדער אין דער פאַבריק אָדער אין געשעפט, שטאַרבען די אַקציען, זיי קעהרען זיך אום צו זייער מקור: פּאַפּיר זיינען זיי געוועזן און צו פּאַפּיר קעהרען זיי זיך אום. וואָלסטו נאָר געוואוסט, וויפיעל אבלים עס געהען אַרום.

איך רעד ניט פון די אמת'ע אבלים, איך מיין די אבלים פון די געשטאָרבענע אַקציען.

מען זאָגט, אַז ביי אונז איז נאָך אַ גן־עדן אין פערגלייך מיט די אַנדערע לענדער. איך קען מיר פאָרשטעלען, ווי דער ניהנום זעהט אויס נאָך אַזאַ גן־עדן. איך פערשטעה ניט, וואָס עס טהוט זיך אין דער וועלט: מקריב זיין דעם לעבעדיגען דור צוליעב אור־אייניקלעך — מיין מוח איז דאָס ניט תופס. איך קען ניט בעגריי־פען די איבערקעהרענים, וואס איז איצט פאָרגעקומען, און דאָך פיהל איך, אַז איך בין אויך אָנגעשטעקט געוואָרען פון דעם נייעם נייסט. עפּעס איז מיאוס געווארען צו לעבען אזוי ווי מען האָט געלעבט ביז איצט, צו וויסען זיכער, אַז דער מאָרגען וועט אויס־זעהן ווי דער היינט. צוליעב וואָס ברויכט מען אַ מאָרגען, וואָס ברייננט ניט קיין חידוש מיט זיך? עפּעס ציהט זיך דער מענש נאָך אַ נייער צוקונפט. די ערשטע אויפלאַגע פון לעבען האָט איהם דערעסען, וויל ער שאַפען אַ צווייטע אויפלאַגע, אַ פערבעסערטע, אַ פערשענערטע. **ד ע ר ו ו י י ל ש ר י י ב ט ע ר ד י ה ק ד מ ה מ י ט פ י י ע ר א ו ן ב ל ו ט.**

אַז גאָט האָט געוואָרפען אַן אום־חן אויף דעם מענשען, וואָס ער האָט בעשאַפען, האָט ער געבראַכט דעם מבול. אַז דעם מענשען איז נמאס געוואָרען דאָס זאַטע, בעל־בית'שע לעבען, האָט ער געבראַכט די מלחמה. זאָל אָבער גאָט אויסהיטען, אַז עס זאָל זיך אָנהויבען דיזעלבע סדרה ווי נאָך דעם מבול. וואָס פאַר אַ גליק קען זיין פאַר שם און יפת, ווען חם זאָל בלייבען ווייטער אַ חם, און וואָס קענען מיר דערוואַרטען פאַר שם'ען, ווען יפת און חם מאַכען גאָר יד־אחת? אָט דאָס איז די הויפּט־פּראַגע, וועלכע לאָזט מיך ניט רוהען.

קיין פאַקטען האָב איך דיר ניט דערצעהלט, איך האָב אַזוי געלאָזען געהן מיינע געדאַנקען און איך האָף, אַז מיין בריעף וועט אָנקומען אין דיינע הענד. איך געדענק ניט, אין וואָס פאַר אַ ספר איך האָב דאָס געזעהן, עס איז אָבער געבליבען ביי מיר אין זכרון פון מיין קינדהייט. מען האָט מיר דערקלערט, פאַר וואָס באַמקעט אונטער דער חזן ראש השנה און יום־כפור צו יעדען וואָרט. דער

תירוץ איז, ווען די תפילות וואָלטען ארויס ריינע, וואָלט דער שטן זיי איבערגענומען און ניט געלאָזען געהן ווייטער. באמקעט אונטער דער חזן, און דער שטן פערטראַכט זיך און די תפילות קומען אָן.

14טען יאַנואַר, 1915.

# די צייט פון העלדען און דער חלום פון נסים

גראד אין די שווערסטע צייטען, ווען דער האריזאנט איז בעדעקט מיט בלייענע וואלקען און דער באדען אונטען הויבט אן צו ציטערען און צו וואנקען און די וועלט שיינט אונטערצוגעהן — גראד אין אזעלכע מאמענטען ענטפלאמט זיך די מענשליכע פאנטאזיע, זי צינדט זיך אן און פלאקערט אויף און הויבט אן צו שוועבען אין די „עולמות העליונים". מען וויל ניט חרוב ווערען, דער אינסטינקט פון לעבען ראנגעלט זיך אין מענשען, מען זוכט אן אויסוועג, מען זוכט רעטונג. „צו די בערג הויב איך אויף מיינע אויגען, פון וואנען וועט קומען מיין הילף", מען ערווארטעט ניט די הילף פון טהאל, מען ערווארטעט זי פון העכסטען פונקט, פון די בערג־שפיצען.

און וואס גרעסער די צרה איז, וואס טיעפער די קאטאסטראפע, אלץ וואונדערליכער מוז זיין די רעטונג. די נאטור קען אויך היילען וואונדען, זי איז אבער א לאנגזאמער רופא, די נאטור היילט דאך אויפ'ן נאטירליכען וועג, זי קען ניט שפרינגען, זי געהט בהדרגה. קיין כח צו ווארטען איז ניטא, מוז געשעהן א וואונדער. אונגעריכטערהייד מוז קומען א נס, וואס וועט אויף איין מאל מאכען א סוף צו אלע צרות. דער נס, דער וואונדער זיינען איבער־נאטירליך, אבער דאס ערווארטען פון וואונדער און נסים זיינען גאנץ נאטירליך, דאס איז טיעף איינגעווארצעלט אין דער נאטור פון דעם מענשען. זיינען דאך דא קאטאסטראפען, וואס ברעכען אויס פלוצלונג, גאנץ אונערווארטעט, ווארום זאל אויך די רעטונג ניט קענען קומען גאנץ אונערהאפט?

דיעזע מענשליכע פסיכאלאגיע האט געבארען דעם גלויבען אין גרויסע מאמענטען. דער גרויסער מאמענט ווערט ניט ערווארטעט ווי א רעזולטאט פון א לאנגזאמער, סיסטעמאטישער ענטוויק־

לונג, ניט ווי אַ קופעל, וואָס בעקרוינט דאָס געביידע, נאָכדעם ווי מען האָט דאָס געבויט ציגעל ביי ציגעל און שורה ביי שורה מיט מיה און אָנשטרענגונג. דער גרויסער מאָמענט ווערט ארויסגע־ריסען פון זיין גאַנצען היסטאָרישען צוזאַמענהאַנג מיט די טויזענד קליינע מאָמענטען, וועלכע זיינען איהם פאָראויסגעגאַנגען, און ווערט בעטראַכט אָהן שום שייכות צו זיין אייגענער פערגאַנ־גענהייט. ער ווערט געשאַפען, — אזוי גלויבט מען, — פון זיך אליין, ווי די געטער אין די אַלטע צייטען, ווי די ווענוס, וועלכע איז ארויסגעשפרונגען פון דעם שוים פון די טאַנצענדע וועלען.

דעם גלויבען אין גרויסען מאָמענט האָט אויף דער אנדרער זייט ענטשפּראָכען דער גלויבען אין דעם גבור. אזוי ווי דער גרויסער מאָמענט אזוי איז אויך דער גרויסער העלד. ער איז ניט אַ פּראָ־דוקט פון אַ היסטאָרישער און אַ סאָציאַלער ענטוויקלונג, ער איז אַ זעלבסטשטענדיגע ערשיינונג, ער געפינט זיך, אזוי צו זאָגען, אין זיין אייגענעם רשות. ניט די פערהעלטניסע האָבען איהם ארויס־גערופען, נאָר, אומגעקעהרט, ער שאַפט די פערהעלטניסע, ער איז דער בעל הבית, אַלעס איז איהם אונטערגעאָרדנעט, אונטערטהעניג. דער גרויסער מאָמענט און דער העלד — זיי זיינעןביידע אַ צופאַל, מען ווייס ניט פון וואַנען זיי וועלען קומען, זיי זיינען ביידע די אונערוואַרטעטע געסט אין דער געשיכטע, ווילקאָמענע געסט, העלפער אין דער נויט, רעטער פון דער מענשהייט. מיט זיי הויבט זיך שטענדיג אָן אַ נייע עפּאָכע, זיי דריקען ארויף זייער שטעמפּעל אויף זייער צייט און אויף זייער דור, און די קומענדע צייט און דער קומענדער דור לעבען דורך זייער זכות, ביז וואַנען די קראַפט און די השפעה פון דעם גרויסען מאָמענט און דעם גבור ווערט אויסגעוועבט, און מען הויבט אָן צו האָפען אויף אַ נייעם מאָמענט, אויף אַ נייעם גבור, מען איז מתפלל עס זאָל קומען אַ נייער יום־טוב. און אזוי געהט די געשיכטע, איין עפּאָכע אָנגעגלידערט אָן די אַנדערע, ווי די איינצעלנע רינגען אין אַ קייט. יעדע עפּאָכע הויבט זיך אָן מיט אַ גרויסען מאָמענט, מיט אַ ווענדע־פּונקט און דאָס פּראָגראַם ווערט אויסגעפיהרט פון דעם איינצעלנעם אָדער פון די איינצעלנע העלדען.

און מערקווירדיג, וואָס עלטער די געשיכטע איז, אַלץ מעהר
האָבען מיר דאָרט צו טהאָן מיט גרויסע מאָמענטען און מיט העל־
דען. נעהמען מיר די יוגענד געשיכטע פון אַלע פעלקער כמעט, —
ביי אונז הייסט זי די תקופה פון די שופטים, — זעהען מיר פאַר
אונז די העלדען־געשיכטע. די העלדען קומען און געהען ווי דורך
אַ כישוף, אַזוי ווי איינער וואָלט שטעהן בעהאַלטענערהייד הינטער
דעם פאָרהאַנג פון דער וועלט־געשיכטע און קאָמאַנדירט די גרויסע
מאָמענטען און די העלדען ווי דער רעזשיסאָר די שוישפּיעלער אויף
דער ביהנע. עס פעהלט אָבער די פערבינדונג צווישען עפּאָכע
און עפּאָכע, די שייכות צווישען דעם דור און דעם העלד, און אין
דער קייט פון געשעהעניסען זעהען מיר ניט דעם צוזאַמענהאַנג.
אויפ׳ן הימעל אויבען לייכטען די שטערן, איטליכער פאַר זיך,
צווישען זיי איז גאָר נישט. אויף דער ערד פון אונטען פינקלען די
מאָמענטען און די העלדען, צווישען זיי איז וואָכעדיג, אַלעס אָהן
שום בעדייטונג.

און לאַנגע, לאַנגע דורות האָט דער מענש געמוזט קעמפּפען
מיט זיין שכל, כדי צו בעגרייפען די איינהייט אין דער גרויסער
אונענדליכער וועלט, אין וועלטאַל, און נאָך לענגער האָט ער גע־
מוזט פאָרשען און זיך פערטיעפען אין דעם זין פון די געשעהע־
ניסען, כדי צו פערשטעהן זייער צוזאַמענהאַנג, כדי צו פערשטעהן
די איינהייט אין דער געשיכטע פון דער מענשליכער ענטוויקלונג.
אַ גאַנצע וועלט, אַ גאַנצער הימעל און אַ גאַנצע געשיכטע, ניטאָ
קיין ריס, ניטאָ קיין־הפסק. די געטליכע מאַשינע ארבייט אָהן
אונטערברעכונג. עס זיינען נאָך דאָ סודות, עס זיינען נאָך דאָ
אונגעצעהלטע רעטענישען, אָבער איינס איז קלאָר פאַר דעם מאָ־
דערנעם מענשען: קיין זאַך קומט ניט מיט אַמאָל, קיין זאַך קומט
ניט מיט אַ שפּרונג, אַלעס וואָס קומט, מוז צוגעגרייט ווערען.
מיר גיבען צו, עס זיינען דאָ וואָכעדיגע טעג און יום־טוב׳דיגע אין
דער געשיכטע, געוועהנליכע דורכשניטס־מענשען און אויסערגע־
וועהנליכע העלדען, אָבער עס איז אויך קלאָר פאַר אונז, אַז דער
יום־טוב ווערט צוגעגרייט דורך די ארבייט פון די וואָכעדיגע טעג

און אַז דער העלד קאָנצענטרירט אין זיך די גבורה פון גאַנצע גרופּען.

אין דער לעהרע פון וואַקסטהום, אין דער ביאָלאָגיע, איז אָנ־גענומען, אַז די נאַטור אַליין חזר'ט איבער אין איטליכען איינצעל־נעם אַקט די גאַנצע געשיכטע פון איהר ענטוויקלונג. צום ביי־שפּיעל: אונצעהליגע תקופות זיינען אַריבערגעגאַנגען ביז עס האָט זיך ענטוויקעלט פון אַ ניעדריגען אָרגאַניזם אַ העכערער אָרגאַניזם. די ענטוויקלונג איז געגאַנגען בהדרגה, שטופּענווייז, און ווען איהר וועט זיך צוקוקען צו דעם העכערען אָרגאַניזם און פערפאָלגען זיין אינדיווידועלע ענטוויקלונג פון איי ביז צום פערטיגען אָרגאַניזם, וועט איהר קענען בעמערקען אַלע שטופען, וועלכע עס האָט דורכ־געמאַכט דער גאַנצער מין, שטייגענדיג פון ניעדריגען צום העכערען. מעהר ניט ביי דער ענטוויקלונג פון מין האָט דער פּראָצעס גע־דויערט תקופות לאַנג, ביי דעם אינדיווידיאום אָבער געהט עס זעהר שנעל, אַ טאָג פאַר אַ תקופה, אַ שעה פאַר אַ יאָהר. אין דער ענטוויקלונג פון מין שאַפט די נאַטור אַ נייעם חבור, זי מוז אַליין שוויצען און זיך מישב זיין, ביי דעם אינדיווידיאום דרוקט זי איבער איהר אייגענעם חבור פון סטערעאָטיפּען און זי ברויכט ניט צו דענקען און אָבצושטעלען זיך.

דיזעלבע ערשיינונג זעהען מיר אויך, ווען עס ענטשטעהען נייע פּאָליטישע פּאַרטייען, נייע סאָציאַלע גרופּירונגען מיט נייע אידעען. זיי מאַכען דורך די זעלבע ענטוויקלונג, וועלכע די ציוויליזירטע מענשהייט איז דורכגעגאַנגען, פון פּרימיטיווען צושטאַנד ביז צום העכסטען. מעהר ניט, דער פּראָצעס דויערט ניט אַזוי לאַנג, דען ער איז מעהר ניט ווי אַן איבערגע'חזר'טער.

איך וויל זיך אָבשטעלען אויף צוויי ביישפּיעלען, אַרויסגע־נומען פון דער פרישער פערגאַנגענהייט. צוערשט נעהם איך די גרעסטע נייע וועלט־אָרגאַניזאַציאָן, די סאָציאַל דעמאָקראַטישע, אַן אָרגאַניזאַציאָן וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען אויף אַ נייער וועלט־אַנשויאונג, און וואָס איז פונדאַמענטירט אויף דער היסטאָ־רישער נויטווענדיגקייט. דאַכט זיך, אַזאַ אָרגאַניזאַציאָן, וואָס

זעהט פאָראויס די קינפטיגע געזעלשאפטליכע ענטוויקלונג און וויל
אַלעס בויען מיט פעסטען צעמענט, האָט זיך געדאַרפט אָבזאָגען
פון פערלאָזען זיך אויף נסים, אויף גרויסע מאָמענטען, אויף פלוצ־
לונגע איבערקעהרענישען. זי האָט געדאַרפט האָבען געדולד און
אויסדויער און פערלאָזען זיך אין גאַנצען אויף דעם נאַטירליכען
היסטאָרישען פראָצעס. וואָס זעהען מיר אָבער אין די ערשטע
יאָהרען פון איהר וואקסטהום? זי האָט אין זיך אריינגענומען די
עלעמענטען פון נביאות און זי האָט ערוואַרטעט קאַטאַסטראָפען,
וועלכע וועלען מיט איין קלאַפ אומענדערען די גאַנצע קאָנסטרוק־
ציאָן פון דער געזעלשאפט. נאָך מיט צוואַנציג יאָהר צוריק איז
דער בעריהמטער, פּאָליטיש־קלוגער און אבסאָלוט עהרליכער סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטישער פיהרער בעבעל ארוים מיט זיין בעריהמטער
רעדע: „אין צעהן יאָהר וועלען מיר האָבען דעם צוקונפטס־
שטאַאט“. קיינער וועט ניט זאָגען, אַז בעבעל האָט אין זיך א
ברעקעל פון דעמאַגאָגיע, קיינער וועט איהם ניט חושד זיין, אַז
ער האָט געוואָלט פאַקען די מאַסען מיט פראָפעצייאונגען, אין
וועלכע ער האָט אַליין ניט געגלויבט. אלא וואָס דען, דער סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטיזם האָט זיך נאָך געפונען אין דער אָנפאַנגס־
תקופה פון זיין ענטוויקלונג און האָט געמוזט דורכמאַכען די העל־
דען־פעריאָדע. איצט וועט איהר שוין אין דער גאַנצער וועלט
אַזעלכע נביאות ניט הערען, ווייל די אָרגאַניזאַציאָן איז אויס־
געוואַקסען. אדרבא, דער „רעוויזיאָניזם“ נעהמט צו פון טאָג צו
טאָג. מען וויל ניט מעהר די מאַסען ענטפלאַמען, מען וויל ניט
אַז זיי זאָלען אויפפלאַקערען אויף איין מאָל, מען וויל זיי זאָלען
זיך דערוואַרעמען לאַנגזאַם אָבער זיכער.

דער צווייטער ביישפיעל. איך נעהם די גרעסטע אידישע
נאַציאָנאַלע און אינטערטעריטאָריאַלע אָרגאַניזאַציאָן, די ציוניס־
טישע. דער שעפפער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן, הערצל,
איז אויך אין די ערשטע יאָהרען אָפט ארוים מיט גרויסע הבטחות
פאר די נאָהענטע צוקונפט, בעזונדערס אין זיין בעריהמטער לאָנ־
דאָנער רעדע. ער האָט אויך קיינעם חלילה ניט געוואָלט פער־
פיהרען, ער האָט קיינעם ניט געוואָלט פערנאַרען. אלא וואָס דען,

דער ציוניזם אַלס אָרגאַניזאַציאָן האָט געלעבט די העלדען־תקופה פון זיין ענטוויקלונג, און דער גרויסער פיהרער האָט נאָך אליין נעגלויבט אין גרויסע מאָמענטען, אין פּלוצלונגע אומוועלצונגען. פון דיעזער תקופה איז ארויסגעשפרונגען דער „טשארטעריזם", פון וועלכען דער שעפּפער אליין האָט זיך געמוזט מיט דער צייט אָבּ־זאָגען. דער ציוניזם האָט דורכגעמאכט זעהר שנעל א מערקוויר־דיגע ענטוויקלונג. מען האָט אויפגעהערט צו *גלויבען* אין ציוניזם, מען האָט איהם אָנגעהויבען צו *פערשטעהן*. דער שווער־פּונקט איז פערלעגט געוואָרען פון דעם איינצעלנעם העלדען אין דאָס פאָלק גופא, פון דעם צופעליגען איינצעלנעם „גרויסען מאָמענט" אין די לאַנגזאמע היסטאָרישע ענטוויקלונג. ערשט דאַן האָט מען ריכטיג איינגעשעצט די בעדייטונג פון דעם נייעם ישוב, פון יעדער צוגעקומענער קאָלאָניע, פון יעדער נייער העברעאישער שולע, פון יעדער איינצעלנער שאפענדער קראפט, וואָס זי האָט אויסגעקליבען ארץ ישראל אַלס שטיצפּונקט.

דערמיט האָט מען אבסאָלוט ניט אָבגעלייקענט די מעגליכקייט פון גרויסע מאָמענטען, דערמיט האָט מען נאָר אויפגעשטעלט א ריכטיגע, שטרענג וויסענשאפטליכע בעהויפּטונג, אז אויך דער גרויסער מאָמענט מוז צוגעגרייט ווערען, אז ער קען נאָר קומען ווי א רעזולטאַט פון א גאנצער שורה פון קלענערע מאָמענטען.

מיר לעבען איצט אין א שרעקליך בעוועגטער צייט. אָפטמאָל איז אונזער פערשטאַנד צו קורץ, און מיר קענען זיך ניט אָבגעבען קיין קלאָרען חשבון פון די געשעהעניסען, וועלכע פליהען און ענ־דערען זיך ווי די בילדער אין קאַליידאָסקאָפּ. עס הויבט אונז אָן צו שווינדלען און מיר קעהרען זיך אום ניט ווילענדיג צו דער פסיכאָלאָגיע פון דער יוגענד־תקופה, וועלכע מיר האָבען שוין דורכ־געלעבט. ווידער ערווארטען מיר וואונדער, ווידער זיינען מיר מתפלל עס זאָל קומען דער גרויסער מאָמענט, און מיר ווערען שוואך אין אונזער אייגענער אקטיווּיטעט.

מען דאַרף ניט און מען קען ניט קעמפּפען אנטקעגען גלויבען און האָפען, אָבער מיר מוזען, מיר זיינען מחויב שטענדיג צו גע־

דענקען אַז די קראַפט פון אונזער ענטוויקלונג ליעגט אין אונזער
אַלטעגליכער לייסטונג, אין אונזער אונאונטערבראָכענער ארבייט.
אַן אָרגאַניזאַציאָן טאָר ניט צולאָזען קיין האַזארד־שפּיעל, זי טאָר
ניט צולאָזען די מעגליכקייט פון ענטטוישונגען. איהר פונדאַמענט
מוז שטענדיג שטעהן פעסט אין בעוועגטע ווי אין רוהיגע צייטען.

16 יאנואר, 1915.

# צו אונזערע נייע מקוננים.

## I

די לעצטע ידיעות, וואָס זיינען אָנגעקומען פון ארץ־ישראל, זיינען געווים ניט קיין פרעהליכע, און ווען מען ווייס אפילו דעם מקור, פון וואַנען זיי שטאַמען, ווען מען ווייס אפילו, אַז זיי זיינען אָבגעשטעמפּעלט געוואָרען, איידער זיי האָבען אונז דערגרייכט, מיט דער חתימה פון אַ פיינדליכער צענזור, מיט אַ שוואַרצער ענגלישער חתימה — ווערט דאָך דערציטערט אונזער נשמה. מיר פיהלען, אַז אייזען, קאַלט און שאַרף, מאַכט אַ טיעפען שניט אין אונזערע בעסטע און הייליגסטע האָפנונגען.

און גראָד אין דער לעצטער צייט האָט ארץ־ישראל, דאָס נייע, פעריונגטע, אויפבליהענדע ארץ ישראל אויסגעגאָסען איהר השפעה אויף די אידישע וועלט. אָנהענגער און געגנער, חסידים און מתנגדים פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלען געדאַנק, האָבען געמוזט ריכ־טען זייער בליק צום מזרח, פון וואַנען עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו צייגען די ערשטע שטראַהלען פון אַן אויפגעהענדער ישועה. עס האָט געוואונקען פון ווייטען אַ נייע צוקונפט, העל און ליכטיג, שפּראָצענד פון יוגענדליכער קראַפט, שעהן אין איהר פאַרבען־שפּיעל: גרינע פעלדער, בליהענדע וויינגאָרטענס, פּרעכטיגע פּרדסים, נייע שטעדט, העברעאישע שולען און איבער דאָס אַליץ אַ לעבעדיגער גייסט, אַ גייסט, וואָס מונטערט אויף און רופט און מאָהנט און רייצט צו פרעהליכער שעפּפערישער ארבייט.

דער ערשטער קאַפּיטעל צו אַ נייעם שיר השירים.

דאָ איז אויסגעבראָכען די מלחמה. די האַלבע אידישע וועלט אין די גלות־לענדער איז מיט איין מאָל חרוב געוואָרען. גאַנצע אידישע שטעדט און שטעדטלעך זיינען אָבגעווישט געוואָרען פון

גאָט'ס ערד, הונדערטע טויזענד אידען האָבען געמוזט ווידער נעהמען דעם וואַנדער־שטאָק אין האַנד און אָבריכטען, האַלב נאַקעט, האַלב הונגעריג, א נייעם גלות, א גלות אין א גלות, פון גאַליציען אין בעהמען און אין מעהרען, פון פּוילען אין ליטא און אין די אַלע קליינע מדינה'לעך, וואו דער אייביגער וואַנדערער האָפט נאָך צו געפינען רוה און רעטונג.

ארץ־ישראל איז דורך די מלחמה אָבגעשניטען געוואָרען פון דער גאַנצער וועלט. אין מזרח — דער גרויסער מדבר און אין מערב — דער גרויסער ים. אין דעם מדבר וואַקסט ניט קיין תבואה, און אויפ'ן ים שווימען ארום ניט קיין האַנדעלס־שיפען, וואָס ברענגען גרוסען פון איין מדינה צו דער אַנדערער, נאָר קריעגס־שיפען, וואָס מעלדען טויט און פערניכטונג.

און מערקווירדיג איז געווען דאָס געפיהל, וואָס האָט אויפ־געפלאַמט אין דער גאַנצער אידישער וועלט. מען האָט אָנגעהויבען צו דענקען וועגען ארץ־ישראל שטאַרקער, אינטענסיווער, מיט מעהר צערטליכקייט, מיט מעהר פיינקייט. פון די בעהאַלטענע ווינקעלעך פון דער אידישער נשמה האָבען אָנגעהויבען ארויס־שווימען אַלטע, פערוואַלגערטע, היסטאָרישע ערינערונגען, זכרונות פון שמערץ און האָפנונג, פון פּיין און טרייסט. באַלד האָבען זיך די זכרונות פערדיכטעט, צוזאַמענגעשמאָלצען, געוואָרען עפּעס ממשות'דיגס און אָנגעהויבען צו שפּריטצען מיט פונקען, גליהענדע, לייכטענדע פונקען. דאָס האָט אויפגעפלאַקערט די אַלטע פאָלקס־בענקעניש.

מיר האָבען נאָך אַלץ געהאָפט, אפשר וועט נאָך דער גורל בעשיצען לכל־הפּחות ארץ ישראל, אפשר איז אונז נאָך בעשערט אָבצוקומען מיט דעם שרעק אַליין.

די טערקיי האָט זיך אָבער סוף כל סוף אויך איינגעפלאָנ־טערט אין דעם וועלט־סכסוך און אריינגעשפּרונגען אין מלחמה. ארץ־ישראל האָט זיך פערוואַנדעלט אין א פלאַץ, פון וואַנען די טערקיי רעכענט צו מאַכען אַן אַנגריף אויף מצרים. גרויסע מחנות פון סאָלדאַטען, גאַנצע ארמעען, זיינען דאָרט אויפגעזאַמעלט. ווי א היישעריק האָבען זיי בעלאַגערט דאָס לאַנד.

און דאָ איז געקומען, וואָס עס האָט געמוזט קומען.

טויזענדע אידען, וועלכע זיינען ביז איצט ניט געוועזן און האָבען איצט נ י ט געקאָנט ו ו ע ר ע ן ט ע ר ק י־ ש ע א ו נ ט ע ר ט ה א נ ע ן, האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס לאנד אויף איין מאָל, אין אַ בהלה. די טערקישע רעגיערונג האָט געהאנדעלט ניט בעסער און ניט ערגער ווי איהרע ציוויליזירטע שוועסטער אין אייראָפּא. האָט דאָך ניט געהאָלפען אַ מאקס נאָרדוי, אַז אַלכסנדר מאַרמאָרעק ניט זייער יחוס, ניט זייער זכות, וואָס זיי לעבען אין פּאריז שוין צעהנדליגע יאָהרען. זיי האָבען געמוזט לויפען. האָט דאָך איינגעשפּארט דייטשלאנד די ענגלישע און די רוסישע, און ענגלאנד די דייטשע און די עסטרייכישע אוטערטהאנען. האָט מען דאָך געהאלטען טויזענדער אונשול־ דיגע מענשען אין קאָנצענטראציאָנס־לאגערען און זיי מכבד געוועזן מיט האקען האָלץ און שיילען קארטאָפעל און מיט אלע בזוי'דיגע מלאכות. די טערקיי טענה'ט, אדרבא, אַז זי האָט געטהאָן אַ ח ס ד מיט איהרע פרעמדע אידישע אונטערטהאנען, וואָס זי האָט זיי געלאָזט פריי אויסוואנדערען אין מלחמה־צייט. ווי דאנקבאר וואָלטען געוועזן צום ביישפּיעל די געפאנגענע ענגלענדער אין דייטש־ לאנד אָדער די געפאנגענע דייטשען אין ענגלאנד פאר אזא פריי־ הייט.

וועגען די קאָלאָניסטען, וועגען די פּיאָנערען פון דעם נייעם ישוב בכלל האָט מען ביז איצט פערקעהרטע ידיעות, אַז ניט א י י ן א י י נ צ י ג ע ר פון זיי האָט פערלאָזען דאָס לאנד. עס קאָן זיין, אַז עס איז עטוואָס צושטערט געוואָרען אויך פון דעם נייעם ישוב. אַ מלחמה איז אַ שעת חירום. בשעת מלחמה קאָן אַ רעגיע־ רונג, ווען זי וויל אפילו, ניט אזוי גוט אויפּפּאסען אויף אָרדנונג ווי אין פריעדליכע צייטען. אָבער עס איז איינפאך אַ פ ע ר־ ב ר ע כ ע ן, ווען מען געהט ארויס מיט פארטיגע קינות, איידער מען האָט נאָך קאָנטראָלירט די ריכטיגקייט פון די אָנגעקומענע ידיעות, און בפרט ווען מען וויים נאָך ניט, פון וואנען די ידיעות שטאמען.

דער נייער ישוב איז אונז אונענדליך טהייער, ווייל ער איז

אונז אָנגעקומען מיט זעהר פיעל שמערצען. ער האָט זיך ענטוויקעלט און איז געוואקסען אויף צר־להכעים זיינע געגנער. זיינע גוטע פריינד זיינען געווען געצעהלטע און שונאים האָט ער געהאַט פון אלע זייטען. דער נייער ישוב איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרען ווי אַ ציטעריג קינד, מען האָט שטענדיג געמוזט מורא האָבען פאַר עין־הרע און פאַר פערשיעדענע קינדער־קראנקהייטען. און וואָס מעהר סכנות עס האָבען איבער איהם געשוועבט, אלץ מעהר זיינען צוגעבונדען געוואָרען צו איהם זיינע שעפּפער און זיינע פריינד.

און איצט קומען גראָד די, וועלכע האָבען דעם נייעם ישוב קיין מאָל ניט געגלעט, וועלכע האָבען פאַר איהם קיין מאָל קיין פריינדליך וואָרט ניט געהאַט — גראד זיי קומען, ווי אונגעבעטענע חברה־קדישא־לייט, און ווילען איהם פיהרען צו דער קבורה. זיי האָבען קיין צייט ניט, עס האָט ביי זיי געפּלאַצט די געדולד, זיי קאָנען גאָר ניט ווארטען, ביז מען וועט ערהאלטען ר י כ ט י ג ע ידיעות וועגען דעם וואָס איז געשעהן דעם נייעם ישוב, און זיינען שוין מחבר קינות אויף דעם דריטען חורבן. און ווי ריהרענד זיי פערפאַסען די קינות! וואו האָט זיך ביי זיי גענומען אויף אמאָל אזוי פיעל פּאָעזיע, פון וואַנען מיט אמאָל אזוי פיעל פאַרבען צו שילדערען די האָפנונגען און די ערוואַרטונגען, וועלכע דער נייער ישוב האָט געוועקט אין י ע ד ע ם? איז דאָס אלץ מעהר ניט, כדי דער חורבן זאָל זיין בולט'דיגער?

פּאַמעליך! מיר האָבען נאָך אין ארץ־ישראל וועכטער, און מיר ווילען צוערשט הערען, וואָס זיי האָבען צו זאָגען. מיר האָבען אייגענע שומרים, צו וועמען מיר האָבען צוטרויען, וועמען מיר גלויבען, וואָרום ז י י האָבען מיר אָנפערטרויט אונזער בעסטעס: אונזער האָפנונג, אונזער גלויבען.

מיר זיינען איבערצייגט, אז ז י י וועלען פון אונז ניט בע־האלטען דעם אמת. מיר זיינען אָבער ווייטער איבערצייגט, אז זיי וועלען זיך קיין מאָל ניט פערוואַנדלען אין חברה־קדישא־לייט; זיי וועלען אונז ווייטער רופען און הייסען בויען.

און מיר וועלען זיי פאָלגען.

## II.

דאָס איז געווען אויף איינער פון די פיעלע אסיפות, וועלכע זיינען אָבגעהאלטען געוואָרען אין ניו יאָרק אין דער לעצטער צייט. עס איז בעגרייפליך, אז פון צעהן מאָל איז אויסגעקומען צו רעדען ניין מאָל „מכח דער מלחמה און די אידען“, „מכח דער מלחמה און דעם ציוניזם“. איך מוז זאָגען, אז דאָס זיינען געווען פאר מיר די שווערסטע פערזאמלונגען. די הויפט־שווערקייט איז בע־שטאנען ניט אין דער שאלה, וואָס זאָל מען זאָגען, נאָר אין דער פיעל הארבערער שאלה: וואָס זאָל מען נ י ט זאָגען, וואָס זאָל מען פ ע ר מ י י ד ע ן צו זאָגען, וואָס זאָל מען א ר ו מ ג ע ה ן, יוצא זיין עפּעס מיט אָנשפּיעלונג, מיט א רמז. מען איז דאָך א לעבעדיגער מענש, און עס גלוסט זיך אָפּטמאָל אויסרעדען דאָס הארץ, אויסגיסען דעם צאָרן, פיהלען זיך פריי, ניט טראָגען אויף זיך דעם יאָך פון אחריות. אָבער איך האָב דאָס מיר קיין מאָל ניט ערלויבט. אפילו וועגען רוסלאנד האָב איך מיר ערלויבט נאָר דאָס צו זאָגען, וואָס עס זאָגען ארוים פריי און אָפען די רוסישע צייטונגען אליין. איך האָב אויסגעדריקט מיין צווייפעל וועגען די פאלשע פאבריצירטע הבטחות, וואָס דער ווינד האָט געבראכט אהער פון יענער זייט ים, איך האָב גערעדט וועגען די פרישע פאָגראָמען, ערשט נאָכדעם ווי איך האָב געהאט וועגען זיי דאָקו־מענטען אין האנד.

נאָר איין מאָל האָב איך מיר ערלויבט ארויסצוזאָגען אייניגע סימפּאטישע ווערטער וועגען די טערקיי, און עס דוכט מיר, אז אויך דאָס איז געווען נאָך איידער די טערקיי איז אריין אָפיציעל אין דער מלחמה. דער עולם וויים, אז איך האָב א שוואכקייט צו פּסוקים, און גאָט האָט מיר געהאָלפען און איך האָב געפונען א פסוק ווי געשאפען פאר דער איצטיגער לאגע, גלייך ווי ער וואָלט געווען בעשטעלט נאָך מאָס. איינער פון מיינע ציוניסטישע חברים האָט אָנגעהויבען בויען קאָמבינאציאָנען און האָט עובר געווען אויף די ניי־געשאפענע גזירה פון נייטראליטעט, איבער־געהענדיג גאנץ אָפען אויף איין בעשטימטען צד. איך האָב מיר ערלויבט צו פערטרעטען מיין שטאנדפונקט, וועלכער האָט אין

זיך קיין שום חידוש ניט ענטהאַלטען. דאָס איז געווען דער ה ע ר ש ע נ ד ע ר שטאַנדפּונקט פון דער ציוניסטישער אָרגאַ־ניזאַציאָן און ער קאָן פאָרמולירט ווערען אין אייניגע ווערטער: זאָל בלייבען אַלעס ביים אַלטען.

און אַזוי ווי מען האָט גערעדט מכח ארץ־ישראל, און אַזוי ווי ארץ־ישראל געפינט זיך נאָך לעת־עתה אין טערקישע הענד, האָב איך זיך אויסגעדריקט: לוא ישמעאל יחיה לפניך, דאָס הייסט זאָל זיך ישמעאל לעבען אָהן צער. איך רעכען, אַז דאָס וואָלט געווען פאַר אונז גלייכער (אגב אורחא בעמערק איך, אַז „לוא ישמעאל בני אָדער ישמעאל אחי יחיה לפניך", ווי עס ציטירט מיך דר. זשיטלאָווסקי, האָב איך קיין מאָל ניט געזאָגט, וואָרום איך האָב די טבע צו זיין פאָרזיכטיג מיט פסוקים). איך רעכען, אַז אויב מען וואָלט קענען אומקעהרען זיך צו דעם שטאַנד, וואו די וועלט האָט געהאַלטען פאַר דער מלחמה, וואָלטען אַלע דערויף מסכים זיין, אַ סברא, אַז אַפילו ענגלאַנד און דייטשלאַנד אויך.

ליידער אָבער איז חרטה ניט מעשה סוחר און אויך ניט מעשה היסטאָריע. דאָס ראָד דרעהט זיך ניט צוריק און דער חורבן בלייבט אַ חורבן. זיינען אַלע חרוב געוואָרען, אי דער זיעגער, אי דער בעזיעגטער, אי דער וואָס האַלט אין אָנפאַלען, אי דער וואָס פערטהיידיגט זיך נאָר. איז חרוב געוואָרען בעלגיען, איז חרוב געוואָרען גאַליציען, פּוילען און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. עס איז אָנצונעהמען, אַז אויך ארץ־ישראל בכלל און דער אידישער ישוב בפרט האָט שטאַרק געליטען פון דער מלחמה. איך זאָג, דער אידישער ישוב בפרט, ווייל די אידען זיינען נאָך אין ארץ־ישראל אַ שוואַכער עלעמענט, וואָס האָט נאָך ניט קיין כח ביי־צושטעהן אַנטקעגען עלעמענטאַרע קאַטאַסטראָפעס.

און דאָך, ווען מען פרעגט מיך: וועל איך נאָך אויך היינט זאָגען „לוא ישמעאל יחיה לפניך", וועל איך נאָך אויך היינט זיך פערלאָזען אויפ'ן טערק. אויך היינט, נאָכדעם ווי דר. זשיטלאָווסקי, דער ראש המקוננים, האָט פערעפענטליכט זיין אַרטיקעל וועגען דעם „דריטען חורבן", וועל איך דערויף ענטפערען מיט פולען בעוואוסטזיין, אַז אַלס ציוניסט און אַלס א י ד האָב איך מיין

מיינונג ניט געענדערט אין דיעזען פונקט, וואָרום זי איז געגרינדעט ניט אויף איינצעלנע מאָמענטען און שטיצט זיך ניט אויף די ערפאַה־רונג פון די לעצטע געשעהעגישען. עס זיינען דאָ סימפּאַטיען, וועלכע האָבען טיעפע וואָרצלען. עס זיינען אויך דאָ היסטאָרישע חשבונות צווישען פאָלק און פאָלק, און מען קאָן זיי ניט מיט לייכטיגקייט אויסמעקען. דאָס פערהעלטניס צווישען די אידען און די מחמד'ישע אָטאָמאַנען דאַטירען ניט פון היינטיגען טאָג. די אידען פערגעסען ניט פריינדשאַפט און הכנסת אורחים און זיי געדענקען גאַנץ גוט, ווי די טערקיי האָט זיך צו זיי פערהאַלטען, ווען שפּאַניען האָט זיי פערטריאָגט.

אין די בעציהונגען צווישען די אידען און מחמדאַנער זיינען אפשר דאָ נאָך פיעל בעדייטענדערע מאָמענטען ווי דאַנקבאַרקייט פאַר פריינדשאַפט און הכנסת אורחים. עס איז געוועזן אַ צייט, ווען די אידען האָבען זיך געפיהלט מיט די אַראַבער טאַקע פער־וואַנדט, און די צייט געהערט גראַד צו די שעהנסטע און איידעלסטע תקופות פון אונזער גלות־געשיכטע. דאָס איז די אַראַביש־שפּאַנישע עפּאָכע. זי האָט אונז געגעבען די גרעסטע דיכטער נאָכ'ן תנ"ך און מאַנכע פון די פיינסטע שעפּפונגען פון אונזער פאָלקס־גייסט.

איך וועל ניט עובר זיין אויף די געצוואונגענע נייטראַליטעט און זאָג אַ וואָרט ניט, מיט וועמען עס ל ו י נ ט פאַר אונז צו האַלטען אין דער איצטיגער מלחמה. עס זיינען אָבער דאָ שאלות, וועלכע מען ריהרט גלייכער ניט אָן, וואָרים די נאַטור איז ניט אַ וואַארען־הויז, דאָס לעבען איז ניט אַ שטיקעל סחורה און פּאָליטיק איז ניט אַן אַריפמעטישע אויפגאַבע. עס זיינען דאָ סודות אין לעבען, עס זיינען דאָ בעהאַלטענע גאָרטענס, וואו עס וואַקסען אונזערע סימפּאַטיען און אויך אונזערע אַנטיפּאַטיען. דאָס איז דער נאַציאָנאַלער „פּרדס“, מען לאָזט ניט איטליכען אַריינגעהן אין פּרדס און טרעטען די בייטען.

דאָס אַלעס זאָג איך אַלס סתם אַ איד. אַלס פעראַנטוואָרט־ליכער ציוניסט געפין איך זיך ניט אין אַזאַ גינסטיגער לאַגע ווי די קריטיקער פון ציוניזם. אַלס ציוניסט פערגעס איך אויף איין מינוט ניט, אַז דער נייער ישוב האָט זיך ענטוויקעלט אין ארץ־ישראל

אונטער דער טערקישער הערשאפט. אונטער דער טערקישער הערשאפט זיינען ענטשטאנען עטליכע צעהנדליג קאָלאָניען, נייע שטעדטישע קווארטאלען און העברעאישע שולען. אונטער דער טער־קישער הערשאפט האָט זיך אויסגעבילדעט א נייע אידישעס לעבען, פון וועלכען די קריטיקער האָבען זי מיישב געווען צו קומען אין התפעלות ערשט נאָכ'ן דריטען חורבן.

פאר וואָס האָט זיך ניט אויסגעבילדעט אזא ריינעם אידישעס לעבען אין די אנדערע לענדער? עס איז דאָ דערויף א תירוץ, נאָר דער „פּראָגרעסיוו־נאציאָנאלער שטאנדפּונקט“ האָט פאר איהם מורא.

צוויי מינים פון גלות האָבען מיר. אין איין גלות ליידען מיר פון „מיתת חניקה“, מען ווערגט אונז פּשוט, מען שטיקט אונז. אין אנדערן גלות ליידען מיר פון „מיתה נשיקה“. מען קושט אונז אָפּטמאָל, אָבער קיין געזונד קומט דעם „פּראָגרעסיוו־נאציאָנאלען שטאנדפּונקט“ דערפון ניט צו. עס איז א ו י ש ק ה ו מיט פינ־טעלעך.

דר. זשיטלאָווסקי, דער קריטיקער פון ציוניסטישען געדאנק און דער מקונן פון דעם דריטען חורבן, פערפעהלט קיין מאָל ניט צו מאכען א „מי שברך“ דעם „פּראָגרעסיוו־נאציאָנאלען שטאנד־פּונקט“. מיר פערגינען דאָס איהם, דר. זשיטלאָווסקי'ן, פון גאנ־צען הארצען, אָבער ער האָט א טעות, ווען ער מיינט, אז דער ציוניזם איז צו פערפלאָנטערט. ניט פערפלאָנטערט איז ער, נאָר טיעף, ער האָט זיין יניקה טיעף, טיעף פון דער פאָלקס נשמה, און ווען מען וויל איהם פערשטעהן, מוז מען זיך גרונטעווען. דער ציוניזם איז געבויט דוקא אויף דעם פּראָגרעסיוו־נאציאָנאלען גע־דאנק, פון וועלכען דר. זשיטלאָווסקי איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע אפּאָסטעל. דער ציוניזם האָט זיך אָבער ניט אָבגע־שטעלט ביים פונדאמענט, ער איז געווען און איז געבליבען קאָנ־זעקווענט, ער איז ניט פויל און בויט ווייטער. און דוקא ווייל ער בויט, האָט ער געמוזט דורכמאכען אן ענטוויקלונג און אריינ־נעהמען אין זיך א העכערען אינהאלט.

און דאָ קום איך צו דעם הויפּט־אנגריף וואָס דר. זשיט־

לאָווסקי מאַכט אויף דעם ציוניזם. ער זאָגט, אַז „קיין איד, — סיידען דער, וואָס וויל בלינדערהייט געהן אויף מסירת נפש, — וועט מעהר ניט געהן קיין ארץ־ישראל, כל זמן ארץ־ישראל וועט זיין אין די הענד פון דער טערקיי און כל־זמן די אידישע קאָלאָ־ניזאַציע וועט ניט אַרומגעשטעלט ווערען מיט זיכערע, פעסטע, רעכטליכע און מאַכטליכע גאַראַנטיען, אויב דאָס איז מעגליך איבערהויפּט".

מיר שיינט, אַז אין לעצטען זאַץ „אויב דאָס איז מעגליך איבערהויפּט" ליעגט דער שווערפּונקט פון גאַנצען אַנגריף.

דער אַנגריף אין אַלגעמיין קלינגט עפּעס ווי אַ מין חרם דרבנו גרשם. היות ווי דער ישוב איז חרוב און מיר האָבען שוין אָבגעזאָגט קינות נאָך איהם, איז מען מתרה דעם עולם, מען זאָל זיך ניט לאָזען געהן. עס פעהלט נאָר דער סוף: ולהשומע יונעם. וועגען דיעזען פּונקט וועל איך נאָך שרייבען.

מיר האָבען זיך דערלעבט צייטען. דר. זשיטלאָווסקי האָט זיך דערשראָקען פאַר „מסירת נפש".

אַמאָל, גאָר אַמאָל, ווען דער חורבן איז טאַקע געוועזען אַן אמת'ער, ניט ווי ער איז איצט אויסגעמאָלט אין די ענגלישע בעריכטען, האָבען אונזערע זיידעס ניט אַרויסגעגעבען קיין חרם, נאָר זיי האָבען געשוואָרען. זייער שבועה איז בעקאַנט אַלע אידען, וואָס קענען די ווערטער פון „על נהרות בבל". אַ הייליגע שבועה. פיעלייכט די הייליגסטע, וואָס אַ פאָלק האָט ווען געשאַפען. און דורות נאָך דורות חזר'ען מיר איבער די שבועה, און זי איז אַריין אין אונזער פלייש און בלוט און זי וועט אונז צווינגען אויף צו מסירת נפש.

איך וועל אויסזאָגען אַ סוד דר. זשיטלאָווסקי'ן: אויך ביז אַהער האָט מען אָהן מסירת־נפש ניט געקאָנט געהן אין ארץ־ישראל, און די וואָס זיינען געגאַנגען אַהין האָבען דאָס געוואוסט. זיי האָבען דאָס אפשר קיינעם ניט אויסגעזאָגט, וואָרים עס זיינען פאַרהאַנען זאַכען, וועגען וועלכע מען רעדט ניט, מען טהוט זיי.

און נאָך אַ סוד וועל איך אויסזאָגען. טאָמער חלילה וועלען אונזערע שורות שיטערער ווערען נאָך דער מלחמה, האָבען מיר גענוג רעזערווען, וואָס וועלען פערנעהמען דעם פּלאַץ פון די פעה־

לענדע. מיר וועלען זיי ניט דארפען דינגען, ווי עס טהוען אנדערע מלוכות, זיי וועלען אליין קומען.

וואָרום שטארק איז דער ציוניזם. זיין פונדאמענט איז דער פעסטער פראָגרעסיוו־נאציאָנאלער געדאנק, זיין שטימונג איז די שבועה פון „על נהרות בבל“.

## III.

דער לעגענדארער „פעניקס“ ווערט ניי־געבאָרען פון זיין איינענעם אש. מען פערברענט איהם און ער שטעהט אויף תחית המתים. דער אגדיסטישער „סאלאמאנדער“ קומט ארויס פון פייער, און דער „טשארטער“ איז אויסגעגראָבען געוואָרען פון אונטער „דעם דריטען חורבן“ פון דר. זשיטלאָווסקי. איך מיין פון אונטער דעם דריטען חורבן פון ארץ ישראל, איבער וועלכען דר. זשיט־לאָווסקי האָט געשריבען זיינע קינות־ארטיקעל.

„דער דריטער חורבן איז א צו שרעקליכע טראגעדיע, ביי איינעם זאָל זיך הויבען די האנד צו בויען א פערטען“. מיט די ווערטער שליעסט דר. זשיטלאָווסקי זיין ארטיקעל. מיט די ווער־טער פערקלאפט ער דעם אָרון און לאָזט איהם אראָב אין דער ערד. דעם „רבנן קדיש“ לאָזט ער איבער זיין חבר אין דער רעדאקציע, וועלכער הויבט אָן זיין נייע קינה מיט דעם, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט אויסגעלאָזען. ער שרייבט איבער „די טראגעדיע פון דעם ציוניזם“. מען לאָזט אונז גאָר ניט כאפען דעם אָטהעם, א קלאפ נאָך א קלאפ, א קינה נאָך א קינה, א הספד נאָך א הספד.

„דער דריטער חורבן איז א צו שרעקליכע טראגעדיע, ביי איינעם זאָל זיך הויבען די האנד צו בויען א פערטען“. ווי מען קען בויען א חורבן בלייבט פאר מיר א רעטעניש. א חורבן קען מען מאכען, מען קע פאָרבערייטען פ א ר א חורבן, אָבער א חורבן ב ו י ע ן ענטהאלט אין זיך א ווידערשפרוך, וואָרים דער חורבן איז א פראָדוקט פון צושטערונגס־ארבייט. איך האָב זיך אָבגע־שטעלט אויף דעם סטיליסטישען פעהלער, ווען איך האָב אפילו גאנץ גוט פערשטאנען דר. זשיטלאָווסקי׳ס כונה, ווייל איך מיין, אז די גאנצע קריטיק פון דר. זשיטלאָווסקי, זיין גאנצע אָנשטרענגונג

צו אַנאַליזירען איז אויך מעהר ניט, ווי אַ צושטערונגס־אַרבייט, און אויב ד אָ ס ווערט ביי איהם בעטראַכט ווי ב ו י ע ן, האָט ער רעכט געהאַט מיט זיין אויסדרוק: ע ר ב ו י ט א ח ו ר ב ן.

ער פּרעדיגט צו די אידען, זיי זאָלען זיך ניט פערלאָזען אויף זייער אייגענער קראַפט, זיי זאָלען ניט בויען זייער צוקונפט אויף דעם פּרינציפּ פון זעלבסט־הילפע. ניין, די אידען מוזען זוכען „אַ שטאַרקע מאַכט, וואָס זאָל זיין פעראינטערעסירט, אַז די רעכטליכע גאַראַנטיע, ד. ה. דער טשאַרטער זאָל אָבגעהיט ווערען“. דר. זשיטלאָווסקי איז אַ הייסער פּאַטריאָט, און ער וויל האָבען ערבות פאַר די צוקונפט פון זיין פאָלק. ער וויל שאַפען אַ צוקונפט מיט צווייפאַכער פערזיכערונג, אי פון פייער, אי פון גנבה וגזלה. דער־ריבער מוז דער ערב, דער, ביי וועמען מען פערזיכערט, זיין שטאַרק און מעכטיג, אַז די גאַנצע וועלט זאָל פאַר איהם ציטערען. ער מוז זיין דער עוג מלך הבשן און ניט שמשון הגבור, וואָרים שמשון איז דאָך פאָרט אַ איד, און דר. זשיטלאָווסקי גלויבט ניט אין די ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג ע אידישע פּאָטענצען. ער זוכט אַ פרעמדען.

איז דאָס ניט די ש י ט ה, אנטקעגען וועלכער דר. זשיט־לאָווסקי אליין האָט זיין גאַנצעס לעבען געפיהרט מלחמה? איז דאָס ניט, אין תוך גענומען, די א ל ט ע, לאַנג־פערבראַקירטע פּסיכאָלאָגיע פון דעם אידען, וואָס האָט זיך צוגעוועהנט צו אַ מחיצה, אַ מחיצה צווישען איהם און זיין גאָט — דאָס איז דער פּריץ, אַ מחיצה צווישען איהם און זיין אייגענער צוקונפט — דאָס איז דער שוץ פון דער הערשענדער נאַציאָן?

און ווי קען מען קומען איצט, נאָכדעם ווי בעלגיען איז חרוב געוואָרען, און רעדען מכח פּאַפּירענע גאַראַנטיען? בעלגיען האָט זיך געהאַלטען ניט אויפ'ן גרונד פון אַ טשאַרטער; בעלגיען איז גע־ווען אַ זעלבסטשטענדיגע מדינה, צו מדינות גלייך. אלס צוגאָב האָט בעלגיען געהאַט נאָך אַזאַ מין טשאַרטער, פון וועלכען דר. זשיט־לאָווסקי קאָן גאָר ניט חלום'ען. אלע גרויסמעכטע האָבען זיך גע'חתמ'עט אויף אַ כתב צו היטען און צו שיצען דאָס קליינע, פלייסיגע און אַרבייטענדע מדינה'לע. דריי גרויסמעכטע האָבען איהר פערשפּראָכען הילפע נאָך אַ מינוט פאַר דער מלחמה.

און וואָס האָט דאָס אַלעס געהאָלפען ?

און פאַר וואָס ווענדט זיך דר. זשיטלאָווסקי מיט זיין פּרעדיגט דוקא צו די אידען ? פאַר וואָס איז ער ניט קאָנסעקווענט און ווענדט זיך ניט אויך צו די בעלגיער, למשל :

הערט צו צו מיר, ליעבע בעלגיער, פערנעהמט די ווערטער פון מיין צונג. פריינדשאַפט רעדט פון מיין אינערען, מיין עצה איז געגרינדעט אויף אמת. איהר האָט איצט דורכגעמאַכט אַ שרעקליכען חורבן. אייערע שטעדט זיינען צושטערט פון שונא, אייערע בעסטע זיהן האָבען געפונען אַ קאַלטען קבר אויף די שלאַכט־פעלדער, און הונדערט טויזענדע פון אייך זיינען פערוואָגעלט געוואָרען. שרעקליך איז אייער ערשטער חורבן, און ביי קיינעם פון אייך זאָל זיך ניט הויבען די האַנד צו בויען אַ צווייטען !

סיידען איהר וועט קריגען אַ טשאַרטער פון אַ שטאַרקער מאַכט, וואָס זאָל זיין פעראינטערעסירט, אַז די רעכטליכע גאַראַנטיע זאָל אָבגעהיט ווערען. פערלאָזט זיך אָבער ניט אויף ענגלאַנד, פראַנקרייך און רוסלאַנד, וואָרים זייער שטיצע איז די שטיצע פון אַ צובראָכענעם ראָהר־שטאָק. זוכט אַ שטאַרקערע מאַכט.

און ניט נאָר צו די בעלגיער אַליין. עס איז דאָ נאָך אַ גוטער צעהנדליג קליינע נאַציאָנען, צו וועלכע דר. זשיטלאָווסקי קען זיך ווענדען מיט זיין פּרעדיגט.

ער וועט זיך אָבער היטען. צו א ו נ ז קומט ער מיט איהר.

דר. זשיטלאָווסקי האָט אפשר שטודירט די ציוניסטישע ליטעראַטור, ער האָט אָבער דעם ציוניזם ניט געלעבט ; ער האָט ניט דורכגעמאַכט די זעעלישע מלחמות, וואָס די ציוניסטען האָבען דורכגעמאַכט. ער האָט זיך ניט געראַנגעלט, ער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ווי אַ צושויער, ווי אַ קאַלטער קריטיקער פון אייטען.

מיר ציוניסטען האָבען געלעבט די טשאַרטער־עפּאָכע אין ציוניזם, ווען דער שווערפּונקט פון דער גאַנצער אידעע כמעט איז געווען פערקראָכען אין טשאַרטער. איך וויל זיך קלאָרער אויסדריקען : ווען מען האָט געגלויבט, אַז נ אָ ר דורך אַ טשאַרטער קאָן דער ציוניזם פערווירקליכט ווערען. מיר האָבען אָבער אויך געפיהלט די סכנה, אין וועלכע דער ציוניזם קאָן פערוויקעלט

ווערען, ווען מיר זאָלען זיך ניט בעפרייען פון דער אַליין־הערשאַפט פון דעם טשאַרטעריזם. דער טשאַרטעריזם האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָליטישען אָדער ריכטיגער אַ דיפּלאָמאַטישען משיח. און ווי אַמאָל פלעגט מען וואַרפען די ג א נ צ ע האָפ־נונג אויף דעם צדיק, אַז ער וועט מיט ז י י ן זכות אַראָבברענגען משיח'ען, אַזוי איז אויך איצט ענטשטאַנען אַ געוויסע שוואַכקייט אין דער ציוניסטישער ענערגיע. מען האָט אויסגעאַרבייט אַ גע־פעהרליכע טהעאָריע: איצט זיצען און וואַרטען, ב ו י ע ן וועלען מיר אָנהויבען נאָך דעם טשאַרטער.

און עס איז געווען אַ נויטווענדיגקייט פאַר דעם גאַנצען קיום פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן, אַז דער טשאַרטעריזם זאָל אַראָב פון זיין טהראָן, און די אָרגאַניזאַציאָן זאָל בעקומען אַן אַנדער פּלאַטץ.

ניט די געגנער פון טשאַרטעריזם האָבען איהם געפיהרט צו דער קבורה, דאָס האָט דוקא געטהאָן איינער פון זיינע געוועזענע אַנהענגער אויפ'ן אַכטען קאָנגרעס, דוקא אַ מאַן, צו וועמעס וואָרט די טשאַרטעריסטען האָבען דאָס גרעסטע פערטרויען. מיר האָבען דעם טשאַרטעריזם ניט בעגראָבען, נאָר אָבגערוקט איהם אויף אַן אַנדער פּלאַץ.

מיר האָבען גע'טענה'ט: עס איז צו פריה צו רעדען מכח אַ טשאַרטער. מיר מוזען צוערשט האַלטען עקזאַמען, בעווייזען אונז אַליין קודם כל און אויך דער איבעריגער וועלט, אַז מיר פער־שטעהען די העכסטע קונסט צו שאַפען אַן אייגען לעבען. מיר האָבען גע'טענה'ט, אַז בויען מוז מען פ א ר אַ טשאַרטער און ניט נאָך דעם טשאַרטער. מיר האָבען פערשטאַנען דעם ציוניזם ווי אַן אָרגאַנישען פּראָצעס. מיר האָבען זיך געוואָלט שטיצען ניט נאָר אויף דאָס רעכט פון דער היסטאָרישער מסורה, נאָך אויך אויף אונזער רעכט אין דער געגענוואַרט. מיר האָבען פערשטאַנען, אַז פאַר אונזערע שעהנע אויגען וועט מען אונז ארץ־ישראל ניט שענקען, און מיר האָבען געזוכט ממשות'דיגע זכיות. מיר האָבען זיי אויסגעגראָבען מיט אונזער אַקער־אייזען אויף די אידישע פעל־

דער און וויין־גאָרטענס, מיר האָבען זיי ערוואָרבען דורך צעהנדליגע יאָהרען פון פּיאָניר־ארבייט.

און פערשטעהט דען ניט דר. זשיטלאָווסקי, אז ווען רעגיע־רונגען ברענגען איצט אין פערבינדונג דעם אידישען גורל מיט ארץ־ישראל, איז דאָס ניט געשעהן גלאט אזוי זיך. דאָס קען געשעהן נאָר דורך די ארבייט פון דעם נייעם ישוב. ער האָט געבויט און געשמידט דעם הסכם פון די מדינות.

אלץ, וואָס עקזיסטירט, קאָן חרוב ווערען. ניט נאָר דער נייער ישוב, נאָר אפילו בעלגיען, און נאָך גרעסערע מדינות.

איינס קאָן אָבער ניט חרוב ווערען, אפילו אין דעם נייעם ישוב. דאָס זיינען די היסטאָרישע רעזולטאטען פון דעם עפענט־ליכען עקזאמען, וואָס אונזער אויפלעבענד פאָלק האָט בעשטאנען. דאָס איז קאפּיטאל, דאָס איז ענערגיע, וועלכע האָט זיך פערוואנ־דעלט אין נ א צ י אָ נ א ל ־ פערמעגען.

איך געדענק, ווען דער ציוניזם איז נאָך געלעגען אין די וויקעלעך, פלעגען איהם זיינע געגנער מקבר זיין אלע מאָנטאג און דאָנערשטאג. ערשטענס, פלעגען זיי זאָגען, איז ער אין גאנצען מעהר ניט ווי א שווינדעל, צווייטענס איז ער צו שוואך, דריטענס שטערט ער אונז, און פערטענס — לאָמיר איהם מאכען א לויה, זאָלען זיך די ציוניסטען דערשרעקען. און מערקווירדיג, אויך אמאָל פלעגען צו דער לויה די געגנער פון ציוניזם ווערען מיט אמאָל אזוי צארט אין זייערע געפיהלען. זיי פלעגען אָפטמאָל אפילו דערצעהלען זיינע שבחים.

מיר ציוניסטען האָבען אין דער טאקטיק געזעהן א בעליי־דיגונג. עס ווערט דערצעהלט, אז צו יעקב אָבינו׳ס לויה האָט מען ניט געוואוסט, אין וועלכען סדר זאָלען די שבטים טראָגען די מטה. און זיי האָבען פערנומען א שטימע: טראָגט אייער טאטען נאָך דעם גראד פון אייער ליעבע צו איהם, בשעת ער האָט געלעבט.

איז, חלילה, חרוב געוואָרען דער נייער ישוב, בעטען מיר אייך, „פריינד“, פערגיסט ניט קיין טרעהרען, זאָגט ניט קיין קינות.

עס וועלען קומען די קינדער, זיינע א י י ג ע נ ע קינדער, זיי וועלען איהם טראָגען צו זיין אייביגער רוה.

ירמיה האָט מחבר געווען די קינות אויף דעם ערשטען חורבן, און זיי האָבען זייער קראַפט נאָך ניט פערלאָרען עד היום הזה.

עס וואָלט אָבער געווען א טעות צו מיינען, אז יעדער, וואָס מאַכט קינות, ווערט א ירמיה.

ירמיה איז געווען גרויס אין זיין טרויער, נאָך גרעסער איז ער אָבער געווען אין זיין האָפנונג און נאָך גרעסער אין דער קראַפט פון זיין ערמונטערונג.

ניט נאָר אין ארץ ישראל — די גאַנצע אידישע וועלט איז דורך דער מלחמה דערשיטערט געוואָרען. א גרויסער חלק פון דעם וואָס אונזער פאָלק האָט מיט אזוי פיעל מיה געשאַפען, איז צו־שטערט געוואָרען. מיר האָבען שוין פיעל פערלאָרען און מיר ווייסען נאָך ניט, וואָס עס וועט אונז ברענגען דער מאָרגען.

און עס איז דער הייליגסטער חוב פון אונזערע וואָרט־פיהרער, פון די, וואָס האָבען דאָס גליק משפיע צו זיין אויף א געוויסער סביבה, גרעסער אָדער קלענער, זעהן צו דערהאַלטען די האָפנונג אין פאָלק, צו שטאַרקען זיין בטחון אין זיין אייגענער קראַפט און אין זיין א י י ג ע נ ע ר צוקונפט.

א שווערע אויפגאַבע, אָבער די איינציג ווירדיגע!

28 יאנואר, 1915.

# די צווייערליי מדרגות פון אַ גלות־פאָלק.

עס שרייבט מיר א פריינד פון ענגלאַנד:

„וואָלסט דו נאָר געזעהן, ווי עס פיהרען זיך אויף די רייכע בעלגיער, וועלכע זיינען געקומען איבער ענגלאַנד, הויפטזעכליך איבער לאָנדאָן, ווי אַ געוויסער. זיי פערנעהמען די פיינסטע האָטעלס און קומען יעדען טאָג צו דער הויפט סעודה אויסגעפוצט נאָך דער לעצטער מאָדע, די מענער אין פראַק און לאַקיר־שיך, די פרויען אין זייד און פלוש, דעקאָלטירט נאָך אלע תגין, גליין ווי בעלגיען, דאָס ארבייטענדע, קאָכעדיגע, לוסטיגע און פרעהליכע מדינה'לע וואָלט גאָר ניט דורכגעמאַכט קיין חורבן, גלייך ווי די בעלגישע פאָהן האָט זיך ניט איינגעבויגען אין צווייען פאַר דעם דייטשען אָדלער, גלייך ווי די פיינסטע פאַלאַצען פון דער רייצענ־דער שעהנהייט בריסעל און פון דער חנ'עוודיגער שטאָדט ליעזש זיינען גאָר ניט בעזעצט געוואָרען פון פרעמדע אָפיצירען און בע־אמטע, גלייך ווי אין לאַנד איז גאָר ניט געקומען דער עראָבערער, דער זיעגרייכער שונא. איז דאָס דען ניט שרעקליך. דער עראָבערער איז פרעמד אין דער נייער מדינה. די מדינה, מענשען, זיטען, מנהגים זיינען פאַר איהם פרעמד. פאַר'ן עראָבערער עקזיסטירט ניט די מסורה, די טראַדיציע, וועלכע איז דאָך סוף כל סוף די איינציגע פערבינדענדע קראַפט צווישען דור און דור, תקופה און תקופה. דער עראָבערער ברענגט מיט זיך זיינע דינים, זיינע אייגענע מנהגים, זיין אייגענעם געשמאַק, ער זוכט ווי אומצוגעשטאַלטען, ווי אומ־צוענדערען. איז דאָס דען ניט שרעקליך?

„און די קאַלטבלוטיגע בעלגיער. איך קאָן זיי פשוט ניט בעגרייפען. ווי צושפּרינגט אין זיי ניט. דאָס הארץ, ווי ליעגט זיי נאָך אין קאָפּ אָנצוטהאָן די יום־טוב'דיגע קליידער, ווי קענען זיי זיך נאָך פּוצען. זעק האָבען זיי געדאַרפט ארויפציהען אויף

זייערע לייבער, מיט אש בעשיטען די קעפּ, זעצען זיך ווי עס זיצען אבלים און זאָגען קינות אויף זייער גרויסען חורבן.

„דערמאָן זיך נאָר. א ו נ ז ע ר חורבן איז אַלט. מיט טויזענדער פון יאָהרען צוריק איז צושטערט געוואָרען אונזער טעמ־פעל. מיר האָבען זיך שוין כמעט פערגעסען, ווי אונזער הער־ליכקייט האָט אמאָל אויסגעזעהן. ווייסט דו, פריינד, אָפּטמאָל גלויבט עס זיך מיר גאָר ניט, אַז מיר האָבען טאַקע באמת געוועלטיגט איבער אַ ן א י י ג ע נ ע ר מדינה, אַז אונזער פאָלק האָט גע־לעבט נאָך דעם וואונש פון זיין אייגענער נשמה, זיך פאַר קיינעם ניט געבוקט, קיינעם ניט נאָכגעמאכט, זיך געליעבט ז י י ן לאַנד אָט ווי גאָט האָט געבאָטען. גאָר אָפּטמאָל דוכט זיך מיר אויס, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי אַן אַלטער חלום. ער האָט זיך אמאָל גע׳חלומ׳ט אונזערע עלטער־זיידעס, זיי האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן איהם, אָן דעם חלום, און זיי האָבען איהם דערצעהלט זייערע קינדער, און די קינדער די קינדס־קינדער. דער גלות איז ביטער, טראַכטען זיי זיך, דער חלום וועט וועקען האָפנונג, די האָפנונגען וועלען זיך אָנזאמלען אין דעם משך פון דורות און צום סוף וועט קומען דער גליקליכער דור מיט זיין אייגענעם בן־יוסף, און ער וועט פותר זיין דעם חלום.

„דערמאָן זיך נאָר. א ו נ ז ע ר צער איז אַלט, דורך דורות איז אויסגעוועפּט געוואָרען זיין קראַפט — און דאָך לעבען מיר נאָך ביז היינטיגען טאָג ווי אבלים. געדענקסט דו די „דריי וואָכען“, די „ניין טעג“ און דעם „תשעה באָב“ אליין ? געדענקסט דו דעם זיידען׳ס הויז, דעם גלעזערנעם גאַנעק און די שעהנע, העלע, ליכטיגע חדרים, און אין איטליכען חדר איבער׳ן טהיר אַ גרויסער, פיער־קאַנטיגער פלעק, ניט געקאַלכט, ניט בעקלעבט : דאָס איז דער „זכר לחורבן“, דער סימן פון אבלות ? היינט געדענקסט דו דעם „שבת חזון“, ווען די שעהנסטע בעלי בתים פלעגען געהן געקליידעט גאָר וואָכעדיג, אפילו קיין העמד ניט איבערגעביטען ? היינט געדענקסט דו, וואָס פאַר אַן אומעט עס פלעגט זיך אראָב־לאָזען איבער גרויס און קליין, ווען דער בעל־קריאה פלעגט מיט אמאָל איבערגעהן צו דעם ניגון פון „איכה“ ביים פסוק „איכה

אשא לבדי טרחכם ומשאכם ?“ היינט געדענקסט דו דעם הייליגען שוידער, וואָס פלעגט אָנכאַפּען אַלעמען צו „ארזי הלבנון ?“

„אָט אַזוי ברענט ביי אונז דער היסטאָרישער שמערץ. ער־קלעהר־זשע מיר, איך בעט דיך, זיינען מיר טאַקע צולאָזען, זיינען מיר טאַקע אַנדערש ווי די אַנדערע, האָבען אונז טאַקע פערצויגען אונזערע נביאים, וואָס פלעגען צווישען איין שטראָף־רעדע און דער אַנדער שטראָף־רעדע אונז אַ גלעט טהאָן פאר'ן באק, ווי מען גלעט אַ בן־יחיד'על ? האָבען טאַקע אויף אונז געווירקט פּסוקים ווי „הבן יקיר לי אפרים ילד שעשועים“, ווי דער „זיידע“ טייטשט דאָס איין: „אַ טהייער זוהנדעל איז ער מיר אפרים, אַ קינד אַ צאַצקע“ ?

„זעה קוק אויף די בעלגיער. די וואונדען זיינען פריש, און נאָך וואָס פאר וואונדען, און זיי, די בעלגיער, פּוצען זיך אויס, און זייערע פרויען זיינען נאָך דעקאָלטירט, גלייך ווי ניט זיי מיינט מען ?“

אַזוי שרייבט מיר מיין פריינד פון ענגלאַנד. ער שטעלט אַ האַרבע קשיא, און דאָך זעהט זי אויס האַרב נאָר אין פלוג.

קאָן מען דען רעדען וועגען אונפּאַטריאָטישע אָדער גאָר קאַלט־בלוטיגע בעלגיער, ווען מיר זעהען, מיט וואָס פאַר אַ מוטה, מיט וואָס פאַר אַ פערצווייפלונג זיי קעמפּפען נאָך איצט. זיי זיינען ענטשלאָסען ניט אונטערצוגעבען זיך ביז צום לעצטען סאָלדאַט, ביז צום לעצטען טראָפּען בלוט. זיי האָבען זייער „התקוה“ און ציהען אין שלאַכט מיט דעם הייליגען פערז: „נאָר מיט דעם לעצ־טען בעלגיער איז אונזער לעצטע האָפנונג !“ בעוואונדערען מוז מען זיי, זייער העלדענמוטה, זייער מסירת־נפש.

קאָן מען אפשר מיינען: דאָס זיינען די קעמפּפער, דאָס זיינען די אמת'ע פאָלקס־זיהן, אָבער די אַנדערע, די אַנטלאָפענע, זיינען די שוואַכע עלעמענטען און דעריבער פיהלען זיי ניט אַזוי דעם פאָלק'ס צער, דעריבער זיינען זיי ניט צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען אונטער דער משא פון פאָלק'ס חורבן. זיי זיינען די א י י נ־צ ע ל נ ע, און יעדער פון זיי זוכט רעטונג פאר זיך, פאַר זיך אַליין ?

דאָס וואָלט אָבער אויך געווען אַ טעות. דאָס וואָלט געווען אַ ניט־בעגרינדעטער אורטהייל, אַ ניט־פערדיענטער פאָרוואורף, וועלכען קיינער האָט קיין רעכט ניט צו מאַכען צו די אַנטרונענע בעלגיער. זיי זיינען ניט שוואַכער אין זייערע פאַטריאָטישע געפיהלען פאַר זייערע קעמפפענדע ברידער, זיי זיינען ניט עגאָאיסטישער, און ווען דער גורל וואָלט געפאַלען אויף זיי, וואָלטען זיי מיט דעם זעלבען אָפּפער־מוטה מקריב געווען זייער לעבען, ווי עס טהוען דאָס איצט זייערע העלדישע ברידער אויף די שלאַכט־פעלדער.

אָבער מען זאָל ניט מיינען, אַז עס איז אַזוי לייכט צו מאַכען אַ הסכם, אַפילו ביי זיך אַליין, אַז מען איז ח ר ו ב. מען זאָל ניט מיינען, אַז דער איבערגאַנג פון אַ זעלבסטשטענדיגער, פרייער פסיכאָלאָגיע צו אַ גלות־פסיכאָלאָגיע קאָן געשעהן מיט איין מאָל, אָט פון היינט אויף מאָרגען. דער שונא קאָן חרוב מאַכען דאָס לאַנד, צושטערען פאַלאַצען, פערברענען הייזער, אומברענגען מענשען, אָבער עס איז דאָ עטוואָס ביי יעהעם פאָלק, איבער וואָס דער שונא האָט קיין שליטה ניט. עס איז דאָ דער ג י י ס ט פון פאָלק, דער איינהייטליכער גייסט, וועלכער דריקט זיך אויס אויף טויזענדערליי אופנים אין אַלע שעפּפונגען פון פאָלק, אין סדר פון לעבען, — מיר רופען דאָס קאָנסטיטוציאָן, — אין קונסט, ליטעראַטור, אין מנהג און געשמאַק. זיינען דאָ פּראָדוקטען פון גייסט, וועלכע דער שונא קאָן צושטערען, זיינען דאָ אַנדערע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען געשיצט אפילו פון גרעסטען שונא — העכער פון זיי שטעהט דער גייסט אַליין, ער קאָן קיין מאָל ניט איינגענומען ווערען. אייזען קאָן איהם ניט שניידען, קוילען קאָנען איהם ניט דורכלעכערן, „וואַסער קאָן איהם ניט אויסלעשען“ און „טייכען קאָנען איהם ניט פערפלייצען“.

יעדע אומה האָט איהר „שכינה“. זי איז די בעשיצערין, די העכסטע בעשיצערין פון פאָלקס־גייסט. און כל זמן די שכינה האָט זיך ניט אָבגעטהאָן, גיט דאָס פאָלק די האָפנונג ניט אויף. דורך דעם „גלות השכינה“ קומט ערשט דאָס פאָלק ל אַ נ ג ז אַ ם צו דער אנערקענונג פון אַ י י ג ע נ ע ם גלות, צו דער אנערקע־

נונג פון דעם פשוט'ען, ממשות'דיגען גלות. דאָס פאָלק וויל שאַפען, וויל זיך אויסלעבען מיט דער אמאָליגער אונגעבראָכענער קראַפט, און דאָ פיהלט עס, עס פעהלט עטוואָס, עפּעס איז דאָ א מניעה, עפּעס זיינען דאָ שטערונגען, עפּעס איז דאָ א געגענקראַפט. און עס הויבט אָן צו מאַכען הנחות, א מדרגה נאָך א מדרגה. דאָ הויבט זיך ערשט אָן דער גלות, דאָ הויבען זיך אָן די זעעלישע יסורים, מען פיהלט זיך ג ע ב ו נ ד ע ן, ארומגערינגעלט פון פלשתים...

אויך די „שכינה“ וואַנדערט ניט אויס מיט אמאָל. זי ראַנגעלט זיך מיט זיך אליין, איידער זי געהט אין גלות. איידער א ו נ ז ע ר „שכינה“ האָט אויסגעוואַנדערט מיט אונז, — אזוי דערצעהלט אונז אָן אלטע אגדה, — האָט זי געמאַכט צעהן נסיעות: פון דעם אָרון אויף די בדים, פון די בדים אויף די כרובים, פון די כרובים אויף דעם מזבח און אזוי ווייטער, ביז זי איז געקומען צום הר הבית, און פון דאָרט האָט זי צוזאַמען מיט אונז אויסגעוואַנדערט אין די גלות־לענדער...

מיר דאַרפען בשום אופן ניט פעראורטהיילען די בעלגיער אין לאָנדאָן און אין אנדערע ערטער, וועלכע פיהרען זיך נאָך אויף ווי שטאָלצע קינדער פון א שטאָלצען פאָלק און ציהען אויף זיך אין דער פרעמד ניט ארויף דעם חורבן. מיר טאָרען זיי ניט חושד זיין, אז זיי פיהלען ניט גענוג טיעף זייער נאציאָנאלען שמערץ, מיר טאָרען זיי ניט בעליידיגען. און אזא בעשולדיגונג וואָלט געווען די גרעסטע בעליידיגונג פאר זיי.

מיר דאַרפען זיי מעהר ניט ווי פערשטעהן און מיטפיהלען מיט זיי אין זייער צער.

ווער וויים, אפשר האָבען זיך גאָר אמאָל אונזערע עלטער־זיידעס בשעת'ן חורבן אויך אזוי בענומען.

בעסער בלייבען שטאָלץ און שמיעדען געדאַנקען ווי אזוי צו דערלאַנגען די פערלאָרענע פרייהייט.

4 פעברואַר, 1915.

# אונזער בילדונגס־נויט

נאָך דעם אופן, ווי אַ פאָלק פערהאַלט זיך צו זיין יוגענד און צו אַלע פראגען, וואָס זיינען פערבונדען מיט דער פאָרבערייטונג פון דער יוגענד צום פראקטישען לעבען, קאָן מען אורטהיילען איבער דעם קולטור־שטאַנד פון דעם בעטרעפענדען פאָלק. וואָס העכער דער קולטור־שטאַנד איז, שטייגען אַלץ מעהר די זאָרגען פון פאָלק פאַר די ערציהונג פון דער יוגענד. מען פערלאָזט זיך ניט אויף די ירושה, וואָס דער אַלטער דור גיט איבער דעם נייעם, מען זוכט מיטלען, אַז דער נייער דור זאָל אויפ׳ן אייגענעם חשבון און דורך זיינע אייגענע קרעפטען קאָנען פערמעהרען דאָס פאָלקס־פערמעגען. עס טאָר ניט געבען קיין שטילשטאַנד אין דער ענט־וויקלונג, וואָרים יעדער שטילשטאַנד איז אַ ריקשריט, מחמת דעם איינעם, וואָס עס זיינען דאָ פעלקער, וועלכע שטעהען ניט אויף איין אָרט, וועלכע מאַכען שטענדיג פאָרטשריט און בעוועגען זיך אָהן הפסקות אימער פאָרוועררטס. וויל מען ניט בלייבען פון הינ־טען, מוז מען האַלטען שריט, מוז מען שטענדיג מאַרשירען און אויסנוצען אַלע כחות צו דערגרייכען די העכסט מעגליכע שטופע פון פראָגרעס.

מען קאָן ניט מעהר אָבטהיילען אין לעבען פון די פעלקער די עקאָנאָמישע זייט פון דער ציוויליזאַטאָרישער, און די ציוויליזאַ־טאָרישע פון דער קולטורעלער. דער וואָהלשטאַנד פון אַ פאָלק הענגט ניט מעהר אָב פון דעם פליים פון דעם איינצעלנעם אָדער פון די בעשעפטיגונגס־צווייגען, פון וועלכע דאָס פאָלק ציהט חיונה. אין גרויסען וועלט־קריעג, אין גרויסען קאַמפף פון די פעלקער פאַר דאָס דאַזיין, פאַר דעם קיום, איז ד ע ר מנצח, ווער עס האָט אַ געבילדעטע יוגענד, ווער עס איז דורכגעגאַנגען אַ בעסערען חדר און אַרויסגעטראָגען פון חדר שאַרפערע כלי־זיין.

ניט פון קרופּס קאַנאָנען שטאַמט דייטשלאַנד׳ס גרויסקייט,
ניט דורך מיליטערישע אויסבילדונג האָט דייטשלאַנד איינגענומען
אין די לעצטע פאַר דורות אַזאַ וויכטיגע פּאָזיציאָן צווישען די
פיהרענדע מדינות. אַזוינע מעשיות קאָן מען דערצעהלען נאָר אין
מלחמה־צייט, ווען מען איז פערבלענדעט און מען וויל זעהן נאָר
די ש ט ע כ ע ד י ג ע זייט פון דער געשיכטע. דייטשלאַנד איז
גרויס געוואָרען, ווייל דאָס פאָלק האָט זיך פערטיעפט אין די
וויסענשאַפט, ווייל עס האָט געשטרעבט דורות־לאַנג נאָך אַ הויכען
ציעל, אַז די וויסענשאַפט, ווי ווייט מעגליך, זאָל אַריינדרינגען אין
אַ ל ע פאָלקס־קלאַסען, ווייל עס האָט אויסגעבויט די ב ע ס ט ע
פ אָ ל ק ס ש ו ל, און נאָך דער פאָלקסשול די מיטעלשולען און אויך
די העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטען האָבען בעקומען אַ וועלט־נאָמען,
און פון אַלע עקען האָבען זיך געצויגען צו זיי יונגע און דערוואַק־
סענע תלמידים. דערין, און נאָר דערין ליעגט דער סוד פון דייטש־
לאַנד׳ס שנעלער ענטוויקלונג.

יעדער, ווער עס האָט נאָר געהאַט צו טהאָן מיט אַרבייטער,
ווייס, אַז איין דייטשער אַרבייטער בעשטעהט אין זיין לייסטונג
פאַר צוויי און אָפטמאָל פאַר דריי רוסישע אַרבייטער ביי אַ קלע־
נערער צאָהל פון אַרבייטס־שטונדען. דער דייטשער מויערמייס־
טער, דער סטאָליאַר, דער שלאָסער האָט געלערענט געאָמעטריע און
צייכנען, ער קאָן לייענען אַ פּלאַן, ער מאַכט ניט קיין טעות. דער
דייטשער גערטנער האָט געלערענט באָטאַניק, כעמיע און פיזיאָ־
לאָגיע פון די פלאַנצען. מיט איין וואָרט, איטליכער איז דאָרט
בעשטרעבט צו זיין אַ געבילדעטער פאַכמאַן. היינט ווער רעדט
שוין פון די העכערע בעשעפטיגונגס־צווייגען, פון די אַזוי־גערופענע
פרייע פעכער.

איך האָב אָנגעפיהרט דייטשלאַנד נאָר אַלס אַ ביישפּיעל, אַלס
אַ בולט׳דיגען ביישפּיעל, ווייל דייטשלאַנד האָט אין לעצטען האַל־
בען יאָהרהונדערט אַרויסגעוויזען מעהר ענערגיע און מעהר קראַפט
ווי די אַנדערע פעלקער, און האָט געשאַפען אַ בילדונגס־סיסטעם,

וואָס קאָן נאָר דערוועקען קנאה ביי געגנער און נאָכאַהמונג ביי די, וואָס פיהלען ניט קיין שנאה צו דייטשלאַנד.

איך האָב אָבער איצט ניט די אבזיכט צו שילדערען די גייסטיגע און עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דייטשלאַנד. איך וויל נאָר זאָגען איניגע ווערטער וועגען אונזערע אייגענע צרות. איך האָב זיך אָבגעשטעלט אויף דייטשלאַנד, נאָר כדי דער קאָנטראַסט זאָל זיין מעהר ניכר.

וואָס זאָל מען זאָגען. דורך די בעשרענקונגען אין רוסלאַנד, פוילען, גאַליציען, רומעניען און צום טהייל אויך אין אַנדערע מדינות, זיינען מיר געבליבען הינטערשטעליג אויף אַלע געביטען פון פאָלקס־לעבען. מיר מאַכען דורך אין די לעצטע דורות אַ כראָנישען חורבן. אַ צושטערונגס־פּראָצעס פרעסט זיך איין וואָס ווייטער אַלץ טיעפער אין אידישען פאָלקס־קערפער.

געהט אין די אידישע צענטרען, וועט איהר זעהן, אַז כמעט אומעדום ווערט דער אידישער בעל־מלאכה פערדרענגט פון דעם ניט־אידען. אפילו אין ווילנא און אין בערדיטשעוו, אפילו אין ווארשאַ און אין ביאַליסטאָק קאָנט איהר בעאָבאַכטען די זעלבע ערשיינונג, און אפילו דאָרט, וואו די ארבייטסגעבער זיינען אידען, האָט די קאָנקורענץ פון דעם ניט־אידישען אַרבייטער אָנגענומען שרעקליכע דימענזיאָנען. געוועהנליך דערקלעהרט מען דיעזע ערשיינונג מיט דעם געזעלשאַפטליכען אַנטיסעמיטיזם, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען ניט אידישע ארבייטגעבער, און מיט מורא און חניפה, וואו מיר האָבען צו טהאָן מיט אידישע ארבייטגעבער. אָבער דאָס איז נאָר אַ האַלבע ערקלעהרונג. עס איז דאָ נאָך אַ טעם: דער אידישער אַרבייטער און האַנדווערקער איז אָבגעשטאַנען אין זיין ענטוויקלונג אפילו פון זיינע רוסישע און פוילישע קאָנקורענטען. נסים געשעהען ניט, מיט גוטע פעהיגקייטען קאָן מען עטוואָס דערגרייכען, נאָר ווען מען נוצט אויס די פעהיגקייטען און מען ענטוויקעלט זיי. פעהיגקייטען ענטוויקלע קאָן מען אָבער נאָר דורך לערנען.

די אידישע בעפעלקערונג איז אָבער אָנגעוויעזען אויף זיך

אליין. די רוסישע רעגיערונג בעמיהט זיך דוקא צו דערשטיקען די איד־
דישע פעהיגקייטען, זי לאָזט ניט צו די אידישע קינדער אין די אלגע־
מיינע פאָלקסשול. און זי לאָזט אין דערזעלבער צייט ניט צו, אז
די אידען זאָלען אויפ׳ן אייגענעם חשבון לכל הפחות האָבען דאָס
רעכט צו גרינדען אייגענע שולען. זי לאָזט אפילו ניט צו, אז דער
אידישער חדר, אויף וועלכען די אידישע בעפעלקערונג גיט אויס
פון פופצעהן ביז צוואנציג מיליאָן רובעל יעהרליך, זאָל מאָדער־
ניזירט ווערען און זיך אָנפּאסען אָן די צייט־פאָדערונגען. אריט־
מעטיק און געאָגראפיע, געשיכטע און נאטור־וויסענשאפט, אפילו
די לאנד־שפראך ווערען בעטראכט ווי ק אָ נ ט ר א ב א נ ד ע, און
זיי בלייבען אויסגעשלאָסען פון אידישען חדר.

דאָס זיינען אלץ בעקאנטע זאכען. נאָר גראד ווייל זיי זיינען
בעקאנט, ווייל יעדער וויים זיי, האָבען מיר כמעט ווי אויפגעהערט
צו רעדען וועגען זיי. און דערין טאקע שטעקט די גרעסטע סכנה
פאר אונזער קיום. מיר גיבען זיך נאָך א צאפּעל ביי א קאטא־
סטראָפע און זיינען געוואָרען גלייכגילטיג צו אונזער כ ר אָ נ י ש ע ן
חורבן.

איך געה איבער צו די העכערע געביטען, צו די אינטעליגענטע,
פרייע פראָפעסיאָנען, און אויך דאָ מוזען מיר קאָנסטאטירען צו
אונזער גרויסען בעדויערען, אז מיט דעם אויבערבוי שטעהט עס
ניט בעסער ווי מיט דעם אונטערבוי. זיי זיינעןביידע צופוילט.

רעדט מען מכח די אינטעליגענטע פראָפעסיאָנען, שטויסען
מיר זיך נאָך אָן צו אלע צרות אויף פאָראורטהיילען, וועלכע הער־
שען אין דער אידישער וועלט גופא. און מיט א פאָראורטהייל
איז תמיד זעהר שלעכט, מען קאָן איהם ניט אויסוואָרצלען, וויפיעל
מען זאָל זיך ניט בעמיהען צו בעווייזען, אז ער איז גרונדלאָז.

ווער וויים ניט די שטענדיגע טענות צו אונזער יוגענד. מען
מאכט איהר צום פאָרוואורף וואָס זי וויל דוקא שטודירען. מען
לאכט און מען פערשפּאָטעט דעם שוסטער און דעם שניידער וואָס
פער׳משכנ׳ט די לעצטע חפצים, אבי זיין זוהן זאָל זיין א דאָקטאָר,
אן אדוואָקאט אָדער אן אינזשענער. און מען דערצעהלט ווייטער
מעשיות פון א גרויסער איבער־פּראָדוקציאָן אין די אינטעליגענטע

בעשעפטיגונגען, וואָרים והא ראיה — דער מקח פון אינטעליגענטע חתנים איז געפאלען. און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

איבערהויפט האָבען ליעב ארויסצוקריכען מיט אזעלכע טענות די אידישע גבירים. ערשטענס שטעקט אין יעדען אידען א גרויסער אָדער א קליינער ניצוץ פון א מגיד, צווייטענס אָבער האָט דער גביר בטבע ליעב צו זאָגען מוסר. ווייל ער פיהלט זיך בערופען צו פערבעסערען די וועלט, — ניט אומזיסט האָט איהם גאָט בעשאָנקען מיט רייכקייט — הערען מיר שטענדיג פון דער צולאָזענקייט פון דער אידישער יוגענד, וואָס זי וויל דוקא שטודירען. און ווען מען לאָזט זי ניט צו צום שטודיום אין דער היים, ערלויבט זי זיך נאָך צו פאָהרען אין אויסלאנד, אָנצופילען דאָרט די פרעמדע אוניווערזיטעטען און צו מאכען ר ש ע ו ת. רשעות איז א ספעציעלער אויסדרוק פון די דייטשע אידען. רשעות מאכט יעדער איד, וואָס פערשטעלט זיך ניט פאר א גוי; רשעות מאכט יעדער אידישער סטודענט, וועלכער איז ניט אין שטאנד צו פיהרען אזא רייך לעבען, ווי זיינע ניט־אידישע חברים.

ווי פאלש און אונבעגרינדעט זיינען אָבער אזעלכע טענות! איך געה ניט אריין אין תוך, צו בעטראכטען דעם גרויסען פערברעכען, וואָס די אידישע יוגענד בעגעהט, ווען זי שטרעבט אפילו מעהר ווי יעדע אנדערע יוגענד נאָך העכערער בילדונג. מיר וואָלטען זעהר לייכט געקענט בעווייזען, אז אין אזא טענדענץ שטעקט מעהר פ י י נ ק י י ט, מעהר מ ע נ ש ל י כ ק י י ט און אויך מעהר י ו ש ר ווי אין דער מאָדערנער ווילדער יאָגעניש צו ווערען דוקא א מ י ל י אָ נ ע ר. אָבער איך האלט אזא מין וכוח א י צ ט פאר איבעריג, ווייל אויב די אידען אין רוסלאנד, אין פוילען און אז. וו. ליידען יאָ פון עטוואָס, איז דאָס ניט פון אן איבערפּראָדוקציאָן אין די אינטעליגענטע פּראָפעסיאָנען, נאָר אומגעקעהרט — פון א מורא'דיגען ד ו ח ק אין דאָקטוירים, אדוואָקאטען, אינזשענערען, לעהרער, טעכניקער און אז. וו.

מיר פערפאלען אין דעם זעלבען טעות, אין וועלכען עס פערפאלט די רוסישע רעגיערונג, ווען זי מאכט דעם חשבון מכח די

אידען. דער אונטערשיעד איז נאָר, וואָס די רוסישע רעגיערונג מאַכט דעם טעות מיט אַ כונה, כדי עס זאָל ניט אַרויסשטעקען איהר געמיינהייט, און אונזערע טאַנצען נאָך און אָפּערירען מיט פֿאַלשע צאָהלען.

די אידישע בעפעלקערונג איז אַ ש ט אָ ד ט י ש ע בעפעלקע־רונג, און דעריבער טאָר מען זי ניט פֿערגלייכען מיט דער אַלגע־מיינער רוסישער בעפעלקערונג און אויסרעכענען די פּראָצענטען, וואָס פֿאַלען אויס אויף דעם אידישען חלק אין בילדונג און אין עהנליכע זאַכען לויט דעם אַריטמעטישען חשבון. דאָס איז דער ערשטער טעות. ווייטער מוז מען געדענקען, אַז די אידישע אינ־טעליגענטע יוגענד האָט פֿאַר זיך נאָר ו ו י נ צ י ג בעשרענקטע מעגליכקייטען צו וועהלען אַ בעשעפֿטיגונג אין לעבען, בשעת די ניט־אידישע יוגענד פֿערטהיילט זיך אויף אונצעהליגע אַנדערע גע־ביעטען. דעריבער מוז מען אויסרעכענען די אידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען און אַז. וו. נאָך דער צאָהל פֿון דער געזאַמטער ניט־אידישער אינטעליגענץ, און דאַן וועט ערשט אַרויסקומען, ווי וועניג די אידישע יוגענד איז פּראָצענטואַל פֿערטרעטען אין די אינטעלי־גענטע בעשעפֿטיגונגען.

די רוסישע רעגיערונג פֿערשטעהט אָבער גאַנץ גוט די בעדיי־טונג פֿון דער אינטעליגענץ פֿאַר דאָס פֿאָלק און דעריבער בעמיהט זי זיך טאַקע אין דער לעצטער צייט אָבצושניידען דער אידישער יוגענד דעם וועג צו די אינטעליגענטע בעשעפֿטיגונגען, און אויב עס זאָל אַזוי ווייטער געהן, שוועבט איבער אונז איינע פֿון די גרעסטע סכנות: מיר וועלען ווערען ג י י ס ט י ג ב ע ט ע ל־אָ ר י ם, מיר וועלען ווערען ש ל ע פּ ע ר, מיר וועלען נאָר פ ו ן ו ו י י ט ע ן נ אָ כ ה י נ ק ע ן נאָך דער מענשליכער קולטור און מיט דער גייסטיגער אָרימקייט מוז אויך קומען די ע ק אָ נ אָ־מ י ש ע ג ע פֿ אַ ל ע נ ה י י ט און אָבגעלאָזענקייט, צום סוף וועט קומען די נאַציאָנאַלע שוואַכקייט און מיר וועלען ניט האָבען מעהר קיין כח צו קעמפּפען פֿאַר אַן אַנשטענדיגעם דאַזיין.

עס איז נאַאיוו און איינפאַך עס הארצ׳יש לעכערליך צו טענה׳ן,

אז די גאַנצע שאלה איז נוגע נאָר די עטליכע טויזענד סטודענטען, אָדער די רייכערע און די נאָכגעגעבענע קלאַסען. סיידען מיר זיינען געפּלאַגט מיט בלינדהייט און מיר פערשטעהען ניט מעהר דעם אלף־בית פון אַ פאָלקס־לעבען.

אין דעם מאָמענט, ווען די מיליאָנען אידען אין רוסלאַנד, אין פּוילען און אין רומעניען וועלען ניט האָבען מעהר קיין אייגענע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, טעכניקער, פּעדאַגאָגען און אַזוי ווייטער — איך וויל גאָר ניט שילדערען ווי דאָס אידישע לעבען וועט דאַן אויסזעהן.

לאָמיר זיך צוקוקען צו די ציגיינער אין אייראָפּא און צו די שוואַרצע אין אַמעריקאַ...

וועמען אַזאַ פּערספּעקטיווע איז ליעב, זאָל ער דאָס זאָגען אָפען, אָבער זאָל ער זיך ניט פערבאַריקאַדירען הינטער פאַלשע חשבונות, גבירישען מוסר און עם הארצישע גלייכגילטיגקייט.

מיר ווילען גאָר ניט געהן ווייט. מיר שטעלען נאָר איין שאלה: פאַר וואָס גרינדען אונזערע רייכע, אַפילו אין די לענדער וואו די אידען בעריהמען זיך צו האָבען שוין אַלע פּריוויהייטען, דוקא אייגענע האָספּיטאַלען און אייגענע אַנשטאַלטען פאַר יתומים, פאַר אַלטע און שוואַכע? מען וועט זאָגען: כשרות! דעם תירוץ קאָן מען דאָך געבען אַ פּרעמדען, אָבער זיך אַליין וואָס וועלען זיי זאָגען? ווילען זיי דען ניט, אַז זייערע קראַנקע זאָלען בעהאַנדעלט ווערען פון א י י ג ע נ ע דאָקטוירים? ווילען דען זיי ניט האָבען אויך א י י ג ע נ ע לעהרער, כדי זייערע קינדער זאָלען זיך כאָטש אַ ביסעלע פיהלען היימישער?

פיעל, פיעל הארבע קשיות האָבען מיר געקאָנט שטעלען די קריטיקער פון אונזער רוסישער און פּוילישער, גאַליציישער און רומענישער יוגענד. מיר וועלען דאָס נאָך ביי אַ באַזונדער געלעגענהייט טהאָן.

ד אַ נ ק ב אַ ר האָבען מיר געמוזט זיין אונזער שטודירענדער יוגענד, וואָס זי איז זיך מקריב אין דער פרעמד, הונגערט און ליידט, און ווענדעט אָב די שרעקליכסטע קאַטאַסטראָפע פון אַ

גרויסען חלק פון אונזער פאָלק. נאָר לצנים אָדער אונוויסענדע זיינען ניט אין שטאַנד אָבצושעצען דעם ריכטיגען ווערטה פון אונזער שטודירענדער יוגענד. נאָר די, וואָס ווייסען ניט, וואָס אונזער יוגענד האָט דורכצומאַכען אין די פרעמדע אוניווערזיטעטען און האָכשולען, אויף וויפיעל זאכען זי מוז מוחל זיין, וועלכע אַ נאָרמאַלע, היימישע יוגענד קאָן ניט מוחל זיין — נאָר די וואָס ווייסען דאָס ניט, קאָנען זיך פערהאַלטען גלייכגילטיג צו דעם גרויסען פּראָבלעם פון אונזער יוגענד.

די יוגענד פון אַ פאָלק, ווען זי ווערט ניט ריכטיג געשטיצט אין איהרע בעשטרעבונגען נאָך וויסען און בילדונג, איז אַ י ת ו מ ד י ג ע יוגענד. אַ פאָלק אָהן אַ יוגענד, וועלכע שטרעבט נאָך וויסען און בילדונג, איז אַ גייסטיגער עקר.

אונזער שטודירענדע יוגענד, וועלכע איז צוזייט און צושפּרייט אין פערשיעדענע פרעמדע מדינות, ליידעט איצט דאָפּעלט. מען קאָן זיך גוט פאָרשטעלען איהרע נייע ליידען צוליעב דער מלחמה, ווען עלטערען און פריינד זיינען חרוב געוואָרען אין דער היים, און זי איז געבליבען אין מיטען וועג, ניט אַהין, ניט אַהער.

מיר ריזיקירען איצט צו פערליערען דאָס ביסעלע יוגענדליכע אינטעליגענץ, וואָס מיר בעזיצען נאָך, ווען מיר זאָלען זיך פער־האַלטען גלייכגילטיג צו דער פראַגע פון אונזער יוגענד. עס ווילט זיך אָבער מיר ניט גלויבען, אז מען וועט נאָך מוזען מסביר זיין דעם עולם אין וואָס עס בעשטעהט זיין חוב.

דאָס איז ניט אַ פּראָבלעם פון אַן איינצעלנער גרופּע אָדער פון אַן איינצעלנער קלאַסע, דאָס איז אַ פאָלקס־פּראָבלעם אין פולען זין פון וואָרט.

11 פעברואר, 1915.

# דער קריעגער.

כמעט יעדע גרויסע בילדער־גאַלעריע האָט לכל הפּחות איין בילד פון א „קריעגער“. אין לעבען פון די פעלקער שפּיעלט דאָך די מלחמה א גרויסע ראָליע, און דער „קריעגער“ קאָן ניט פעהלען, דאַרף ניט פעהלען, וואו די פאָלקס זעעלע ווערט פערעביגט אין פאַרבען. האָט זיך יעדע בילדער גאַלעריע איהרע „קריעגער“ אדער איהר „קריעגער“.

איך געדענקט ניט וועלכען „קריעגער“ איך האָב צוערסט געזעהען, איך געדענק אויך ניט מעהר וואו איך האָב איהם צוערסט געטראָפען. איך געדענק נאָר, אז ער האָט אויף מיר געמאַכט א שטאַרקען רשם. און איצט, צוליעב דער מלחמה, זעה איך איהם וויעדער, ער שטעהט פאר מיר ווי לעבעדיג.

ווי וואונדערבאַר איז שוין דער העלם אליין, וועלכען „דער קריעגער“ טראָגט אויפ׳ן קאָפּ: קאַנטיג און שאַרף און פיין אויס־גראַווירט, שפּריצט ער פונקען, גליהענדע פונקען נאָך אלע ריכ־טונגען, גלייך ווי ער האָט גובר געווען דעם קאַלטען מעטאַל, פון וועלכען ער איז געשאַפען, און אריינגעלאָזען אין זיינע קופּערנע אָדערן לעבענס־גלוט, וואַרימע חיות.

עס איז בעקאַנט, אז די חנ׳עוודיגע, אומעטיגע פּערלען ערהאַל־טען ערשט זייער ריכטיגען גלאַנץ, ווען זיי האָבען א צייט לאַנג גערוהט אויף א שעהנעם, געזונדען פרויען־האַלז. און עס זיינען דאָ פרויען, וואָס זיי האָבען א לעבענס־בערוף: אויסצוטראָגען פּערלען. זיי בעזיצען א מערקווירדיגע אייגענטימליכקייט ארויס־צו׳כשופ׳ען פון די פּערלען זייער פערבאָרגענעם חן. צווישען זיי און די פּערלען זיינען דאָ אינטימע בעציהונגען, זיי אָפּענבאַרען זיך איינע די אַנדערע. איז אָבער די וועלט שוין אזוי איינגעריכטעט, אז די, וואָס האָבען פּערלען צו טראָגען, בעזיצען ניט די אייגענ־

שאַפט זיי אויסצוטראָגען, און די, וואָס קענען זיי אויסטראָגען, האָבען ניט קיין פערלען צום טראָגען. דערפון איז ענטשטאַנען די נייע פרנסה פון די פערלען־אויסטראָגערינען.

אויך דער העלם פון קריעגער וואָלט געווען ניט מעהר ווי אַ שעהנע כלי פון קופער, ווען ער וואָלט ניט געזעסען אויף דעם „קריעגער׳ס" קאָפּ, ווען דער קאָפּ פון דעם „קריעגער" וואָלט ניט אויסגעשטראַהלט אַזוי פיעל גבורה, אום צו בעזעעלען דעם לעב־לאָזען העלם.

אונטער דעם העלם זיצען אַ פּאָר אויגען. מיין גאָט! אונ־צעהליגע מאָל האָב איך געקוקט אויף זיי, איך האָב אָנגעשטרענגט אַלע מיינע געפיהלען, כדי צו בעגרייפען דעם סוד, וואָס שטעקט אין די פּאָר אויגען. איך האָב נאָר געפיהלט, אַז פון וועלכער זייט איך בליק ניט אויף זיי, בליקען זיי און ווינקען צו מיר, איך וויל זיי דורכדרינגען, טהוען זיי מיר אויף צו־להכעיס און דרינגען מיך דורך. שטעה איך און בעוואונדער זיי אַ שעה, די אַנדערע און געה אַהיים אַ פערשעמטער. אויפ׳ן וועג אַהיים בעגלייטען מיך נאָך אַלץ די פּאָר אויגען און איך הויב אָן צו פערשטעהן, אַז אייגענטליך האָב איך מיך גאָר ניט וואָס צו שעמען. דער „קריעגער" וויל מיך גאָר ניט מבייש זיין, דאָס איז אָבער זיין נאַטור. ער איז אַ קריעגער, ער איז די פערקערפּערונג פון מלחמה, און ער דאַרף ניט צולאָזען, ער טאָר ניט צולאָזען, אַז מען זאָל איהם אין גאַנצען פערשטעהן. פערשטעהט מען איהם מיט אַלע זיינע כונות, בעהערשט מען איהם; בעהערשט מען איהם, האָט מען איהם מנצח געווען. ער איז דאָך אָבער אַליין דער אייבי־גער קריעגער. ער איז אַליין נצחון. און איך הויב אָן צו פערשטעהן ווייטער, אַז עס וועט זיך מיר קיינמאָל ניט איינגעבען צו דערגרייכען דעם גרונד פון די פּאָר טיעפע אויגען, ווייל זיי האָבען גאָר קיין גרונד ניט, ווייל זיי זיינען אַנדערס בעשאַפען ווי די אויגען פון אַ פשוט׳ען בשר ודם. מיט אונזערע אויגען קאָנען מיר קוקען נאָר אין די אויסען־וועלט, און אויך נאָר דאָרט, וואו אונזער בליק ווערט ניט געשטערט פון אַ מחיצה. רעמבראַנדט׳ס „קריעגער" האָט אָבער גאַנץ אַנדערע אויגען. צווייערליי שטראַה־

לען געהען ארויס פון זיי, שטראהלען פערטיעפט אין גבורה־
גערּאנקען, וועלכע דרינגען אריין אין די טיעפעניש פון דער קליינער
פאר־זיך׳יגער וועלט, וואס מיר רופען אן: מענש, און
שטראהלען, וועלכע בליקען ווייט אין די גרויסע, אויסגעדעהנטע
וועלט, וואס מיר רופען זי אן: שלאכטפעלד פון לעבען.

און ווי די אויגען אזוי אויך דאס גאנצע געזיכט פון רעמ־
בראנדט׳ס „קריעגער". אין יעדען קנייטש איז איינגעגראבען גבורה,
אין יעדען פעלטעלע — א שטיק נצחון, און דער גאנצער אויסדרוק
דערצעהלט אונז פון מוט און ענטשלאסענהייט, פון זיכערהייט און
גרענצלאזען בטחון. עס רעדט צו אונז דער „איש־מלחמה": האט
ניט קיין מורא, דאגה׳ט ניט פאר מיר, איך קען מיין וועג און איך
וועל איהם בעטרעטען, איך קען די סכנה און איך וועל זי בעזייטיגען,
איך קען מיין ציעל און איך וועל עס דערגרייכען!

און דער „איש־מלחמה" רעדט צו אונז ווייטער: קומט
מענשען־קינדער און בעטראכט מיך. האב איך דען אזא בייז פנים?
דריקט דען מיין געזיכט אויס נאר שנאה און נקמה? האב איך דען
פערלארען אלע מענשליכע געפיהלען? האב איך זיך דען פער־
וואנדעלט אין א ווילדע חיה? איהר דערקאנט מיך ניט, איך בין
דאך אייערער, פלייש פון אייער פלייש און בלוט
פון אייער בלוט. און פאר וועמען געה איך דען פיהרען מלחמה,
פאר וועמען ציעל איך זיך דען מיט אלע כחות צום נצחון, אויב
ניט פאר אייך? איך בין אן אכזר? גיט מיר א קינד, וועל איך
דאס בעדעקען מיט מיינע קושען, גיט מיר א ברודער, א שוועסטער,
וועל איך זי האלזען, גיט מיר א פריינד, וועל איך איהם אומארמען,
און זעה איך א בעטריבטע אלמנה אדער א בעליידיגטען יתום שטע־
לען זיך ביי מיר טרערען אין די אויגען פון מיטלייד און צארן.
איהר שטעהט פון ווייטען און איהר רעדט אזוי גלאט יושר׳דיג,
אייער צונג איז בעשמירט מיט רחמנות און אייערע ווערטער זיינען
אזוי ווייך, גלייך ווי די וועלט האט זיך צוטיילט אין צווייען:
איהר און איך — די מענשען און „דער קריעגער". האט דאס זיך
דען ניט געקענט טרעפען פערקעהרט, אז איך זאל בלייבען מענש
און איהר זאלט ווערען קריעגער? מיין העלם איז ניט צוגעוואקסען

צו מיין קאָפּ, איך קאָן איהם היינט מאָרגען אראָבנעהמען און אומ־קעהרען זיך צוריק, און איהר וועט איהם אָנטהאָן, וועל איך ווערען „א י ה ר“, און איהר וועט ווערען „א י ך“. מיך האָט געמאכט מיין גרויסער שעפּפער, און בשעת ער האָט מיך געמייסטערט, בין איך נאָך ניט געוועזן איך, איך בין געלעגען אין א י י ך. מיין שעפּפער האָט מיך געמאכט, ניט ווייל ער האָט מיך געקענט, נאָר ווייל ער האָט א י י ך געקענט.

מענשען־קינדער אָהן א העלם! זייט ניט אזוי בעל־גאוה׳דיג און טרייבט ניט קיין צביעות. זידעלט ניט דעם „קריעגער“ און בעשיט איהם ניט מיט קיין קללות. קללות זיינען ביליג, אין זיי שטעקט ניט קיין שכל, ניט קיין חריפות, ניט קיין איידעלע געפיה־לען, ניט קיין אינערע עהרליכקייט. איך, „דער קריעגער“ פון גרויסען מייסטער, בין מעהר ניט ווי א בילד, א סימבאָל. היינט הענג איך אין בערלין, מאָרגען קאָן איך הענגען אין דער לאָנדאָנער נאציאָנאל־גאלעריע, אין פּאריזער לואוור, אין פּעטערבורגער ער־מיטאזש, און איבערמאָרגען קאָן מיך גאָר אָבקויפען א ר י י כ ע ר א מ ע ר י ק א נ ע ר, און די „נ י י ע ו ו ע ל ט“ וועט מיך אויפכאפּען אלס נאציאָנאל געשענק.

בין איך דען „דער קריעגער“? איך בין דאָך דער מ ע נ ש. דער מענש ל ע ת־ע ת ה, דער מענש, ווי ער וועט נאָך אויס־זעהן לאנגע, לאנגע דורות. און איהר קומט צו מיר, און איהר ווילט מיך פערשטעהן. א סימן, ווי פערנארט איהר זייט אין זיך אליין. בין איך דען אן אנדערער, שטאם איך דען פון אן אנדער וועלט? איהר מאכט זיך כלומרשט, ווי איהר דערקענט מיך ניט. זייט איהר דער חבור, בין איך אייער פּירוש, בין איך א חיבור, זייט איהר מיין פּירוש. פאר וואָס קוקט איהר עפּעס אויף מיר מיט פרעמדע בליקען, מיר זיינען דאָך נאָהענטע קרובים, מיר זיינען מעהר ווי קרובים!

איהר רעדט מיט גאל, מיט ביטערקייט און האס. דורך דעם פערגיפטעט איהר אייער אייגענע צוקונפט. איהר פעראונרייניגט דעם ברונען, פון וועלכען אייך אָדער אייערע קינדער קאָן אויס־קומען צו טרינקען.

קעהרט זיך אום צו זיך אליין.

עס וועט נאָך קומען די צייט, — ווען, קאָן מען ניט וויסען, עס װענדט זיך אָן אייך, — און דער מענש וועט ווערען מענשליכער. און שפּעטער, גאָר שפּעטער וועט ער ווערען **איין גאַנצען** א מענש. דאַן וועל איך זיך דורכרעדען מיט מיין מייסטער. איך האָב מיט איהם א שטענדיגע פערבינדונג, ווייל א חלק פון זיין גייסט האָט ער אריינגעגעבען אין מיר. איך וועל דאַן זאָגען מיין גרויסען מייסטער בזה הלשון:

גרויסער מייסטער! וואָס בין איך אין גאַנצען? ליינוואַנד און פאַרב. נאָר דו האָסט אין מיר אריינגעבלאָזען א נשמה. בין איך געהאַנגען צווישען מיינע ברידער און שוועסטער, און אונצעהליגע מענשען־קינדער האָבען א דור נאָך א דור צו מיר עולה־רגל געווען. איז כל זמן איך האָב געפיהלט א שייכות צו די מענשען־קינדער, האָב איך זיך בעמיהט צו דערהאַלטען די נשמה, וואָס דו האָסט מיר געגעבען. איצט איז אָבער אָנגעשטאַנען א נייער דור, א נייער מענש טראָגט די קרוין. ניטאָ מעהר קיין בעציהונגען צווישען מיר און דעם נייעם מענשען. איך וויים אָבער, גרויסער מייסטער, דו גלויבסט אין השארת הנפש. איך גלויב אויך. איז געקומען די צייט, איך זאָל מגולגל ווערען. מיין קראַפט וועט ניט פערלאָרען געהן, זי וועט נאָר פערווענדט ווערען פאַר אַנדערע צוועקען.

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, פעסט וועט זיין דער באַרג פון גאָט'ס־הויז איבער אַלע בערג און ער וועט זיך דערהויבען איבער אַלע בערג־שפּיצען.

13 פעברואַר, 1915.

## צו די פאָרשער פון איצטיגער געשיכטע

אין רוסלאַנד, אין פוילען, מסתמא אויך אין דייטשלאַנד און עסטרייך, האָבען זיך געבילדעט אייניגע אידישע פעראייניגען, וועלכע פערפאָלגען דעם צוועק צו זאַמלען מאַטעריאַל פאר די קינפטיגע בעשרייבונג פון דער מלחמה. זעלבסט־פערשטענדליך וועלען זיי זאַמלען נאָר דעם שטאָף, וואָס איז נוגע ספּעציעל צו די אידען, ווארום הלואי זאָלען זיי קענען בעפריעדיגענד אויספיהרען לכל הפּחות דיעזע בעשרענקטע אויפגאבע. עס וואָלט געווען אַן אונבע־שרייבליכער היזק, ווען מיר זאָלען פערזוימען דעם מאָמענט, ווען די שפּורען פון דעם אידישען חורבן זיינען נאָך פריש, און ניט פערצייכענען די וויכטיגסטע געשעהענישען אויפ'ן אָרט. מען טאָר זיך ניט פערלאָזען אויף די מפרשים, וועלכע וועלען קומען דערנאָך, ווען אַלעס וועט שוין זיין אָבגעווישט, און זיי וועלען אָנהויבען א ו י ס ג ר אָ ב ע ן די „פאַקטען" פון פ ר ע מ ד ע ארחיוען. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אז אונזער געשיכטסשרייבונג הינקט אונטער אין אַלגעמיינעם, אז זעהר זעלטען ווערען די טהאַטזאַכען ריכטיג בעלויכטען, אז פון הונדערט היסטאָרישע חבורים טראָגען ניין־און־ניינציג פון זיי אויף זיך דעם שטעמפּעל פון זייער פערפאַסער.

ניט נאָר אויף דעם געביעט פון היסטאָרישע פאָרשונגען, נאָר אפילו אין דער נאַטור־וויסענשאַפט, וואו ג ל ו י ב ע ן איז אויס־געשלאָסען, וואו מען קאָנטראָלירט אַלעס מיט די אייגענע אויגען, און וואו אונצעהליגע מאַטעמאַטיש־אויסגערעכענטע אינסטרומענטען ווערען אָנגעווענדעט — אפילו אין דער נאַטור־וויסענשאַפט איז אויך זעהר שווער צו בעפרייען זיך אינגאַנצען פון דער אייגענער סוביעקטיוויטעט. אין פלוג דיענט מען נאָר דער ווארהייט, מען זוכט זי אליין, מען וויל זי ענטפּלעקען, שייערן און ריין מאַכען פון אַלע זייטיגע מאָמענטען, אין אמת'ען אָבער טראָגט יעדער פון אונז

אין זיך ז י י ן פאַרטיגען אמת, נאָך איידער ער האָט אונטערזוכט
זיין אמת'קייט. מיר האַלטען זיך פאר אזוי ווייט אמת'דיג, אז
מיר זיינען זיך אַליין ניט חושד אין זייטיגע, פערבאָרגענע פניות
און פניות'לאך, ווייל די פניות און די פניות'לאך געהערען צו
אונזער אייגענעם „איך", זיינען זיי דאָך, הייסט דאָס, א חלק פון
א ו נ ז ע ר אמת.

מיר ריידען דאָ ניט פון ו ו ע ל ט - א נ ש ו י א ו נ ג ע ן,
פון ש י ט ו ת, וועלכע גיעבען אונז דעם שליעסעל אויפצופאַסען
די געזאַמטהייט פון דער נאַטור און פון דעם מענשליכען גייסט.
די פילאָזאָפישע שיטות מוזען זיין סוביעקטיוו, דען אפילו אין
דער נאַטור־וויסענשאַפט בעגניגען זיי זיך ניט נאָר מיט דעם,
וואָס איז אונטערטהעניג אונזערע פינף חושים. זיי געהען ווייטער,
זיי ווילען וויסען וואָס טהוט זיך „מאחורי הפרגוד", אויף יענער
זייט פאָרהאַנג, זיי ווילען דורכדרינגען די „מעשי מרכבה", דעם סוד
פון דער צוזאַמענזעצונג פון דער וועלט. „אויף יענער זייט
פאָרהאַנג" אָבער קאָן מען ניט אַלעם צעהלען אָדער לעגען אויפ'ן
וואָגשאָל. דאָרט הויבט זיך אָן דאָס צויבער־לאַנד פון השערות און
גלויבען . . . און וואו דער געלעהרטער אפילו לאָזט שפּיע־
לען זיין פאַנטאַזיע, פערוואַנדעלט ער זיך אין א פשוט'ען
בשר ודם. ער הערט אויף צו זיין א קנעכט פון דער וויסענשאַפט,
וואָס דאַרף טהאָן זיין מלאכה און ניט קימערען זיך וועגען די
אבזיכטען פון דעם, וואָס בעפעהלט איהם. ער ווערט א ח ס י ד פון
אַן אונבעקאַנטען וואונדער־רבי, וועלכער געפינט זיך טאַקע אָט
„הינטער דעם פאָרהאַנג", ער קריעגט התלהבות, מען רופט עס פאַנ־
טאַזיע, און הויבט אָן צו שוועבען אין דער לופט. עס איז פשוט א
פערגניגען צו זעהן, ווי טרוקענע מאַטעמאַטיקער, איינגעמאַרינירטע
מ ת נ ג ד י ם, קוקען אויף איך מיט צוויי אויגען ווי פון שטאָהל,
אַלעם איז זיי קלאָהר, אויף אַלץ האָבען זיי א פאַרטיגע תשובה —
און מיט אמאָל דערגרייכען זיי צום פערבאָטענעם ווינקעל. אין
זייערע אויגען פלאַמט אויף א פייעריל, און זיי אַליין קריעגען
התפשטות הגשמיות און הויבען אָן צו שפּרינגען „קדוש". ניטאָ
מעהר קיין קוואַדראַט, קיין דרייעק, קיין ווינקעל, עס איז דאָ נאָר

א י י ן גרויסער קרייז. און אין קרייז איז דאָ אַ פינטעלע, אַ מרכז, אַ צענטרום, אַ „שורש כל השרשים“, אַ וואָרצעל פון אַלע וואָרצלען, אַ קוועל פון אַלע קוועלען, און מיר דרעהען זיך אין קרייז און ציעהען זיך צום פינטעלע, צום שורש, צום מקור.

מיר דאַרפען אָבער גאָר ניט געהן אזוי ווייט. לאָמיר לאָזען ביי זייט אַלע וועלט־אנשויאונגען און פילאָזאָפישע שיטות. אין פשוט'ערע זאַכען קאָנען מיר זיך אויך ניט בעפרייען פון אונזערע אייגענע זייטיגע פניות.

דער בעריהמטער ביאָלאָג הערטוויג פלעגט זיך נוהג זיין שטענדיג צו דערצעהלען אין זיין הקדמה פאר די יונגע תלמידים, וועלכע ער פלעגט אריינפיהרען אין אָנהויב זמן אין טעמפעל פון נאַטור־וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, ווי ווייט מען מוז זיין פאָרזיכטיג די ערשטע צייט מיט די וויסענשאַפטליכע אינסטרומענטען. אָט נעהמען מיר, למשל, אַ מ י ק ר אָ ס ק אָ פ. דער מיקראָסקאָפ איז אויפגעבויט אויף שטרענגע פיזיקאַלישע און מאַטעמאַטישע געזעצען, און ער דיענט דערצו, אַז מיר זאָלען דורך איהם זעהען די קליינע ברואים און דעם פיינסטען בוי פון דעם קלענסטען קערפער. אָבער מען מוז זיין פאָרזיכטיג מיט איהם, מיט דעם אינסטרומענט, ווייל אין דער ערשטער צייט זעהט יעדער יונגער פאָרשער אין מיקראָסקאָפ דאָס, ו ו אָ ס ע ר ז ו כ ט, דאָס, וואָס ער ו ו י ל זעהען. ער זעהט אין איהם ז י י נ ע א י י ג ע נ ע פ נ י ו ת. וויל מען אָבער זיין אַ פאָרשער, מוז מען אין זיך צוערשט גובר זיין דעם יצר הרע פון וועלען נ אָ כ ג ע ב ע ן זיך. דעם פאָרשער איז נאָר ערלויבט צו ו ו ע ל ע ן ד אָ ס, ו ו אָ ס ע ר ז ע ה ט, אָ ב ע ר ׳נ י ט צ ו ז ע ה ן ד אָ ס, ו ו אָ ס ע ר ו ו י ל.

פיעל שלימער איז עס נאָך מיט די וויסענשאַפטען, וועלכע זיינען געגרינדעט אויף צ אָ ה ל ע ן. די סטאַטיסטיק איז אַ גאַנץ יונגע וויסענשאַפט, און אין די הענד פון אַ ניט־געניטען אָדער אַ ניט־עהרליכען, — מיר ריידען דאָ פון אינערליכער עהרליכקייט, — פאָרשער איז זי נאָך אַ פיעל געפעהרליכערער אינסטרומענט ווי דער מיקראָסקאָפ. די צרה בעשטעהט נאָך אויך אין דעם, וואָס די

צאָהלען אַליין מאַכען געוועהנליך אַן איבערצייגענדען רושם, ווייל
צאָהלען שטעהען פעסט, צאָהלען פיהרען אַ האַרטע טרוקענע שפּראַך,
צאָהלען רעדען פאַר זיך. מיט קליינע מליצות אָבער אין דער וועלט,
מיט קיינע קונציג מאַרקירטע סאָפיזמען קאָן מען זיך ניט אַזוי לייכט
אַריינ'גנב'ענען צו דעם לעזער אָדער צו דעם צוהערער ווי מיט
געשיקט גרופּירטע צאָהלען. מען ברויכט זיי אפילו ניט צו קאָ־
מענטירען, מען נעהמט נאָר אַרויס פון אַ גאַנצער שורה די פּאַ־
סענדע צאָהלען, מען שטעלט זיי אַרויס אויף אַ פּלאַץ, וואו זיי
זאָלען זיין מעהר בולט, וואו זיי זאָלען ממש „שטעכען די אויגען“,
און מען קען זיין זיכער, און זיי וועלען דערגרייכען זייער ציעל. די
אמת'ע געלעהרטע, די עהרליכע פאָרשער נעהען טאַקע דעריבער אום
זעהר פאָרזיכטיג מיט צאָהלען, זיי פערלאָזען זיך ניט אויף זיי,
זיי זוכען אַרויסצוגעפינען אויך אַלע זייטיגע מאָמענטען פון אַ גע־
וויסער ערשיינונג, אַלע בעגלייטענדע אומשטענדען, און ערשט נאָכ־
הער ווענדען זיי זיך אויך צו די צאָהלען. די צאָהלען שפּיעלען נאָר
ביי זיי די ראָלע פון אַן עדות, אָבער זיי פערנעהמען ניט ביי זיי דעם
פּלאַץ פון אַ ריכטער. זיי האַלטען זיי פאַר גוטע שמשים, אָבער ניט
פאַר פּוסקים.

און אַזוי ווי די סטאַטיסטיק שפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע כמעט
אין אַלע צווייגען פון דער סאָציאַל־וויסענשאַפט, מוז מען טאַקע
גראָד אויף דיעזען געביעט זיין מעהר פאָרזיכטיג. מען מוז זיך
נעהמען אין אכט אנקעגען די אונטערקויפענדע קראַפט פון די
אָנגעפיהרטע צאָהלען. מען מוז נעהמען אין בעטראַכט די פּערזאָן
פון דעם מחבר, וואָרום „בעונותנו הרבים“ ווערען מיר זעהר אָפט
געשטרויכעלט דורך כלומר'שטע וויסענשאַפטלער, וועלכע פערפאָל־
גען בעשטימטע טענדענצען און פערזאָרגען די געזעלשאַפט מיט
בעשטעלטער וויסענשאַפט. עס זיינען דאָ אונעהרליכע פאָר־
שער, וועלכע ווענדען אָן וויסענשאַפטליכע מעטהאָדען, כדי צו
בעווייזען דאָס, וואָס מען פערלאַנגט פון זיי. זיי
זיינען על פּי רוב וויסענשאַפטליכע אַגענטען פון די רעגיערונגען
אָדער פון די הערשענדע קלאַסען, און זיי ווייסען די רעזולטאַטען
פון זייערע „פאָרשונגען“ איידער זיי געהען נאָך צו צו דער אַרבייט,

וואו עס בעט זיך, פערדרעהען זיי א ביסעל די פאקטען, און וואו עס ווערט ענג, זיינען זיי מאנס די צאהלען, אבי דער צוועק זאל דערגרייכט ווערען. ניט ז י י זיינען די דיענער פון דער וויסענשאפט. אומגעקעהרט, זיי שפאנען איין די וויסענשאפטליכע מעטהאדען אין זייער אייגענעם וואגען, אדער זיי רייטען אויף דער וויסענשאפט.

ניט אין אן ערך געפעהרליכער איז עס נאך מיט דער היסטארישער וויסענשאפט. אויסער פאקטען און צאהלען האבען מיר דא נאך צו טהאן מיט שטרעמונגען און אונטערשטרעמונגען, מיט פיינע, קאמפליצירטע און אפטמאל זעהר פערפלאנטערטע בעציהונגען, נאציאנאלע און אינטערנאציאנאלע. שוין ביים מאטעריאל זאמלען מוז מען דא זיין זעהר וועהלעריש, מען טאר ניט היינגעריסען ווערען פון סענסאציאנען, פון בליטץ-ערשיינונגען. יעדער פאקט מוז געפרופט און איבערגעפרופט ווערען, איידער ער ווערט אריינגעטראגען אין די אלגעמיינע פאקטען-רשימה. מען זאל זיך ניט פערלאזען אויף צייטונגס-בעריכטען אליין, מען זאל זיי, די בעריכטען, נאכאמאל אונטערזוכען און קאנטראליערען, ווען עס איז נאר מעגליך. ווען ניט, זאל מען זיי מסדר זיין אין א בעזונדער גרופע פון פאקטען, וועלכע געהערען צו א צווייטער אדער צו א דריטער מדרגה אין בעצוג אויף זייער גלויבווירדיגקייט.

און געהען מיר איבער צו דער איצטיגער מלחמה און צו אונזער אידישען חלק אין איהר, קאנען מיר גאר ניט גענוג שטארק בעטאנען, ווי ווייט עס איז נויטיג, אז די זאמלונג פון די פאקטען און פון די פרישע געשעהענישען זאל איבערגעגעבען ווערען אין די ריכטיגע הענד. א קלייניגקייט, דער געזאמעלטער שטאף זאל דאך דיענען אלס מאטעריאל פאר דעם קינפטיגען היסטאריקער, אויף גרונד פון דיעזען שטאף זאלען דאך בעלויכטען ווערען די בעציהונגען צווישען די אידען און די אנדערע נאציאנאלע גרופען אין די פערשיעדענע מדינות. דאס זיינען צו וויכטיגע, צו בעדייטענדע ענינים און מיר טארען זיך ניט פערלאזען אויף געוועהנליכע בעריכט-ערשטאטער, וועלכע ווערען זעהר אפט געבלענדעט פון צופעליגע

מאָמענטען, ווייל זיי דיענען דאָך דעם טאָג, דער שעה, ווייל זייער הויפּט־ארבייט בעשטעהט דאָך אין פאָטאָגראפירען די רגע.

עס איז ניט גענוג צו זאמלען טרוקענע פאקטען, ארויפציהען זיי אויף איין שנור און לאָזען זיי ליגען, ביז דער היסטאָריקער וועט קומען און וועט זיי סאָרטירען. עס איז נויטיג, אז אויך דער צוזאמענהאנג צווישען סבה און געשעהעניש זאָל בעריקזיכט ווערען ביי דעם זאמלען פון מאטעריאל, כדי דער וואָס וועט זיך אָבגעבען מיט דער בעארבייטונג פון דעם מאטעריאל זאָל ניט זיין געצוואונגען צו שטיצען זיך נאָר אויף אייגענע השערות.

26 פעברואַר, 1915.

# אַסימילאַציאָן, נאַציאָנאַליזם און ציוניזם.

## I.

ווער האָט איצט צייט צו רעדען מכח אַנדערע ענינים, וואָס האָבען ניט קיין שייכות צו דער מלחמה; ווער קאָן זיך בעשעפ־טיגען מיט פּראָבלעמען פון אַ גאַנץ יאָהר, ווען דער מאָמענט בעהערשט אונז און אונטעריאָכט אַלע אונזערע מחשבות און האַנד־לונגען?

און דאָך זיינען דאָ פראַגען און פּראָבלעמען, וואָס מען טאָר ניט מסיח דעת זיין פון זיי, ניט אויף אַ ווייַלע, ענינים, וואָס טאָרען ניט פערהילכט ווערען אַפילו פון דעם רעש פון דער מלחמה און פון דעם געשריי פון די נויט־ליידענדע, וואָרום זיי זיינען אונז נוגע אין נפש, וואָרים זיי ריהרען אָן אונזער לעבענס־נערוו, אונזער עקזיסטענץ־בערעכטיגונג.

עס איז אמת, די געשיכטע האָט איהרע אייגענע אייזערנע געזעצען און זי וועט אונז סוף־כל־סוף ברענגען צו ד ע ם רעזול־טאַט, צו וועלכען זי מ ו ז אונז פיהרען לויט די נויטוועגדיגקייט, וואָס זי טראָגט אין זיך. עס איז אמת, אַז ניט נאָר דער „בעל כרחך אתה מת“, „דו שטאַרבסט אַנטקעגען דיין אייגענעם ווילען“, נאָר אויך דער „בעל כרחך אתה חי“, „דו לעבסט אַנטקעגען דיין אייגענעם ווילען“, איז ריכטיג פאַר גאַנצע פעלקער און נאַציאָנען ווי פאַר איינצעלנע פּערזאָנען. לעבען און שטאַרבען הענגט ניט אָב פון אַ הסכם. מען לעבט, ווען עס איז אפילו ניטאָ קיין חשבון צו לעבען, מען שטאַרבט זעלטען „זאַט אין טעג“, אין פולען בע־וואוסטזיין, אַז מען האָט שוין „אויסגעפיהרט די וועלט“. מיר רעדען דאָ פון כלל און ניט פון דעם יוצא מן הכלל, וועלכער קאָן

בעטראכט ווערען נאָר אַלס אַ פּאַטאָלאָגישע, קראַנקהאַפטע ערשיינונג.

אָבער גראד דערין בעשטעהט טאַקע די ראָלע פון דעם פ ר י י ע ן מענשליכען ווילען. מען מוז ארויסזוכען די טענדענץ פון דער געשיכטליכער ענטוויקלונג און זעהן, אַז דורך אונזער מיט־ארבייט זאָל דער היסטאָרישער פּראָצעס שנעלער און מיט וועניגער שמערצען פערווירקליכט ווערען. ארבייטען מיר אָבער אַנטקעגען די היסטאָרישע טענדענץ, ווילען מיר צ ו ו י נ ג ע ן די געשיכטע, אַז זי זאָל אָננעהמען אַ וועג, וועלכען מ י ר האָבען מיט אונזער שכל א ו י ס ג ע ק ל י ב ע ן פאַר איהר, דאַן געהט אונזער ארבייט גאַנץ פערלאָרען, וואָרים זי קאָן נאָר פערלאַנגזאַמען דעם נאַטירליכען פּראָצעס דורך צו־להכעיס'דיגע כחות, זי קאָן איהם אָבער ניט אָבהאַלטען.

דעם מענשען'ס פרייהייט, ווי אויך די פרייהייט פון דער גאַנצער מענשהייט, איז בעגרענצט. די מענשהייט שליעסט אין זיך איין די מענשען, דער מענש איז אַ חלק פון דער מענשהייט, און זיי ביידע זיינען אַ היסטאָרישער פּראָדוקט, זייער ו ו י ל ע ן און זייערע האַנדלונגען זיינען שוין פאָראויסבעשטימט דורך די פערגאַנגענהייט, דורך אַן ענטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס די פריהער־דיגע דורות האָבען דורכגעמאַכט. און 'עס איז נאָר נאַאיוו און קינדיש צו גלויבען, אַז מען קאָן מבטל זיין די השפעה פון דעם עבר. די געגענוואַרט האַלט אין איין פליסען, די צוקונפט איז מעהר ניט ווי אַן עמבריאָ אין מוטערלייב פון דעם עבר, קאָנקרעט, ממשות'דיג איז נאָר די פערגאַנגענהייט אַליין. זי איז די מוטער, וואָס האָט אונז געבאָרען, זי איז אונזער דערנעהרערין פון ערשטען טאָג ביז צום קבר.

בעפרייען זיך פון עבר, אָבזאָגען זיך פון דער ירושה פון דער פערגאַנגענהייט און בויען אַ נייע צוקונפט נאָך דעם אייגענעם ווילען, אויף אַ נ י י ע ם פונדאַמענט — דאָס איז אַ ה י ס ט אָ־ ר י ש ע ר א ו נ ז י ן. דאָס בעדייטעט אָבלייקענען די מציאות און אריבערטראָגען זיך אין אַ וועלט פון הייליער פאַנטאַזיע, אין אַ וועלט פון נאַקעטע, וואָרצעללאָזע, אין אויר שוועבענדע רעיונות־

חלומות, אָהן קיין שום פערבינדונג און צוזאַמענהאַנג מיט דער רעאַליטעט, אָהן קיין שום יניקה פון דער ווירקליכקייט.

איך זאָג רעיונות־חלומות. דאָס שטימט אָבער ניט, וואָרים אפילו דער חלום מוז אין וועלכען עס איז אופן זיין פערבונדען מיט דער ווירקליכקייט. אָפטמאָל שלעפּט ער זיך נאָך איהר נאָך. און גאָר אָפטמאָל פערלויפט ער איהר דעם וועג פאָראויס און ווייזט אונז א צוקונפטס־בילד נאָך מעגליכקייטען, וועלכע זיינען נאָך ניט ארויס „מן הכח אל הפועל“. אָבער א שטיץ־פונקט אין דעם מציאות׳דיגען באָדען מוז ער, דער חלום, שטענדיג האָבען. די וואָס ווילען אָבער בויען א גאַנץ נייע צוקונפט, ניט אויף דעם סמך פון דער פערגאַנגענהייט, זיינען אפילו קיין טרוימער אויך ניט. זייער דענקען איז אויסדענקען, זייער טראַכטען איז אויסטראַכטען און זייערע שעפּפונגען קאָנען אין בעסטען פאַל דערגרייכען נאָר די מדרגה פון א גולם — א נאָכגעמאַכטע זאַך, א מעכאַנישע כלי. דאָס איז דער האָמונקולוס פון די אַלכעמיקער, דער גולם פון די בעלי־קבלה. אָהן א טאַטען און אָהן א מאַמען, א פּראָדוקט פון א צוהיצטער, צושמאָלצענער וועלט־אַנשויאונג, א קינד פון א קראַנקהאַפטער פאַנטאַזיע.

אין דער לעצטער צייט האָט מען ווידער ארויסגעשלעפּט ניעטשע׳ן פון קבר, מען האָט זיך ווידער גענומען צום זיין „איבער־מענשען“ און מען וויל אין איהם, אין דעם איבערמענשען פון ניעטשע, זעהן דעם פערפיהרער פון דעם נייעם דור אין דייטשלאַנד. מען האָט געפונען דעם שולדיגען און מען איז צופריעדען, אז מען האָט דערווישט איינעם, אויף וועמען מען קען ארויפוואַרפען די אחריות פון דער שרעקליכער וועלט־קאַטאַסטראָפע. מען האָט געזוכט דעם שד, דעם מזיק און מען האָט געפונען דעם איבערמענשען, דעם גולם, וואָס א קראַנקער דענקער האָט געשאַפען, וואָרום מעהר ווי א גולם איז דער „איבערמענש“ ביז היינטיגען טאָג ניט געבליבען. ניטשע האָט געוואָלט מורד זיין אין די פערגאַנגענהייט, איהם געהערט דער פּאַטענט ווי צו שאַפען א נייע צוקונפט, א שפּאָגעל נייע, און ער איז דעריבער נכשל גע־

וואָרען, און זיין „איבערמענש“ איז גיכער אַ טראַגישע פיגור ווי
אַ געפעהרליכע. דאָס איז ניט קיין מזיק, וועלכער קאָן צושטערען
וועלטען, דאָס איז ניט קיין שעפפער, וועלכער קאָן עטוואָס בויען
— דאָס איז אַ דניאל'ס חלום־געשטאַלט : אַ גרויסער גולם אויף
לעהמענע פיס, פון דעם קלענסטען בלאָז שטירצט ער איין, און עס
בלייבען פון איהם נאָר שערבלעך.

איך וואָלט זיך נישט אָבגעשטעלט אין איצטיגער צייט אויף
טהעאָרעטישע בעטראַכטונגען, ווען איך וואָלט ניט געפיהלט, אַז
זיי, דיעזע בעטראַכטונגען, האָבען פאַר אונז אַ גרויסע בעדייטונג,
אַ פּראַקטישע בעדייטונג, וואָרום אונזערע געגנער, די וואָס פיהרען
אַ שטענדיגע און ציעלבעוואוסטע מלחמה אַנקעגען דעם אידישען
פאָלקס־קיום, שלאָפען ניט, זיי קוקען דוקאָ ניט אויף די מלחמה־
צייט, זיי נוטצען אויס יעדע געלעגענהייט, כדי צו פערברייטען
זייער „תורה“. און געלעגענהייטען האָבען זיי זעהר פיעל. זיי
האָבען די טעמפּלען, זיי האָבען געמיינדען און געמיינדע־פערבאַנדען,
זיי האָבען די זאָנטאַג־שולען, זיי האָבען דעם סאַלאָן, די קלובס און
די העכערע געזעלשאַפט. און אין דער לעצטער צייט האָבען זיי
געקראָגען „מליצי־יושר“ גאַנץ אונגעריכטערהייד פון אַזאַ זייט,
פון וועלכער קיינער האָט דאָס גאָרניט געקאָנט ערוואַרטען. זיי
האָבען בעקומען „פּראָלעטאַריער“ אַלס פערטיידיגער פון אַסימילאַ־
טאָרישע פּאָזיציאָנען. ביז אַהער פלעגען מיר זיך אָפּט בעגעגענען
אין לעבען מיט דעם טיפּ פון אַ בורזשוי מיט אַ פּראָלעטאַרישער
פּסיכאָלאָגיע. איצט האָבען מיר צו טהאָן מיט אַ פערקעהרטען טיפּ.

אין דער גאַנצער אידישער וועלט, פון רוסלאַנד ביז אַמעריקאַ
און פון ענגלאַנד ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל און נאָך ווייטער, טרעט
איצט אויף דער געגענזאַץ צווישען די צוויי הויפּט־שטרעמונגען,
וועלכע האָבען שטענדיג בעהערשט אונזער געשיכטע, פיעל שאַרפער
ווי אין פריעדענס־צייטען. און עס איז אַ נאַטירליכע ערשיינונג.
שטענדיג, ווען עס ברעכט אויס אַ קאַטאַסטראָפע, הויבט מען אָן צו
מאַכען דעם חשבון הנפש. דאָס קען מען בעאָבאַכטען אין דער
געשיכטע, דאָס האָבען מיר געזעהען נאָך די ערסטע פּאָגראָמען אין
די אַכטציגער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט, נאָך דער תקופה

פון קישינעוו, נאָך דער רעאַקציאָן אין רוסלאַנד אין יאָהר 1905, און דיזעלבע ערשיינונג הויבען מיר אָן צו מערקען אויך איצט.

מען קאָן זיך ניט פערהאַלטען גלייכגילטיג. די פראַגע פון „זיין אָדער ניט זיין" טרעט ארויס מיט איהר גאַנצער שארפקייט און פאָדערט פון אונז אַ קלאָרע תשובה. און עס האַנדעלט זיך ניט דאָ וועגען פערזענליכע פראַגען. אלס פערזאָן זוכט דער איינצעל־נער צו רעטען זיך ווי ער קאָן, אָבער דורך אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע ווערט קלאָר, אַז דער איינצעלנער קאָן זיך ניט אין גאַנצען בעפרייען, וואָרים ער איז צוגעבונדען צו אַ גרויסען כלל, וואָרים זיין גורל איז אָבהענגיג פון דעם גורל פון כלל. און טרעט מען צו נעהענטער צו דער פראַגע און זוכט מען צו געבען אַ תשובה אויף איהר, מערקט מען באַלד, אַז מיר האָבען דאָ צו טהאָן מיט צוויי שטאַרקע, ענטגע־גענגעזעצטע מחנות. די איינע איז גרויס אין צאָהל, אָבער שוואַכער אָרגאַניזירט. די אַנדערע האָט ניט די מיליאָנען מענשען, זי האָט אָבער די מיליאַרדען זילבער און גאָלד. די איינע שטעהט אויף דעם פעסטען היסטאָרישען פונדאַמענט, זי איז פ אָ ל ק ס ט י מ ל י ך און שטרעבט נאָך אַ נ אַ ט י ר ל י כ ע ר צוקונפט. די אַנ־דערע האָט זיך אָבגעריסען פון דעם גאַנצען און וויל זיך ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ג מאַכען אלס אַ חלק אויף גרונד פון אַ ק י נ ס ט ל י כ ע ר — אין היסטאָרישען זין — צוקונפט.

עס איז גאַנץ פאַלש, ווען מען טיילט איין די אידען אין אָר־טאָדאָקסען און רעפאָרמער און מען וויל אָבלייטען אלע פערשיעדענע האַנדלונגען פון די פערשיעדענע גרופען פון זייערע בעציהונגען צו רעליגיעזע צערעמאָניען און מנהגים. דאָס זיינען פאַלשע ברילען, וואָס דער גלות האָט אויף אונז ארויפגעזעצט, די טהעאָלאָגישע ברילען, גלייך ווי די אידישע פאָלקס־זעעלע האָט גאָר קיין אנדער אינהאַלט ניט אויסער טהעאָלאָגישע פראַגען. דאָס אליין, אַזאַ מין אויפפאַסונג איז דער געפעהרליכסטער פראָדוקט פון דער אַסימי־לאַציאָן. מיר מוזען זיך בעפרייען פון דיעזע פאַלשע ברילען, ערסט דאַן וועלען מיר אָנהויבען צו קוקען אויף זיך זעלבסט און אויף גאָט'ס וועלט ווי פרייע מאָדערנע מענשען. טהעאָלאָגישע

פראָבלעמען פערנעהמען אין אונזער פאָלקס-לעבען ניט מעהר און ניט וועניגער פּלאַטץ ווי ביי די אומות העולם.

וויל מען ריכטיג פערשטעהן דאָס אידישע פּראָבלעם און די הויפּט כחות, וואָס ארבייטען אין אידישען פאָלק, מוזען מיר די אידען איינטיילען ניט נאָך זייערע רעליגיעז-סינאַגאָגאַלע אנשויאונגען, וועלכע שטעלען פאָר נאָר איין מאָמענט אין לעבען, נאָר נאָך דעם הויפּט-ציעל, וואָס די פערשיעדענע מחנות, האָבען זיך געשטעלט אין זייער ארבייט, נאָך דעם אידעאַל פון דער צוקונפט, נאָך וועלכען זיי שטרעבען.

און דאָ האָבען מיר נאָר צוויי מחנות: די נאַציאָנאַליסטען און די אַסימילאַטאָרען.

און עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז די אַסימילאַציאָן איז האַלב טויט, אַז זי האָט פערלאָרען איהר קראַפט. עס שטימט ניט. איהר פּיטום איז נאָך ניט אָבגעבראָכען, איהר אַמביציאָן איז ניט קלענער געוואָרען, און ביי יעדער געלעגענהייט מאַכט זי פאַר זיך פּראָפּאַגאַנדאַ. מיר טאָרען זי ניט מבטל זיין, מיר מוזען זי נאָר פאַנאַנדערנעהמען און צייגען ווי אינהאַלטסלאָז זי איז, ווי ווייט זי איז ניט פונדאַמענטירט און ווי ווייט זי איז פערפיהעריש.

## II

פון צוויי פערשיעדענע זייטען ווערט דער ציוניזם אָנגעגריפען אין דער לעצטער צייט. פון דער אַסימילאַטאָרישער גרופּע, וועלכע האָט פיעלע מאָדערנע פעסטונגען, ווען זיי זיינען אפילו געבויט אין דער פאָרם פון טעמפּלען מיט אַ פערגאָלדעטען מגן-דוד אויפ'ן שפּיטץ דאַך, און אין דער זעלבער צייט אויך פון דער גאַנץ קליינער גרופּע מיט גרויסע אַמביציאָנען, וועלכע בעשטעהט פון איינצעלנע נאַציאָנאַליסטען, אונבעפריעדיגטע און אונצופריעדענע, ווייל זיי שאָקלען זיך נאָך אימער, ווי דער פּענדעל אין אַ וואַנדזייגער, צווישען גלות-אויטאָנאָמיע און טעריטאָריאַליזם, צווישען טעריטאָריאַליזם און ציוניזם. זיי קאָנען ניט פאַרטיג ווערען מיט זיך אַליין, זיי האַלטען אין איין מיישב זיין זיך, זיי מאַכען שטענדיג

רעוויזיאָנען אין דער אייגענער קאָנסטיטוציאָן, זיי זיינען די עביגע „פּוסחים על שתי הסעפּים“, זיי שפּרינגען אויף צוויי געדאַנקען. דאָס איז ניט קיין אנגענעהמער צושטאַנד, דען פון עביגען שפּרינ־גען און אַרומטאַנצען אַרום אידעען און אידעאַלען פערלערענט מען דאָס איינפאַכע געהן, און עס זעהט אויס ווי ביי קידוש־לבנה: „כשם שאני רוקד כנגדך ואיני יכול לנגוע בך,“ — איך שפּרינג אנקעגען דיר און איך קאָן דיך ניט אָנריהרען.

די צוויי דערמאָנטע גרופּען מאַכען זייערע אנגריפען אויף דעם ציוניזם אויף אַ פערשיעדענעם אופן. די אַסימילאַטאָרען גרייפען מעהר אָן די ציוניסטישע ב ע ו ו ע ג ו נ ג ווי די ציוניסטישע אָר־גאַניזאַציאָן, זיי בעקעמפּפען מעהר דעם ציוניסטישען ג ע ד א נ ק ווי די חלק׳דיגע פערווירקליכונג פון דעם גדאַנק אין דער פּראַק־טישער אַרבייט אין ארץ ישראל. בויען קאָלאָניען, פלאַנצען וויינ־בערגער, אָראַנדזשען, מאַנדלען, גרינדען שולען אפילו — מהיכא תיתי, אנקעגען דעם האָבען זיי גאָרנישט, אזוי טענה׳ן זיי לכל הפּחות, אָבער . . . דאָ הויבט זיך אָן אַ לאַנגער, כפול שמונה׳דיגער על חטא פון דער ציוניסטישער ט ה ע אָ ר י ע. ערשטענס זיינען די אידען גאָר קיין פאָלק ניט, אַי וואָס איז, זיי ווערען געהאַלטען פאר אַ פאָלק פון דער גאַנצער וועלט — מוז מען טאַקע שטעלען זיך געגען דעם שרעקליכען בלבול, וואָס אונזערע שונאים האָבען אויס־געטראַכט וועגען אונז. צווייטענס, ווי באַלד מיר זיינען ניט קיין פאָלק, טאָרען מיר גאָר ניט רעדען פון אַן אייגענע שפּראַך, אַן אייגענע ליטעראַטור, אַן אייגענע קונסט — דאָס, זאָגען זיי, זיינען אַלץ זאַכען, וועלכע מאַכען אַ שטריך אין אונזער גאַנצען חשבון, וועלכע גראָבען אונטער אונזער גאַנצע עקזיסטענץ בערעכטיגונג, און דאָס וועלען מיר מיט אַלע אונזערע קרעפטען ניט צולאָזען.

און זיי, די אַסימילאַטאָרען, בעמיהען זיך טאַקע צו פערהינדערן יעדע נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג, זיי לאָזען ניט אויפקומען יעדען נאַ־ציאָנאַלען געדאַנק, זיי ווענדען אָן אַלע מיטעל, אַז דער יונגער דור זאָל פערגעסען אפילו דאָס ביסעלע, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו איהם בירושה, זיי זוכען אויסצומעקען יעדען סימן פון נאַציאָנאַלע געפיהלען און עמפּפינדונגען און לעגען ארויף אַ ר ע פ אָ ר מ י ר ־

טען חרם אויף יעדע ערשיינונג אין אידישען לעבען, וואו עס צאַפּעלט זיך נאָך די נאַציאָנאַלע נשמה.

און מיר זאָלען גאָר ניט לאַכען פון אַ רעפאָרמירטען „חרם“. מען זאָל ניט מיינען, אַז פאַנאַטיזם איז פערבונדען נאָר מיט אָרטהאָדאָקסישען קאָנסערוואַטיזם. עס איז פּונקט אַזוי פאַלש ווי די בעהויפּטונג, אַז אונטאָלעראַנט קאָנען נאָר זיין מענשען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן אַ בעשטימטער פּאַרטיי. די פּאַרטיי־לאָזע זיינען זעהר אָפט די אונטאָלעראַנטעסטע מענשען אויף דער וועלט, און רעפאָרמער און פריידענקער די גרעסטע פאַנאַטיקער. דער אונטערשיעד איז מעהר ניט, וואָס דער אַלטער חרם פלעגט אויסגעבלאָזען ווערען פון אַ שופר, און דער נייער ווערט אויסגע־שפּיעלט אויף אַן אָרגעל.

דאָ געלאַנגען זיי, די אַסימילאַטאָרען, צו אַ פּונקט, וואו עס הויבט אָן דער אינוועניגסטער סכסוך ביי זיי אַליין. זיי הויבען זיך אָן צו דרעהען, זיי ווילען זיך אויסקערעווען און פערפּלאָנטען זיך אַלץ מעהר און מעהר. די אַסימילאַציאָן שליעסט אין זיך איין דעם געדאַנק פון פערשווינדען, פון איינגעשלונגען ווערען אין דער נייער סביבה, אָבער לחלוטין, אַז קיינער זאָל ניט קאָנען וויסען, וואו איז דער איינשלינגער און וואו דער איינגעשלונגענער. עס מוז פּאָר־קומען דערזעלבער פּראָצעס ווי אין פּרעה׳ס חלום מיט די פעטע און די מאָגערע בהמות. עס מאַכט ניט אויס אויב די פעטע ווערען פערשלונגען פון די מאָגערע אָדער אומגעקעהרט, דער עיקר איז, אַז עס זאָל ניט זיין קאָנטיג, אַז מען זאָל זיין פערשוואונדען. אַ האַלבע אַסימילאַציאָן, אַ דריי־פערטעל אַסימילאַציאָן איז מעהר ניט ווי אַ שפּיעל אין אַסימילאַציאָן. כל זמן עס שטעקט נאָך אַרויס פון דעם אידען אַ האַנד אָדער אַ פוס, ווען אפילו דער גאַנצער קערפּער האָט זיך שוין אונטערגע׳טובל׳ט אין דער פרעמדער סביבה, בעשטעהט נאָך אימער די סכנה, אַז איי־נער וועט קומען און וועט נאָך אַרויסציהען דעם גאַנצען אידען. אַ פאָלשטענדיגע אַסימילאַציאָן אָהן טויפע און אָהן מיש־עהען איז מעהר ניט ווי אַ חלום, זי פיהרט ניט צום ציעל. די וועלט, די גרויסע וועלט, די פרעמדע וועלט וועט ניט

מאַכען קיין אונטערשיעד צווישען אַ אידען, וועלכער זאָגט נאָך אַלע טאָג זיין „פּטום הקטורת“ און צווישען אַ אידען, וואָס געהט נאָר איין מאָל אין יאָהר אין שול און דאַווענט פון אַ פערטייטשטען סידור.

דער אונטערשיעד האָט אַ בעדייטונג נאָר פאר די אידישע וועלט אַליין, פאר דער פרעמדער וועלט איז דאָס אפילו קיין קליי־ניגקייט אויך ניט. וואָס איז אָבער די פּעולה, ווען איין איד ווערט בעטראַכט פון דעם אַנדערן אידען אַלס אַסימילירט, ווען די פרעמדע וועלט וויל דאָס ניט אַנערקענען? די גאַנצע אַסימילאַציאָנסזוכט געהט דאָך ניט אָן צוליעב די ניט אַסימילירטע אידען. פאר זיי איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. זי געהט דאָך אָן צוליעב די אַ נ ד ע ר ע, צוליעב די פ ר ע מ ד ע, און די אַ נ ד ע ר ע און די פרעמדע זיינען דוקא זעהר בעשיידען, זיי פערלאַנגען ניט דורכאויס אַ גאַנצען אידען מיט אַלע תרי״ג מצות, פאר זיי איז גענוג אַ איד מיט אַ י י ן מצוה, כדי צו קוקען אויף איהם ווי אויף אַ אידען און צו בעהאַנדלען איהם ווי אַ אידען. פערקעהרט, די אַבשטויסענדע קראַפט פון דעם מאָדערנעם אַנטיסעמיטיזם הויבט זיך דאָך ערסט אָן מיט דעם האַלב אַסימילירטען אידען, וועלכער זוכט אַריינצודרינגען אין די פרעמדע סביבה מיט אַלע כחות, וואָרים קיין אייגענע סביבה האָט ער ניט, ער האָט זיך פון איהר אָבגעזאָגט. דעם אַסימילירטען אידען ווערט אומעטיגליך און אונ־אינטערעסאַנט צו פערברענגען זיין גאַנצע פרייע צייט אונטער זיינע גלייכע, אין קלוב פון אַסימילירטע, שפּאַרט ער זיך אַהין, וואו ער וויל, אַז מען זאָל איהם ניט דערקענען, און מען דערקענט איהם אויף צו להכעים.

אונזערע אַסימילאַטאָרען מאַכען נאָך אַ טעות. זיי פערגלייכען די אידישע רעליגיאָן מיט די אַנדערע רעליגיאָנען. און זיי לערנען אַ גזרה שוה: אַזוי ווי ביי די אומות העולם געהערט דאָך ניט די רעליגיאָן אונבעדינגט צו די נאַציאָנאַלע סימנים, מען קאָן למשל זיין אַ פּראָטעסאַנט אָדער אַ קאַטהאָליק און געהערען דערביי צו דער דייטשער נאַציאָן, אַזוי דאַרף די אידישע רעליגיאָן אויך ניט בע־טראַכט ווערען ווי אַ נאַציאָנאַלער סימן. בכן קאָן מען זיין אַ דייטש,

אַ פראַנצויז, אַז ענגלענדער — צו דייטשען, פראַנצויזען, ענגלענדער גלייך און בלייבען דערביי רוהיג אַן אנהענגער פון דער אידישער רעליגיאָן.

און דאָ ליעגט טאַקע דער גרויסער טעות. די אונהיסטאָ־רישע און אונריכטיגע אויפפאַסונג פון דעם חאַראַקטער און בעשאַפענהייט פון דער אידישער רעליגיאָן. די מאָדערנע פעלקער, אָהן אַן אויסנאַהם, האָבען ניט געשאַפען זייער רעליגיאָן, זיי האָבען אָנגענומען אַ פּאַרטיגע רעליגיאָן, זיי האָבען זי מעהר ניט ווי איין וועניג אומגעענדערט יעדער נאָך זיין נאַציאָנאַלען געשמאַק. מיט אַ פאַרטיגער רעליגיאָן בעגעהען זיך נאַציאָנען ווי דער איינצעלנער ווען ער קויפט אַ פאַרטיגען אנצוג. איז ער צו לאַנג, קירצט ער איהם אונטער; איז ער צו שמאָל, זוכט ער צו מאַכען איהם בריי־

טער. די אידישע רעליגיאָן איז ניט געקויפט געוואָרען פאַרטיג, זי איז דער העכסטער אויסדרוק פון דעם אידישען פאָלקס־גייסט און דעריבער איז זי טאַקע אין איהר ריינער געשטאַלט און פאָרם אויפ'ן ענגסטען אופן פערבונדען מיט דער אידישער פאָלקס זעלע.

ציהט מען אָבער ארויס פון דער אידישער רעליגיאָן איהרע נאַציאָנאַלע עלעמענטען, פערוואַנדעלט מען זי אין אַן אבסטראַקט פילאָזאָפישעס סיסטעם, ווי עס טהוען די מייסטען אַסימילאַטאָרען, נעהמט מען פון איהר ארויס אַלע פאָלקס־סימנים און מען ענגט זי אריין אין די ד' אמות פון דער „סינאַגאָגע“, דאַן הערט אויף די רעליגיאָן צו זיין די לעבעדיגע, די עביג־וואַקסענדע, די בעפרוכ־טענדע, די בעגייסטערענדע, דאַן פערוואַנדעלט זי זיך אין אַ מומיע...

די לעצטע צייט איז געוואָרען אַ מאָדע ארויסצוציהען פון קאַפע דעם קאָפעאין, פון טאַבאַק דעם ניקאָטין און פון ווייַן דעם אַלקאָהאָל. דער בעריהמטער וואָלדייער האָט געשריבען איבער די נייע מאָדע און האָט זיך איבער איהר לוסטיג געמאַכט. דער רייץ פון דעם קאַפע בעשטעהט אין דעם קאַפעאין, פון דעם טאַבאַק אין דעם ניקאָטין און פון דעם ווייַן אין דעם אַלקאָהאָל. האָסטו מורא פאַר דיעזע דריי זאַכען, טרינק ניט און רויכער ניט, אָבער נאַר ניט די וועלט און קודם כל נאַר זיך אַליין ניט. וואָלדייער

האָט בעטיטעלט זיין אָבהאַנדלונג איבער דיעזען גענענשטאַנד:
„די קאַסטרירטען געניסע.“ מען קאָן דאָס ניט גוט איבערזעצען.
איך וואָלט דאָס גערופען: „גע'פגר'טע הנאות.“

דעם אמת זאָגענדיג, האָט מיך וואַלדייער'ס אַרטיקעל געלאָזען קאַלט. און איך האָב נישט געקאָנט בעגרייפען דעם כעס און די ענטריסטונג פון דעם גרויסען געלעהרטען. מילא, ווען מען טהוט מען אַ היזק, אַז מען זופּט אַ ברוין־געפאַרבטע פליסיגקייט און מען שמועסט זיך איין אַז עס איז קאַפע, אָדער מען רויכערט גראָז און מען מיינט אַז עס איז טאַבאַק, אָדער מען טרינקט טרויבען־זאַפט און מען גלויבט עס איז וויין? אָבער ווען איך זעה, אַז מען געהט צו די היילינגסטע גיטער וואָס אַ פאָלק פערמאָגט, און מען וויל פון זיי אַרויסציהען זייער ח י ו ת, מען טרעט צו צום היסטאָרישען יודענטהום און מען וויל פון איהם אַרויסרייסען זיינע נאַציאָנאַלע עלעמענטען — דאַן בעקום איך אויך אַ ביסעל ענטריסטונג. ווען מען געהט גאָר צו צו די נביאים און מען וויל פון זיי מאַכען פאַרבלאָזע קאָסמאָפּאָליטען, ווער איך נאָך ברוגז'ער, און ווען מען וויל דעם יודענטהום אָבשניידען די האָפנונג אויף אַ זעלבסטשטענדיגע, אייגענע צוקונפט, ווער איך אינגאַנצען אין כעס.

און מיט אַזעלכע טומפּע בלי־זין, מיט אַזעלכע אונהיסטאָרישע און אונוויסענשאַפטליכע מיטלען וויל מען בעקעמפּפען אַ אידעע, וועלכע געהט דורך ווי אַ ריעגעל דורך אונזער גאַנצע געשיכטע. מיט אַ פּאָר פּסוקים, אַרויסגעריסען פון זייער צוזאַמענהאַנג און נאָך דערצו פ ע ר ט י י ט ש ט ע פּסוקים, וויל מען טויט מאַכען דעם אידיש־נאַציאָנאַלען געדאַנק. דאָס איז שוין אַ מלחמה ניט געגען אַ אידישע פּאַרטיי, דאָס איז אַ מלחמה געגען די מ אָ ד ע ר נ ע אויפפאַסונג פון דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם. דאָס נאַציאָנאַלע פּראָבלעם איז ניט קיין ציוניסטישע און אויך ניט קיין אידישע ערפינדונג. דאָס איז פיעלייכט דאָס וויכטיגסטע פּראָבלעם, וואָס דאָס נייצעהנטע יאָהרהונדערט האָט אַרויסגערוקט. די אָרימע מענשהייט מאַטערט זיך צו געפינען אַ לעזונג, אַ ריכטיגע תשובה, קומט מען און מען וויל פערענטפערען אַזאַ הארבע שאלה מיט אָבגעדראָשענע פּשט'לעך.

די אַסימילאַציאָן איז אַ פּשט'יל, דאָס לעבען איז אָבער ערנסט, און די געשיכטע לערנט מיט אונז פּשט.

## III.

ציוניסטען און סתם נאַציאָנאַליסטען דאַרפען ניט בעטראַכט ווערען ווי אַנהענגער פון צוויי פערשיעדענע וועלט־אַנשויאונגען אָדער פון צוויי פערשיעדענע פּאָליטישע ריכטונגען. זיי דאַרפען ניט אַזוי בעטראַכט ווערען שוין פּשוט מחמת דעם איינפאַכען טעם, ווייל דער ציוניזם אַליין איז ניט קיין וועלטאַנשויאונג, ער איז פונדאַמענטירט און אויפגעבויט אויף דעם נאַציאָנאַליזם, און ווייל דער נאַציאָנאַליזם איז *מעהר ניט* ווי אַ וועלט־אַנשויאונג און שליעסט אין זיך ניט איין קיין פּאָליטישעם פּראָגראַם. דער ציוניסט, דער בעוואוסטער, גרינדליכער ציוניסט, מוז זיין אַ נאַציאָנאַליסט אין זיין וועלט־אַנשויאונג. דער אידישער נאַציאָנאַליסט, ווען ער איז ערנסט און טרייבט ניט קיין שפּיעל מיט בעגריפען, קאָן ניט זיין קיין *פּרינציפּיעלער* געגנער פון ציוניזם, דען דער ציוניזם איז די לעצטע קאָנזעקווענץ פון דעם נאַציאָנאַליזם, ווען מיר ווענדען איהם אָן אויף די פערענטפערונג פון דעם אידישען פּראָבלעם. ווען מיר זאָלען צולאָזען אויף אַ ווייל, אַז די אידען קענען בעקומען פּאַלעסטינאַ, און אַז מען קען דאָרט האָבען פּלאַץ פאַר פיעלע, פיעלע מיליאָנען, וועלכע זאָלען דאָרט בעגרינדען אַן אייגענעם, אונאַבהענגיגעם פּאָלקס־לעבען — דאַן וואָלט *מוזען* יעדער אידישער נאַציאָנאַליסט סימפּאַטיזירען מיט אַזאַ פּלאַן. סימפּאַטיזירען איז נאָך וועניג, ער וואָלט מוזען צושטעהן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן און מיטאַרבייטען, מיטהעלפען. ווען ניט, פערלייקענט ער זיין אייגענעם נאַציאָנאַליזם.

די נאַציאָנאַליסטען קענען בשום אופן ניט רעכטפערטיגען זייער געגנערשאַפט צום ציוניזם מיט אַ *פּרינציפּיעלען* גרונד, זיי מוזען דעריבער זוכען אַ גאַנץ אַנדערע בעגרינדונג. און בעגרינדונגען, פאַר וואָס עס לוינט *ניט* צו נעהמען אויף זיך

אזא גרויסע און פעראנטוואָרטליכע אויפגאבע, קאָן מען שטענדיג געפינען לרוב. ערשטענס טויג דאָס לאנד ניט. צווייטענס ווילען די אידען ניט, און דריטענס וועלען די אנדערע נאציאָנען ניט צולאָזען אז ארץ ישראל זאָל געהערען די אידען. דאָס לאנד טויג ניט, ווייל עס איז צו קליין, די אידען ווילען ניט, ווייל זיי האָבען זיך שוין אָבגעריסען פון אָריענט, און די אנדערע פעלקער וועלען שטערען די דורכפיהרונג פון אזא פלאן, ווייל פאלעסטינא איז זיי אלעמען צו טהייער און צו הייליג.

דאָס זיינען בקיצור די טענות פון די נאציאָנאליסטען, וועלכע טרעטען אויף געגען דעם ציוניזם. איך האָב זיי, די טענות, פאָר־מולירט נאָר גאנץ קורץ און ניט אריינגעגאנגען אין זייערע איינ־צעלהייטען, ווייל די פרטים אינטערעסירען אונז דאָ ניט. אונז אינטערעסירט אויך ניט אין דיעזען מאָמענט אריינצולאָזען זיך אין וכוחים און צו אנאליזירען די טענות, ווי ווייט זיי זיינען ריכטיג אָדער פאלש. איך האָב נאָר געוואָלט דערמיט בעווייזען, אז די אלע טענות פון די נאציאָנאליסטען זיינען ניט געבויט אויף א פ ר י נ צ י פ י ע ל ע ר געגנערשאפט, נאָר אויף זייטיגע מאָ־מענטען. עס פעהלט ניט ביי די געגנער דער װ ו א ו נ ש, עס פעהלט דער ג ל ו י ב ע ן. זיי פערוואַרפען ניט דעם ע צ ם ג ע ד א נ ק, זיי לייקענען נאָר זיין ד ו ר כ פ י ה ר ו נ ג, זיין פ ע ר ו ו י ר ק ל י כ ו נ ג. א פ ר י נ צ י פ י ע ל ע שאלה אָבער האָט צו טהאָן נאָר מיט דעם װ ו א ו נ ש, א שאלה פון מ ע ג ל י כ ק י י ט האָט א ריין פ ר א ק ט י ש ע ן חאראקטער.

דאָ ענטשטעהט דער פער'כשופ'טער קרייז, אין וועלכען עס דרעהען זיך די נאציאָנאליסטען און קאָנען פון איהם ניט ארויס־קריכען. נאָך דעם װ ו א ו נ ש אליין האָבען אלע אידישע נאציאָנאליסטען געמוזט מודה זיין אין דעם ציוניסטישען אידעאל. נאָר עפעס דערלאָזט זיי ניט צו זיין קאָנזעקווענט. עפעס האלט זיי אָב אויפ'ן האלבען וועג. זוכען זיי א תירוץ און געהען איבער צום מ ע ג ל י כ ק י י ט ס ־ מאָמענט. דער בעגריף פון מעגליכקייט און אונמעגליכקייט איז אָבער קיין פשוט'ער בעגריף, אדרבא, ער

איז זעהר קאָמפּליצירט און צוזאַמענגעזעצט פון פ י ע ל ע מאָמענטען, און צווישען היעזע מאָמענטען שפּיעלט דער ו ו א ו נ ש אפשר גאָר ניט די הויפּט ראָלע. ווייל זעהר אָפט אין לעבען הענגט אָב די מעגליכקייט פון וואונש, פון דעם גראַד, פון דער שטופע, פון דער אינטענסיוויטעט פון וואונש. ווינשען און ווינשען איז ניט גלייך. פרעגט אפילו אַ רוסישען פּאָפּ אויב ער וויל ווערען אַ בקי אין ש"ס און פוסקים, וועט ער געוויס ענטפערען: אודאי. ווייל מיט אַזוינע קענטניסע וואָלט ער געקאָנט דערגרייכען אַ הויכע מדרגה. אָבער זאָגט איהם ווייטער, אַז כדי צו דערגרייכען אַזאַ ציעל, מוז ער אָנווענדען פיעלע כחות און יאָהרען, יאָהרען לאַנג פלייסיג שטודי־רען, וועט ער אייך געוויס ענטפערען: דאָס איז אונמעגליך. איך האָב טאַקע דעם ו ו א ו נ ש, אָבער איך ג ל ו י ב ניט אין די מ ע ג ל י כ ק י י ט דורכצופיהרען אַזאַ שווערען פּלאַן. די אונמעגליכקייט אָבער ליעגט אין דעם שוואַכען גראַד פון זיין וואונש. זיין וואונש איז מעהר ניט ווי אַ פּלאַטאָנישער. זיין וואונש איז נאָר אַ לאָגישער. מיט זיין פסיחיקע, מיט זיין נשמה האָט ער גאָר ניט וואָס צו טהאָן. מיר רופען דאָס וואונש, אָבער אין אמת'ען איז דאָס מעהר ניט ווי אַ שטיקעל אויסרעכענונג, אַ שטיקעל טרו־קענער חשבון.

זעלבסטפערשטענדליך פאַלט מיר ניט איין צו פערגלייכען דעם וואונש פון אונזערע נאַציאָנאַליסטען מיט דעם וואונש פון דעם רוסישען פּאָפּ צו זיין אַ תלמוד־קענער. איך האָב געבראַכט אַן עקסטרעמען ביישפּיעל כדי צו בעווייזען, אַז מיט דעם בעגריף וואונש אַליין זיינען מיר ניט יוצא. מיר מוזען אויך אונטערזוכען די שטאַרקייט פון דעם וואונש, אויף ווי פיעל דער ווינשער איז גרייט צו אָ פּ פ ע ר ע ן כדי זיין וואונש זאָל קענען מקוים ווערען.

און דעריבער האַלט איך טאַקע, אַז די גאַנצע גענגערשאפט פון די נאַציאָנאַליסטען צו דעם ציוניזם געהט ארויס פון דער פערשידענהייט אין דעם גראַד פון דעם נאַציאָנאַלען ווינשען ביי דיביידע גרופּען. די פאָלקסקלוגהייט האָט געשאַפען אַ שפּריכוואָרט: „דער וואונש איז דער פאָטער פון דעם געדאַנק". איך וואָלט זאָגען:

אַ שוואַכער וואונש איז דער פֿאָטער פֿון שוואַכע תירוצים. אויך ווען מיר זאָגען, אַז עס פֿעהלט דער גלויבען, איז דאָס אַ סימן אַז עס פֿעהלט דער וואונש. אָבער עס איז זעהר שווער מודה צו זיין זיך אין אַ קראַפֿטלאָזען וואונש, זוכט מען צופֿלוכט צו „ניט־גלויבען". ניט־גלויבען מיינט מען איז אַ בעוויין פֿון אַ קריטישען פֿערשטאַנד, פֿון שטרענגער לאָגיק, פֿון אויפֿגעקלערטקייט. דאָס איז די אַלטע מיי־נונג, וועלכע שטאַמט ביי אונז אידען ספּעציעל פֿון דער השכלה עפּאָכע, ווען די ישיבה־בחורים האָבען זיך מיט אַמאָל דערוואוסט פֿון איינינע עלעמענטאַרע נאַטורגעזעצען — אַן איבערוואונדענער שטאַנדפּונקט.

ווי דאָס איז, די נאַציאָנאַליסטען טראָגען איבער זייערע אָנ־גריפֿען געגען דעם ציוניזם אויף די שאלה פֿון מעגליכקייט און אונמעגליכקייט. זיי בעקעמפֿפֿען ניט, ווי די אַסימילאַטאָרען, דעם ציוניסטישען אידעאַל, זיי האַלטען מלחמה געגען די פּראַקטישע אויספֿיהרונג פֿון דעם ציוניזם. און מיר האַלטען דאָס פֿאַר איינע פֿון די טרויעריגסטע ערשיינונגען פֿון אונזער גלות־לעבען.

די ציוניסטען און די נאַציאָנאַליסטען האָבען אַ געמיינזאַמען געפֿעהרליכען פּרינציפּיעלען געגנער, און דאָס איז די אַסימילאַציאָן אין אַלע איהרע פֿאָרמען און ערשיינונגען. און אַנשטאָט צו פֿעראייניגען זיך און פֿיהרען דעם קאַמפֿף בשותפֿות געגען אַ וועלטאַנשויאונג, וועלכע ענטהאַלט אין זיך סם־המות פֿאַר אונזער פֿאָלקס־קיום, אין וועלכער עס שטעקט אַ סכנה פֿאַר אונזער גאַנצע צוקונפֿט, — געפֿינען די נאַציאָנאַליסטען קיין בע־סערע אַרבייט ניט ווי צו מאַכען אָנפֿאַלען אויף דעם ציוניזם. אַזוי האָבען זיך אַמאָל געקריעגט אונזערע חסידים און מתנגדים וועגען דער שאלה, וואָס זאָל מען זאָגען צוערשט: „מזמור שיר חנוכת" אָדער „ברוך שאמר", און בשעת זיי זיינען געלעגען איינע די אַנדערע אין די האָר, האָט הינטער זיי אָנגעהויבען צו אַרבייטען אַ דריטע גרופּע, וואָס האָט געוואָלט פּטור ווערען אי פֿון „מזמור שיר חנוכת" אי פֿון „ברוך שאמר" און האָט גע'טענה'ט, אַז קודם כל דאַרף מען גאָר זאָגען „לחיים". די ווייטקייט צווישען די נאַ־ציאָנאַליסטען און די ציוניסטען איז אַ סך אַ גרעסערע ווי צווישען

די מתנגדים און די חסידים אין דער פראגע פון די תפלות, אָבער די לאָגיק פון דער טאַקטיק איז דיזעלבע.

נעהנטער פון די נאַציאָנאַליסטען זיינען צוגעגאַנגען די טערי־טאָריאַליסטען צום ציוניסטישען געדאנק. אָבער אויך זיי, אַ קליין הייפעלע פון קוים אַ מנין, האָבען זיך מעהר בעשעפטיגט מיט דער קריטיק פון ציוניזם ווי מיט דעם זוכען פון אַ טעריטאָריע. עס ליעגט אין דער נאַטור פון דעם מענשען, אַז ער זוכט שטענדיג אָנצו־גרייפען דעם נאָהענטען און לאָזט צו רוה דעם ווייטען. זאָל צום ביישפּיעל איין אָרטאָדאָקסער איד זעהן, ווי זיין חבר שניידט די נעגעל ניט בסירוגין, וועט ער אויף איהם אָנפאַלען און מוסר'ן. ווען ער זעהט אָבער ווירקליכע עברות פון „אַ ווייטען“, שווייגט ער. עס איז אַ פּנים לייכטער צו בעשעפטיגען זיך מיט קריטיק פון דעם נאָהענטען ווי צו בעקעהרען דעם ווייטען.

און דערווייל וואַקסט ביי אונז אַ דור „וועלכער האָט יוסף'ן ניט געקאָנט“, וועלכער וועט ניט פערשטעהן אונזערע מחלוקות, ווייל מיר האָבען „זעעלען־זאָרגער“, וואָס דאגה'ן זיך דערפאַר, אַז אונזער שפּראַך, אונזער שאַפען, אונזער דענקען און אונזער פיה־לען זאָלען בלייבען פרעמד אונזערע אייגענע קינדער. מיר וועלען זיך מתוכח זיין, צו קאָן מען שאַפען אַ נייע הייליגקייט פאַר אַ נייע טעריטאָריע, און אונזערע קינדער וועלען דערווייל זינקען אין די ניין און פערציג שערי טומאה פון גלות. מיר וועלען זיך אַרומקריגען וועגען העברעאיש און אידיש, און אונזערע קינדער וועלען זיך ביסלעכווייז אַנטוואָוינען פון ביידע לשונות. און מיר וועלען בע־קומען אַ דור, וואָס איז געשטילט געוואָרען ניט פון אַ מוטער, נאָר פון דער פלאַש, קינסטליך דערנעהרט געוואָרען פון דער פרעמדער סביבה.

מעגליכקייטען און אונמעגליכקייטען ליעגען אין אונז גופא, אין אונזער אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיגקייט. אַ פעראייניגטער ווילען פון אידישען פאָלק וואָלט פערצעהנפאַכט די מעגליכקייטען. פיעלעס, וואָס שיינט די געגנער פון דעם ציוני־סטישען געדאנק אונדורכפיהרבאַר, וואָלט געקאָנט פערווירקליכט

ווערען, ווען זיי וואָלטען אָנגעשטרענגט זייער ווילען.
זאָלען זיי זיך ניט פערשאַנצען הינטער אויסרעדען און תירוצים.

וואָס אונז פעהלט, איז דער שטאַרקער ווילען, דער אינטענ־
סיווער וואונש, דער געזונדער נאַציאָנאַלער אפּעטיט.

17—14 מערץ, 1915.

# בעוועגונג און אָרגאַניזאַציאָן

קומט מען צו בעאורטיילען וועלכע עס איז פּאָליטישע פּאַרטיי, אויפגעבויט אויף א נאציאָנאַלער אָדער אויף א סאָציאַלער גרונדלאגע, מוז מען נעהמען אין אנבעטראכט צוויי מאָמענטען: בעוועגונג און אָרגאַניזאַציאָן. נעהמט מען אריין אין חשבון נאָר די אָרגאַניזירטע כחות, וועלכע האָבען זיך געשטעלט די אויפגאבע צו פערווירקליכען א בעשטימטעם פּאָליטישעם פּראָגראם, און מען לאָזט אוים די הערשענדע שטימונגען, די סימפּאטהיען, וועלכע זיינען דאָ אין צושטרייטען צושטאַנד אין דער געזעלשאַפט און זיינען פריינדליך גענייגט צו דעם זעלבען פּראָגראם — דאן וועט דער חשבון קיין מאָל ניט זיין א פאָלשטענדיגער. בעוועגונג און אָרגאַניזאַציאָן קאָנען זיך קיין מאָל ניט דעקען און קאָנען דעריבער ניט בעטראכט ווערען ווי שמות נרדפים. די אָרגאַניזאַציאָן קאָן קיין מאָל ניט איבערשטייגען די בעוועגונג, אָבער די בעוועגונג איז שטענדיג אומפּאסענדער ווי די אָרגאַניזאַציאָן. אָפטמאָל שטעלט פאָר די אָרגאַניזאַציאָן נאָר א קליינעם חלק פון דער בעוועגונג, זי פערהאַלט זיך צו דער בעוועגונג נאָר ווי דער מרכז צום עיגול, ווי דאָס צענטרום צו דער פּעריפעריע.

דאָס פערהעלטניס צווישען אָרגאַניזאַציאָן און בעוועגונג איז דאָס זעלבע ווי צווישען א מאַשינע און די קראַפט, דורך וועלכע זי ווערט בעוועגט. די אָרגאַניזאַציאָן איז די מאַשינע, די בעוועגונג איז די טרייבענדע קראַפט. דער אידעאל פון יעדער פּאָליטישער פּארטיי בעשטעהט דעריבער דערין: אריינגנעהמען אונטער איהרע פליגלען און קאָנצענטרירען אין זיך אלע כחות פון דער בעוועגונג; ניט צולאָזען, אז א חלק פון זיי זאָל געהן לבטלה. צו דערגרייכען דעם אידעאל איז אָבער אונמעגליך, מען קאָן זיך צו איהם נאָר דערנעהנטערען.

אפילו אזא גוט פונדאמענטירטע און פעסט אויסגעבויטע פּאָליטישע פּארטיי ווי די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע איז נאָך אויך ווייט פון דעם אידעאַל. עס זיינען נאָך דאָ *מיליאָנען* דייטשען, וועלכע געהערען מיט אלע זייערע חושים און סימפּאטהיען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער בעוועגונג, אָבער דאָך שטעהען זיי „מחוץ למחנה“ און האָבען זיך ניט אָנגעשלאָסען אָן דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּארטיי. פיעלע מניעות זיינען דאָ, וועלכע לאָזען ניט צו, אַז די מענשען זאָלען זיך אָרגאַניזירען נאָך זייערע סימפּאטהיען. עס זיינען דאָ מענשען, וועלכע גלויבען, אַז מיט זייער אריינטריט אין אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן פערקויפען זיי זייער פּערזענליכע פרייהייט, און יעדע פּארטיי־דיסציפּלין שרעקט זיי אָב. אַנדערע גלויבען, אַז בלייבענדיג „מחוץ למחנה“ וועלען זיי קאָנען דיענען פאר די אינטערעסען פון דער פּארטיי אין אַ בעסערען אופן, ווי ווען זיי וואָלטען זיך געפונען אינוועניג, אין דער פּארטיי גופא.

מיר דארפען אָבער ניט פערגעסען, אַז די דייטשע סאָציאַל דעמאָקראַטיע האָט לכל הפּחות אין די לעצטע צעהנדליגע יאָהרען, זייט מען האָט מבטל געווען דעם סאָציאַליסטען־געזעץ, געהאט די מעגליכקייט אריינצונעהמען צו זיך אלע עלעמענטען, וועלכע האָבען סימפּאטיזירט מיט איהרע גרונדלאַגען. זי האָט אויף איהר וועג געהאט צו טהאָן מעהר מיט דעם ווידערשטאַנד פון די אַנדערע געזעלשאפטליכע קלאַסען ווי מיט פּאָליציייליכע שטערונגען. און דאָך איז זי נאָך ווייט פון דעם אידעאַלען צושטאַנד, וואו אָרגאַניזאַציאָן און בעוועגונג זאָלען זיך פערשמעלצען צו *איין* בעגריף.

ווען מיר געהען צו אונזער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן, מוזען מיר פעסטשטעלען, אַז דער מרחק צווישען אונזער *אָרגאַניזאַציאָן* און דער ציוניסטישער *בעוועגונג* איז נאָך בעדייטענד גרעסער ווי ביי די אַנדערע פּאָליטישע פּארטייען. ביז איצט האָבען מיר אפילו קיינע ב׳ערך׳דיגע צאָהלען ניט, וועלכע זאָלען קאָנען דיענען אלס אסמכתא, כדי ארויסצוגעפינען די דיסטאַנץ צווישען אָרגאַניזאַציאָן און בעוועגונג.

סבות זיינען דאָ אונצעהליגע, וועלכע האָבען געשטערט די ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן אין איהר וואוקס, וועלכע האָבען ניט צוגעלאָזען, אז די אָרגאניזאציאָן זאָל האלטען שריט מיט דער בעוועגונג. מיר שטעלען זיך אָב נאָר אויף דער הויפּט סבה.

„אונזער גרעסטער שונא איז די געאָגראפיע“. דיזער אפאָריזם געהערט ניט מיר, איהם האָט צום ערשטען מאָל אויסגעשפּראָכען איינער פון אונזערע אקטיווע חברים אויף א ציוניסטען קאָנגרעס. אין וועניגער ווערטער און אין קירצערער פאָרם וואָלט קיינער ניט געקאָנט אויסדריקען אזוי שארף אזא טיעפען און אמת'ען געדאנק.

ביי אַלע פּאָליטישע פּארטייען זיינען בעוועגונג, אָרגאניזאציאָן און ציעל לכל הפּחות ג ע אָ ג ר א פ י ש פעראייניגט. דער אידעאל קאָן זיין א וועלט אידעאל, אָבער מען דיענט איהם אויף א בעשטימטען פּלאץ. דאָרט איז דער שווערפּונקט פון דער בע־וועגונג, דאָרט איז דער שווערפּונקט פון דער אָרגאניזאציאָן און אויף דעם זעלבען פּלאץ ערוואַרט מען אויך די פערווירקליכונג פון דעם אידעאל.

גאנץ אנדערס זעהט עס אָבער אויס אין דער ציוניסטישער פּארטיי. דער שווער־פּונקט פון דער בעוועגונג איז דאָרט, וואו עס לעבען די הויפּטמאסען פון אידישען פאָלק, דאָס הייסט אין מזרח־אייראָפּא. דער שווער־פּונקט פון דער אָרגאניזאציאָן האָט ג ע ־ מ ו ז ט פערלעגט ווערען נאָך מערב־אייראָפּא, און דאָס ציעל געפינט זיך ניט אין מזרח און ניט אין מערב פון אייראָפּא אויך ניט אין אמעריקא, וואו עס לעבט א גרויסער חלק פון דער אידי־שער מאסע, נאָר אין אזיען. און ווען מען שוועבט ארום אין גע־דאנק צווישען בעוועגונג, אָרגאניזאציאָן און ציעל, מוז מען פיה־רען א שטענדיגע מלחמה מיט דער געאָגראפיע, מען מוז גובר זיין גרויסע ענטפערנונגען ביז מען געפינט אויס א פּשרה'דיגען רוהע־פּונקט.

געאָגראפיע איז אָבער ניט נאָר ענטפערנונג אין רוים. געאָגרא־פיע בעדייטעט פיעל מעהר, געאָגראפיע הייסט פערשיעדענע סביבות, פערשיעדענע לעבענס־פאָרמען, פערשיעדענע אויפפאסונגען און פער־

שיעדענע ארבייטס־ און אָרגאַניזאַציאָנס־מעטהאָדען. און דאָס אַלעס מוז בייגעקומען ווערען, ביז מען קומט צו אַ מעהר אָדער ווייניגער איינהייטליכען סיסטעם, ביז מען געפינט ארויס די פּאַסענדע אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם.

פון די אנדערע מניעות ווילען מיר גאָר ניט ריידען, זיי ליעגען אויבען אויף. און יעדער פון אונז, וועלכער האָט צו טהאָן מיט אָרגאַניזאַציאָנס־פראַגען, ווייס זיי און קען זיי.

מיר שטעלען פעסט דעם אָבשטאַנד צווישען אונזער אָרגאַניזאַציאָן און אונזער בעוועגונג פון איין זייט מיט בעדויערען, אָבער פון דער אַנדער זייט — מיט צופריעדענהייט און פרייד. מיר בעדויערען דיעזע ערשיינונג, ווייל אין איהר דריקט זיך אויס דער גלות מיט אַלע זיינע שוועריגקייטען און ביטערקייטען, ווייל זי דערמאָהנט אונז שטענדיג, אַז מיר זיינען געבונדען דורך אַ **פרעמדע** אָבהענגיגקייט. אונזער ווילען איז געשמיעדט און אונזער קראַפט איז געבונדען. עס רייטען איבער אונז פרעמדע בעלי־בתים און אַ גרויסער חלק פון אונזער ענערגיע, פיעלייכט דער גרעסטער חלק, מוז פערוועגדעט ווערען אויף מנצח צו זיין דעם פרעמדען איינפלוס.

מיר רעדען אָבער פון דיזער ערשיינונג אויך מיט פרייד און צופריעדענהייט, ווייל זי לאָזט אונז קלאָר ערקענען, אַז מיר זיינען ערשט ביים אָנפאַנג פון אונזער אָרגאַניזאַטאָרישער טהעטיגקייט. עס ליעגט נאָך פאַר אונז אויסגעצויגען אַ ברייט ארבייטס־פעלד, עס איז נאָך דאָ גענוג פּלאַץ פאַר אונצעהליגע אַקערער און זעער.

אָבשאַפען אין גאַנצען דעם אָבשטאַנד צווישען אָרגאַניזאַציאָן און בעוועגונג וועט זיך אונז קיין מאָל ניט איינגעבען, וואָרים דאָס וואָלט הייסען **ארויסגעהן פון גלות אין גלות גופא**. אָבער מיר קאָנען זיך דערנעהנטערען צו דיזען אידעאַל. אומעדום, פון אַלע זייטען, פיהלען מיר, און גראָד איצט נאָך מעהר ווי פריהער, אַז אונזער בעוועגונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג. עס מעלדען זיך נייע כחות, פרישע, יונגע, ניט פערברויכטע כחות, עס קומען צו אונז **אונזערע בעסטע**, די אידישע **גייסטיגע** אריסטאָקראַטיע קעהרט זיך אום צו אונזערע פאָלקס־אי־

דעאלען. דאָס וואָס מען האָט נאָך נעכטען בעטראכט אַלס א צור־
היצטע פאַנטאַזיע בעהאַנדעלט מען היינט ווי אַן עדעלע און ערנסטע
אויפגאבע, דער חלום הערט אויף צו זיין א חלום, ער ליטערט זיך
אויס און רוקט זיך נעהנטער צו דער ווירקליכקייט. פאַמעליך, פאַ־
מעליך קומט אויך דער „הסכם המדינות“, יענער פונקט פון אונזער
ציוניסטישער פּראָגראם, וועלכען פיעלע האָבען ניט גוט פערשטאַ־
נען. די שטאַרקע און די מעכטיגע, די וואָרט־פיהרער אין דער
אינטערנאַציאָנאַלער וועלט, הויבען אָן צו פערבינדען ארץ ישראל
מיט דער צוקונפט פון אונזער פאָלק. דאָס איז א שפּאָגעל נייע ער־
שיינונג אין אונזער געשיכטע, דאָס איז א פּראָדוקט פון דער ציוניס־
טישער ארבייט, אָבער נאָך אין גרעסערען מאָס קאָן דאָס בעטראכט
ווערען ווי א רעזולטאַט פון דער ציוניסטישער **ב ע ו ו ע ג ו נ ג.**

עס איז דעריבער אונזער וויכטיגסטע אויפגאבע איצט, אין די־
זען ערנסטען און פיעל בעדייטענדען מאָמענט, אויסצובויען און
אויסצוגעשטאַלטען ווייטער אונזער **אָ ר ג א נ י ז א צ י אָ ן.** מיט
יעדען טפח, וואָס ווערט פערקלענערט דער אָבשטאַנד צווישען אָר־
גאניזאציאָן און בעוועגונג, מאַכען מיר א ריעזיגען שריט פאָר־
**ווערטס.**

12 מערץ, 1915.

## ווי געשיכטע ווערט געמאַכט

די אַלטע און די מיטעלאַלטערליכע געשיכטע וועט קיין מאָל ניט קאָנען דערגרייכען צו אַ מדרגה פון א שטרענגער וויסענשאַפט, ווי די געלעהרטע פּערפּאַסער זאָלען זיך ניט אָנשטרענגען אין זייערע אונטערזוכונגען, ווי זיי זאָלען ניט זיין עהרליך אין זייערע כונות. ווייל דער גאַנצער בנין בעשטעהט נאָר חלקים־ווייז פון ציעגעל שטיינער, וואָס די דורות אַליין האָבען אונז איבערגעלאָזען בירושה. צווישען איין חלק און דעם אנדערען זיינען אָבער געבליבען נאָר גרויסע לעכער, און די לעכער מוזען אויסגעפילט ווערען מיט השערות. דאָ ארבייט שוין ניט מעהר דער געניטער בוימייסטער מיט אַ זיכערער האַנד, דאָ שפּיעלט די הויפּט־ראָלע די *איינבילדונגס־קראַפט* פון דעם מחבר.

מיר רעדען נאָך לעת עתה ניט פון דעם פּערפּוטץ און פון דער אויסערער אַרכיטעקטור, מיר האַלטען נאָך דערוויילע ביי דעם רויהען בוי. פיעל היסטאָרישער מאַטעריאַל איז בעגראָבען געוואָרען אונטער די חורבות פון די צושטערטע מדינות און פעלקער. די כראָניק פון די געשעהעניסען איז געפיהרט געוואָרען ניט פּינקטליך און מיט גרויסע איבערהיפּונגען, און סוף כל סוף זיינען געבליבען נאָר שפּורען, סימנים פון די פערשוואונדענע קולטורען און ציוויליזאַציאָנען. דער געשיכטס־שרייבער, דער היסטאָריקער איז מחמת דעם געווען געצוואונגען צו *רעקאָנסטרואירען* דאָס בילד פון דער פערגאַנגענהייט נאָך די ווינציגע אָנהאַלטס־פּונקטען, וואָס ער האָט געפונען. ער האָט ניט געהאַט פאַר זיך אַ שאָסירטען וועג אָדער גאָר אַן אייזענבאַהן, וואו די ריכטונג איז אַ בעשטימטע, ער האָט געהאַט פאַר זיך א מדבר אָדער א געדיכטען וואַלד מיט איינציגע סטאַציאָנען. דעם וועג צווישען איין סטאַציאָן און די אנדערע האָט ער אַליין געמוזט זוכען, ער האָט זיך מיט זיין אייגענעם חוש געמוזט *דורכשניידען* צו אַ בעשטימטען פּונקט. זיינען

טאַקע די מייסטע פערקראַכען אָן א זייט, און אנדערע זיינען גאָר ניט ארויסגעקראָכען.

ערשט מיט דער עפּאָכע פון די אויסגראָבונגען בעגינט אויף א נייע תקופה אין דער היסטאָרישער וויסענשאַפט. מיט די היראָגלי־פען שטעהט אויף מצרים, און מיט די קייל־שריפטען — אשור און בבל תחית המתים, און מיט יעדער נייער ענטדעקונג דערוויסען מיר זיך ערשט, ווי ווייט מיר האָבען געטאַפּט אין דונקעל, ווי ווייט מיר זיינען אויך איצט ווייט פון דער ריכטיגער בעלייכטונג פון דער מענשליכער פערגאַנגענהייט. מיר האָבען נאָך ניט קיין זון, וועלכע זאָל בעלייכטען דעם היסטאָרישען נעכטען, מיר האָבען אין בעסטען פאַל נאָר איינצעלנע שטראַהלען, וועלכע ברעכען דורך בליטץ־ארטיג די דונקעלהייט פון די אמאָליגע דורות.

וואָלט מען דאָך מיינען, אז דאָס אַלעס האָט א שייכות נאָר צו די אַלטע, גרויע צייטען. אָבער די נייע געשיכטע שטעלט שוין פאָר א ריכטיגע פאָטאָגראַפיע פון לעבען, אז לכל הפּחות די נאַקעטע פאַק־טען, די טרוקענע געשעהעניסען זיינען אין איהר רעגיסטרירט גענוי און פּינקטליך, און מיר קאָנען זיך אָהן שום חשד פערלאָזען אויף אַלעס, וואָס ווערט אונז דערצעהלט. דאָס וואָלט אָבער געווען א גרויסער טעות. אונזער אַלטע געשיכטע האָט געליטען, ווייל ס'איז געווען צו ו ו ע נ י ג בוי מאַטעריאַל, און אונזער נייע גע־שיכטע ליידט דערפון, וואָס מיר האָבען צ ו פ י ע ל מאַטעריאַל. מיר האָבען שוין צופיעל שטיינער, צופיעל ציעגעל, מען קאָן זיי ניט אַלע פערווענדען, וואָרים עס וואָלט ארויסגעקומען א וואָלקען־קראַ־צער, דער טהורם פון בבל. מוז מען דאָך אויסקלייבען נאָר א חלק פון דעם אָנגעזאַמעלטען מאַטעריאַל. דאָס אויסקלייבען, די ברירה העננט אָבער אָב פון דעם געשמאַק פון דעם בוימייסטער.

און מיר זעהען טאַקע דעריבער, אז די פערשיעדענע ווערק פון די נייע תקופות זיינען ווייט איינע פון די אנדערע ניט וועניגער ווי די היסטאָרישע ווערק, וועלכע בעהאַנדלען די אַלטע תקופות, ניט נאָר אין דער בעלייכטונג, ניט נאָר אין דער פאַרבונג פון די פאַקטען, נאָר אויך אין דער מיטטיילונג גופא פון די פאַקטען. וואָס איינער האַלט פאַר וויכטיג, האַלט דער אנדערער פאַר א טפל, וואָס

איינער בענוצט אַלס אַ פונדאַמענט, אַלס אַ ווינקעלשטיין, פער־
ברויכט דער אַנדערער אַלס עטוואָס אונבעדייטענדעס, אָדער ער
וואַרפט דאָס אין גאַנצען אַרויס. וועגען די רעפאָרם־בעוועגונג, ווע־
גען די רענעסאַנס עפּאָכע, וועלכע שטעלט פאָר דעם אבשלוס פון
דעם מיטעלאַלטער און די הקדמה פון דער נייער צייט, איז שווער
צו געפינען צוויי ווערק, וועלכע זאָלען בענוצען אַ גלייכען מאַס־
שטאַב ביי דער אבשעצונג פון די פאַקטען. נעהמען מיר דעם דרייסיג־
יאָהריגען קריעג, אָדער די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות, איז וואָס מעהר
מען לעזט וועגען זיי, קאָן מען ווערען אַלץ מעהר מטושטש. דער
בעסטער סימן, ווי ווייט מיר האָבען נאָך ניט קיינע שטרענג וויסענ־
שאַפטליכע מעטהאָדען פאַר די בעשרייבונג און די ערקלערונג פון
אונזער פערגאַנגענהייט.

דער בעריהמטער פילאָזאָף צעלער האָט ד אָ ק ו מ ע נ־
ט אַ ר י ש ע בעוויזען אין זיינע פאָרלעזונגען איבער היסטאָ־
רישער קריטיק, אַז זאָגאַר אין דער געשיכטע פון דעם פראַנ־
צויזיש דייטשען קריעג פון יאָהר 1871 זיינען דאָ אונצעהליגע פעל־
שונגען. עס האָבען זיך אין איהר אריינגע'גנב'עט פאַקטען „ניט
געשטויגען און ניט געפלויגען". עס געהט אַזוי ווייט, אַז אין אַ
שטעדטיל אין פּרייסען האָט מען געשטעלט אַ דענקמאָל אַ גענעראַל
א גבור פאַר די העלדענטהאַטען, וואָס ער האָט בעוויזען אין אַ
בעשטימטער שלאַכט. ערשט נאָך פיעל יאָהרען שטעלט זיך
אַרויס, אַז דער בעטרעפענדער גענעראַל האָט אין דער בעטרעפענדער
שלאַכט ניט געקאָנט האָבען קיין חלק, ווארום ער האָט זיך אין איהר
גאָר ניט בעטייליגט: ער איז אין דער צייט, ווען די שלאַכט איז
פאָרגעקומען, געלעגען אין היץ פיעבער.

אָבער אחרי כל אלה איז דאָס ניט קיין אידישע דאגה. זאָלען
די געלעהרטע און מאָדערנע היסטאָריקער זוכען מיטלען ווי צובע־
וואָרענען די געגענוואַרט, זי זאָל ניט האָבען דעם זעלבען פּסק, ווי
די פערגאַנגענהייט, ווען עס וועט קומען די צייט, אַז מען זאָל זי
בעשרייבען.

פאַר אונז זיינען גענוג אונזערע אייגענע דאגות. אין דעם פּרט
ברויכען מיר ניט צו מאַכען הלואות. אונז מוז אָבער אינטערעסירען
אונזער אייגענער חלק אין דער נייער געשיכטע, וועלכע ווערט פאַר

אונזערע אויגען געשריבען מיט פייער און בלוט. מיר זיינען מ ח ו י ב
אליין צו זאמלען מאטעריאל, כדי עס זאלען נאכהער ניט קומען
קיין פרעמדע און זאלען אונז ניט אנמאכען נייע צרות.

און דעריבער וויל איך אילוסטרירען דורך א פאר ביישפיעלען
ווי ווייט מען מוז זיין פארזיכטיג ביי דער זאמלונג פון מאטעריאל,
וועלכער איז קודם כל נוגע אונז אליין.

צום ביישפיעל קומט א קארעספאנדענט און גיט אונז איבער א
בילד פון די שטימונגען, וועלכע הערשען אין דער אידישער בע־
פעלקערונג אין א געוויסער שטאדט, וועלכע איז איבערגעגאנגען
פון איין רשות אין אן אנדער רשות. עס איז פיעלייכט אינטערע־
סאנט, אבער ניט אלעס, וואס איז אינטערעסאנט, מוז גלייך אי־
בערגעגעבען ווערען אין די צייטונגען, בפרט נאך ווען די אידישע
שטעדט ווערען ארומגעשליידערט ווי אין כף־הקלע, פון איין הער־
שער צום אנדערען. צווייטענס, קענען אזעלכע בילדער בשום אופן
ניט דיענען אלס היסטארישער מאטעריאל, ווייל פון איטליכער
שורה רעדט צו אונז די ש ט י מ ו נ ג פ ו ן ד ע ם ש ר י י־
ב ע ר, ווייל עס קאן זיין, אז בשעת א טייל פון דער בעפעלקע־
רונג האט זיך געפרעהט מיט דעם נייעם בעל־הבית, האט דער אנ־
דערער טהייל געשטיקט אין זיך זיין טיעפען טרויער. טויזענדע
האבען זיך דערמאהנט, אז זיי זיינען עקאנאמיש גאנץ רואינירט
געווארען, זיי זיינען געוועזן פערבונדען אין זייער מסחר מיט
שטעדט און פראווינצען, פון וועלכע זיי זיינען איצט מיט איין
מאל אבגעשניטען געווארען. ווייל מען יא אורטיילען איבער שטי־
מונגען פון א גאנצער בעפעלקערונג, מוז מען אויפזוכען א גאנצע
מאסע פון איינצעלנע פערזאנען, אויספרעגען זיי זעהר אינטים,
ווי א גוטער פריינד פרעגט, איבער זייערע פערבארגענע עמפפינדונ־
גען. מען טאר ניט נעהמען קאפע־הייזער שטימונגען און אורטיילען
נאך זיי איבער די אלגעמיינע שטימונג פון א גאנצער בעפעל־
קערונג.

איך האב ניט אנגערופען דעם נאמען פון דעם שרייבער, אויך
ניט דעם נאמען פון דער שטאדט. ווארום מיר האבען דא ניט צו טהאן
מיט אן איינצעל־ערשיינונג. היינט ווערט נכשל איין קארעספאנדענט
און מארגען אן אנדערער. אפילו די „מלחמה־בריעף“ האבען אויך גע־

מוזט געדרוקט ווערען מיט גרעסערער פּאָרזיכטיגקייט. מען מוז זיך היטען פאר אַ געדרוקט וואָרט, וועלכעס גיט איבער פאַקטען, ווען די פאַקטען זיינען ניט גאַנץ אונשולדיג פון איין זייט און ניט קאָנטראָלירבאר פון דער אַנדער זייט.

נאָך אייןביישפּיעל, צו וועלכען מיר וואָלטען זיך ניט געוואָלט אומקעהרען, ווייל מען האָט שוין גענוג גערעדט וועגען איהם. דאָך קען איך זיך פון איהם ניט אָבזאָגען.

דאָס מאָל האַנדעלט עס זיך ניט מכח אַ פאכמאן אַ קאָרעספּאָנדענט, וועלכער איז אָפּטמאָל געצוואונגען דורך זיין בערוף צו איבערכאַפּען אביסעל די מאָס. דאָס מאָל האַנדעלט עס זיך מכח אַן אונפערצייהליכע אונפאָרזיכטיגקייט, וואָס האָט בעגאַנגען איינער פון אונזערע ערנסטע שריפטשטעלער, וועלכער האָט מיט בעריכטערשטאַטונג גאָר ניט צו טהאָן. איך רעד דאָ וועגען דעם אראבישען איבערפאַל אין די אידישע קאָלאָניען אין ארץ־ישראל.

שטעלט איך פאָר. נאָך דער מלחמה וועט קומען אַ אידישער היסטאָריקער און וועט וועלען געבען אונז אַ בילד פון דעם, וואָס דער נייער ישוב האָט דורכגעמאַכט אין דער מלחמה צייט. ער געפינט פאר זיך אַ קינות־בעריכט פון אַן ערנסטען מאַן, פון אַ פּאָפּולערען מאַן און אַ כשר'ן עדות לכל הדעות. ער געפינט פאר זיך אַ גענויע בעשרייבונג פון אַן אראבישען איבערפאַל, פערפאַסט אין איוב־סטיל, און נאָך מיט אַ צוגאָב: אהא, איך האָב שוין דאָס פרייער פאָראויסגעזאָגט, וואָרים איך בין געזעסען אין אַ האָטעל אין חיפה, איז געגאַנגען פארביי אַן אראַבער און האָט עפּעס געמורמעלט. האָב איך געפרעגט, וואָס מורמעלט דער אראַבער, האָט מען מיר פערטייטשט, דער אראַבער זאָגט: נישקשה זאָלען זיי בויען, מיר וועלען זיך מיט זיי אָברעכענען.

ווען אַ איד פרעגט, וואָס זאָגט דער ערל, און מען פערטייטשט איהם, זאָל ער זיך קיין מאָל דערויף ניט פערלאָזען וואָרים זעהר אָפט ווייס דער פערטייטשטער אויך ניט וואָס דער ערל האָט געזאָגט. נאָר דאָס איז אַ קלייניגקייט. וויכטיגער איז די בעשרייבונג פון אַ געשעהעניש „ניט געשטויגען און ניט געפלויגען".

מילא, ווען די גמרא זאָגט, אז איוב האָט גאָר ניט געלעבט, און די גאנצע מעשה איז מעהר ניט ווי א משל — פערלירען מיר דערביי גאָרנישט. דער ספר איוב איז פיעל וויכטיגער אלס איוב די פערזאָן. אפשר איז דאָס נאָך א געווינס: קיינער האָט ניט געליטען, קיינער האָט זיך ניט געקראצט, קינדער זיינען ניט געשטאָרבען, אפילו די עזעל זיינען גאנץ געבליבען, און אין סך הכל — אזא פראכטווערק, אזא געטליכער ספר.

וואָס האָבען מיר אָבער פון אן אראבער איבערפאל אין איוב סטיל, ווען ער איז נאָר א משל? שרעקעניש און הארצוועהטאָג פאר טויזענדע און טויזענדע, וועמענס דופק קלאפט אין איינעם מיט דעם דופק פון דעם נייעם ישוב אין ארץ ישראל, און אלס א צוגאָב — א שטרויכלונג פאר דעם קינפטיגען היסטאָריקער.

די שורה פון עהנליכע ביישפיעלען האָט געקענט אויסגעצויגען ווערען ווייט אין די לענג. איך גלויב אָבער, אז דורך דיזע פאָר ביישפיעלען קען קלאָר ווערען, ווי וויכטיג עס איז אומצוגעהן פאָר־זיכטיג מיט דער זאמלונג פון מאטעריאל פון דער איצטיגער מלחמה.

פאר די פערגאנגענהייט קען מען אונז ניט שטראָפען. פאר די געגענווארט טראָגען מיר אליין די אחריות.

17 מערץ, 1915.

# ירושלים און בית־אל.

פון אלע זייטען לאָזען זיך הערען טענות: מיר ציוניסטען זיינען עגאָאיסטען, מיר געפינען זיך אין אן ענגען קרייז, אין וועל־כען מיר האָבען זיך ארומגעצוימט, און גלויבען, אז די גאנצע אי־דישע וועלט איז בעשאפען געוואָרען נאָר צוליעב אונז, כדי אונז צו בעדיענען. דער נייער ישוב איז ביי אונז עפּעס ווי א מין בן־יחיד׳ל, א ציטעריג קינד, און אלץ, אלץ וואָלטען מיר וועלען איהם אָבגעבען, אונזער אויפמערקזאמקייט, אונזער מיטגעפיהל, אונזערע סימ־פּאטהיען, אונזער רחמנות, אונזער ענערגיע, אונזער פערמעגען. מיר האָבען צוליעב דעם נייעם ישוב כמעט ווי פערגעסען די גרויסע אידישע וועלט, מיר זיינען מקריב די אינטערעסען פון די מיליאָנען צוזייטע און צושפּרייטע, גערדריקטע און פערפאָלגטע, צוליעב דעם הייפעלע אין ארץ ישראל. פּאסירט עפּעס דעם נייעם ישוב, מאכען מיר א רעש, און מיר זיינען טויב פאר דעם גלות, פאר זיינע צרות און קאטאסטראָפען.

די טענות קומען פון דער געגנערישער זייט. די געגנער פון ציוניזם האָבען מיט אמאָל דערזעהן, וואָס פאר א וויכטיגען פּלאץ ארץ ישראל פערנעהמט נאָך אויך איצט אין אידישען לעבען, מיט וואָס פאר א ליעבע און צערטליכקייט א איד רעאגירט אויף די פּאסירונגען אין „הייליגען לאנד“, מיט וואָס פאר אן אָפּפער־ווילינגקייט ער איז מוכן ומזומן צו טהיילען זיך מיט זיין שטיקעל ברויט מיט די אידישע פּיאָנערען, וועלכע זיינען געגאנגען „צו מאכען א וועג אין דער וויסטעניש“ פאר דעם „קומענדען“, פאר דעם „אויסגעלייזטען“. דאָס האָבען זיי מיט אמאָל דערזעהן, די געג־נער פון ציוניזם, ניט נאָר דערזעהן, זיי האָבען דאָס דערפיהלט — און זיי האָבען די ערשיינונג ניט פערשטאנען, זיי האָבען זי ניט תופס געווען. זיי האָבען אין זייער נאאיוויטעט געגלויבט, אז די לעבעדיגע פערבינדונג צווישען די אידען און ארץ ישראל איז לאנג

צוריסען, דער היסטאָרישער צוזאמענהאנג לאנג אָבגעהאקט. ניט אומזיסט האָבען זיי דאָך אויסגעמעקט אפילו אין די תפלות אלע שטעלען, וועלכע האָבען אַ שייכות צו ציון און ירושלים און וועלכע קאָנען נאָך וועקען האָפנונגען און ערוואַרטונגען. ניט אומזיסט האָבען זיי דאָך געגרינדעט פריסטער־שולען, כדי פאָרצובערייטען כהנים, וועלכע זאָלען משפיע זיין אויף דעם יונגען דור נאָך דעם גייסט פון דער אַסימילאַציאָן. און די כהנים זיינען באמת געווען טרייע דיענער, זיי האָבען פיין געדוכנ׳ט, זיי האָבען אָנגעווענדעט אלע זייערע כחות, זייער גאַנצע אָרימע געלעהרטקייט, אום צו שאַפען אַ מחיצה צווישען דער אידישער פערגאַנגענהייט און דער אידישער צוקונפט. ווי טרייע דיענער זיינען זיי אין זייער קאמפף געגען ציון און ירושלים געגאַנגען נאָך ווייטער פון זייערע בעלי־בתים. כדי אָבצוטויטען די נאַציאָנאַלע צוקונפט, האָבען זיי זיך גענומען אויך צו דער פערגאַנגענהייט, ארויסגעצויגען פון איהר די גאַנצע קדושה, געמאַכט זי צו קליין־געלד.

מיר רופען זיי אָן כהנים און ניט „פאַלשע נביאים“, ווייל מיט דער נבואה, אפילו מיט דער פאַלשער, האָבען זיי ניט וואָס צו טהאָן, וואָרים זיי האָבען פערוואַנדעלט דאָס גאַנצע יודענטהום אין אַ טעמפעל־יודענטהום, און אין טעמפעל האָט דער קולטוס געהערשט אנשטאָט דעם גייסט. דאָס יודענטהום האָט אויפגעהערט צו זיין אַ געזאמט־בעגריף פון אל־דיעזעס, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געשאַפען אויף דעם וועג פון זיין לאַנגער געשיכטע. מען האָט פון גאַנצען יודענטהום אויסגעבאַקען אַ מין פאַרעווע טהעאָלאָגיש־סינאַגאָגאַליש־פילאָזאָפישע לעהרע, בלוט־אָרים און בלייך, אָהן קראַפט און שטאַר־קייט, אַ גלות־געבורט, אַ נעביך־פּראָדוקט.

עס חזר׳ט זיך איבער די אַלטע געשיכטע. עס פאַלען אָב חלקים פון אידישען פאָלקס־קערפּער. דער אָבגעפאַלענער חלק וויל שאַפען פאַר זיך אַ זעלבסטשטענדיגע צוקונפט, ניט אין צוזאמענ־האַנג מיט דעם שותפות׳דיגען עבר פון גאַנצען פאָלק. ווי קאָן מען אָבער מבטל זיין די השפעה פון דעם עבר? הויך און שטאָלץ שטעהט דאָך ירושלים, די פון בערג אומקראַנצטע, פון גאָט גע־

בענשטע שטאָדט, און אלע אויגען זיינען געריכטעט צו איהר, און אלע תפלות פעראייניגען זיך אין איין ברענפונקט, אין דעם בית המקדש. און כל זמן ירושלים און ציון זיינען ניט אויסגעמעקט, כל זמן זיי רופען ארויס בענקעניש און זעהנזוכט, כל זמן זיי בעפרוכטען דעם דענקער, בעגייסטערען דעם דיכטער און בעפליעג־לען דעם קעמפפער, בעשטעהט נאָך אימער די סכנה, אז דער חלק וועט זיך צוציהען צום גאנצען. שטעלט מען אוועק גאָלדענע קעל־בער אין ב י ת ־ א ל און אין דן, און מען הויבט אָן צו פרעדיגען: דאָס איז דער גאָט, וועלכער האָט דיך ארויסגעצויגען פון מצרים. וואָצו זאָלסט דו זיך מטריח זיין, וואָצו עולה־רגל זיין, ווען דיין גאָט איז דיר אזוי נאָהענט. און וואו עס איז דאָ א גאָל־דענעם קאלב, געפינען זיך שטענדיג כהנים, וואָס טאנצען ארום איהם, בוקען זיך און פאלען כורעים.

די גאָלדענע קעלבער — דאָס זיינען די בליטץ־אָבלייטער פון דעם נאציאָנאלען געדאנק. מיט דעם גלאנץ פון גאָלד און א פער־גאָלדעטען עולם־הזה בעמיהט מען זיך נאָך עד היום צו פערדונקלען אונזער נאציאָנאלע אידעע. די געגנערשאפט צווישען ב י ת ־ א ל און ירושלים איז נאָך עד היום אזוי שארף און העפטיג ווי אין די אלטע צייטען.

עס איז מעהר ניט ווי נאאיוו צו בעהויפטען, אז מיר ציוניס־טען האָבען ארויסגערופען די סימפאטהיען פאר ארץ ישראל. איך געדענק נאָך ביי אונז אין שטעדטיל פלעגען די עם־הארצים זיין אין כעס אויפ׳ן לוח, ווען עס פלעגט צופיעל רעגענען. מעהר שכל שטעקט אויך ניט אין דער בעהויפטונג, אז די ציוניסטען מ א כ ע ן די שטימונגען. ווען וועלען שוין אונזערע געגנער קליגער ווערען און בעגרייפען דעם אלף בית פון דער פאָלקס־פסיכאָלאָגיע, ווען וועלען זיי שוין פערשטעהן, אז דער ציוניזם איז מעהר ניט ווי די פ אָ ר מ ו ל י ר ו נ ג פון א פסיכישען פראָצעס, וואָס געהט פאָר אין די טיעפענישען פון דער אידישער נשמה. ווען וועלען זיי איינזעהן, אז זייערע גאָלדענע קעלבער מיט די כהנים אין איינעם זיינען געבליבען מאכטלאָז אין קאמפף מיט דעם לעבעדיגען גייסט. און ווען זיי וועלען דאָס אלעס פערשטעהן, וועלען זיי אויפהערען צו

זיין אין כעס, זיי וועלען אליין דערהערען אין דיעזער ערשיינונג א ווארנענדע שטימע און וועלען דורכקוקען זייערע אייגענע חשבונות. פיעלעס וועלען זיי מוזען אויסמעקען און פיעלעס ניי אריינשרייבען.

אבער אויך די צווייטע העלפט פון דער בעשולדיגונג איז גרונד־פאלש. די ציוניסטען און די ציוניסטישע ארגאניזאציאן האבען בשום אופן ניט געצייגט וועניגער אינטערעס פאר אונזערע ברידער אין די מלחמה לענדער, ווי די ניט־ציוניסטען. אדרבא, די ציוניסטען האבען זיך אלס ערשטע אבגערופען אויף דעם נויט־שריי אין דער גאנצער וועלט, און אין פיעלע, פיעלע ערטער זיינען זיי געווען די א י י נ צ י ג ע, וועלכע האבען אויפגעקלערט און געוועקט דעם גרויסען אידישען עולם. און עס האט גאר ניט געקאנט זיין אנדערש, און די ציוניסטען פערדיענען גאר ניט צו־ליעב דעם בעזונדערע קאמפלימענטען. זיי האבען נאר געטהאן זייער חוב.

עס איז נאך ניט געקומען די צייט מען זאל שוין ר ע ־ ט ר א ס פ ע ק ט י ו ו בעלייכטען, ווי און אין וועלכען אופן די אידישע וועלט האט רעאגירט אויף די לעצטע עלעמענטארע גע־שעהענישען. נאך זיינען צו פריש די וואונדען, נאך האט זיך ניט געלעגט דער שטורם. אלעס דרעהט זיך נאך אין ווירבעל־ווינד, און דער מארגען איז נאך צו אונזיכער. אבער אויך אין רעכטען מיטען שטורם האט מען געקאנט פיהלען, אז מיר ערלעבען אויך עטוואס, וואס איז שעהן און ערהאבען, טייער און הייליג, עטוואס, וואס געהערט ניט צו די טאג־פאסירונגען, עטוואס, וואס וועט איינגעשריבען ווערען אין אונזער געשיכטע. דאס איז: ווי די אידישע וועלט האט רעאגירט אויף דעם דורך דער מלחמה געשאפענעם שרעקליכען צושטאנד אין ארץ ישראל.

19 מערץ, 1915.

# לעבעדיגע מתים

מיר זיינען דאָ ווייט פון דער גרויסער אידישער וועלט, וואו עס געהט איצט דורך דער שרעקליכער שטורם און לאָזט איבער הינטער זיך פערוויסטונג. מיר לייענען די בעריכטען, וועלכע קומען פון יענער זייט ים, און מיר מוזען משער זיין דעם חורבן, מיר מוזען אָנשטרענגען אונזער כח הדמיון, אום צו בעקומען א פאָרשטעלונג פון דער צושטערונג, וועלכע ווערט געשילדערט פון די בעריכט־ערשטאַטער. די השערה און דער כח הדמיון אונזערער מוזען זיך אָבער אויך איבערטראָגען טויזענדע פון מיילען, כדי צו דערגרייכען דעם פונקט, וואו זיי שטעלען זיך אָב און הויבען אָן צו ווירקען. מיר מוזען אין אונזערע געדאנקען מאכען ווייטע, ווייטע נסיעות, איידער מיר קומען צו אונזערע ברידער, איידער מיר דערהערען זייערע זיפצען — אין דער פאָרשטעלונג לכל הפּחות, און געדאנקען ווערען אויך פערמאַטערט פון ווייטע נסיעות, און גאָר אָפטמאָל ווערען זיי ווידערשפּעניג, און גאָר אָפט־מאָל פיהרען זיי ניט אויס זייער שליחות און קעהרען זיך אום פון האלב וועג צוריק.

עס זיצט ביי מיר א פריינד. אָט דאָ גאָר ניט לאַנג איז ער געקומען דירעקט פון „יענע מקומות“. איך בעט איהם, ער זאָל מיר דערצעהלען, אלעס דערצעהלען, וואָס ער האָט געזעהן און וואָס ער האָט געהערט. איך פיהל אז איך בין ניט יוצא, איך דערפיל ניט מיין חוב. עפּעס הער איך שטענדיג א קול פון מוסר, אַן אינוועניגען קול, עפּעס איז עמיצער מיט מיר ניט צופריעדען, איך ווער עפּעס געפּלאגט. איך בעט איהם, מיין פריינד, ער זאָל מיר אַלעס דערצעהלען. אפשר וועט ער דורך זיינע דערצעהלונגען מיך א ביסעל בערוהיגען. דאָס הייסט איך וועל ווערען אדרבא אונרוהיגער, מיינע מחשבות וועלען ווערען ברענענדער, מיינע גע־פיהלען שארפער און איך אַליין וועל זיך צוציהען מיט מיין נשמה

נעהנטער צום חורבן. איך וויל דעם חורבן האָבען געגענוווערטיג. דאָ פאר מיינע אויגען. איך קען זיך ניט בערוהיגען כל זמן איך בין רוהיג. איך זוך דעם שטורם, זאָל ער זיך אויפהויבען *אין* מיר, זאָל ער מיך טרייבען און שליידערען. איך וויל ניט זיין מעהר קיין פערברעכער, איך וויל ניט שלאָפען אין וויכען בעט און אויפשטעהן יעדען טאָג, גלייך ווי די וועלט פיהרט זיך נאָך דעם אלטען מנהג, גלייך ווי גאָרנישט איז געשעהען, און אָנטהאָן מיינע שעהן אויסגעפרעסטע קליידער, מאכען מיין שפּאַציער־גאנג און געניסען מיט געוועהנליכער הנאה מיינע סעודות. איך פיהל, אז ווען דער שטורם וואָלט מיך א פּאַק געטהאָן און איך וואָלט אָנגעהויבען אָבצוריכטען גלות גלות אין א גלות, וואָלט איך זיך אפשר עטוואָס בערוהיגט, דער אינווענינגסטער קול וואָלט אפשר מיך אויפגעהערט צו מוסר'ען. איך בין צוזאמען מיט *מיינע*, איך בין דאָרט, וואו איך געהער, איך דרעה זיך ווי א זעמדעל אין ווירבעל־שטורם, איך בין אונטערוואָרפען דעם גורל פון *מיינע* ברידער.

און איך בעט דעם פריינד, ער זאָל מיר אלעם דערצעהלען. אפשר וועט דאָס לעבעדיג וואָרט מיך אויפוועקען, אויפמונטערען, וואָרים איך פיהל, עפּעס איז אין מיר ניט כשורה, עפּעס איז אין מיר איינגעשלאָפען.

און דער פריינד דערצעהלט מיר. פּשוט און איינפאַך מיט גאנץ פּשוט'ע ווערטער: אלץ וואָס איהר האָט געלייענט איז אמת. וואָלט איינער פון אונז אפשר וועלען אמאָל מגזם זיין — קען ער ניט. וואָרים מיר לעבען אין א צייט, ווען די פּראָזא שטייגט איבער די דיכטונג און דער אמת איבערטרעפט די גוזמא. די ווירקליכקייט האָט דערגרייכט איהר אייגענעם סוף, ווייטער האָט זי ניט וואוהין צו געהן. בקיצור, אלץ וואָס איהר האָט געלייענט איז אמת, נאָר ניט דעם גאנצען אמת האָט איהר געלייענט. עס זיינען דאָ זאכען, וועגען וועלכע מען שרייבט ניט, מען האָט מורא, מען זאָל דאָס ניט האלטען פאר א גוזמא. אלע ידיעות, וואָס קומען צו אייך אָן, זיינען פון ערטער, וואוהין מען קאָן צוגעהן. עס זיינען אָבער דאָ פערוואָרפענע ווינקלען, און אין די שטעדטלעך זיינען דאָ חרוב'דיגע, האלב צושאָסענע, האלב

פערברענטע הייזלעך, און אין די הייזלעך ליעגען „לעבעדיגע מתים“. זיי ליעגען ווי מצבות אויף זייערע אייגענע קברים. פרומע אידען, געוועזענע בעלי בתים. היינט ריהרען זיי זיך ניט. זיי ווילען ניט, מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבען, זיי שטויסען אָב פון זיך יעדע ערבארמונג. טרעפט זיך, עס קומען צו זיי, צו די האלבע מתים, ברידער פון אַנדערע שטעדט, געשיקט פון אַ הילפס־קאָמי־טעט, און זיי ברענגען מיט זיך קליידער און נאהרונג. נעהמען זיי ניט אָן די קליידער. זיי טענה'ן: מיט קליידער קאָן מען ניט פערדעקען די חרפה פון דעם פערלאָרענעם כבוד פון די טעכטער. נעהמען זיי ניט אָן די נאהרונג. זיי טענה'ן: מיט נאהרונג קאָן מען ניט גאַנץ מאכען אַ צובראָכענע נשמה. זיי טענה'ן — דאָס שטימט ניט. זיי טענה'ן גאָר ניט, נאָר פון די האלב פערלאָשענע אויגען געהען נאָך ארוים אַ פּאָר בליקען, וואָס האָבען נאָך אַ שטיקעל שייכות צו ד ע ר וועלט, און די מאַטע בליקען דריקען אוים די שטומע טענה. זיי זאָגען, עס איז געקומען דער ק״ץ, און דעם ק״ץ טאָר מען ניט דוחה זיין, מען טאָר איהם ניט אָבשטויסען פון זיך.

דער יאוש האָט געפּאקט די פערשטויסענע און פערוואָגעלטע. דער יאוש האָט געבויט אַ נעסט אויף דעם אידישען חורבן. דער יאוש הערשט איצט אין דער אידישער וועלט. דאָס לעבען האָט אָנגעוואָרען זיין ווערטה, עס האָט זיך אויסגעוועבט זיין טעם, עס איז געבליבען מעהר ניט ווי אַ שאָטען פון דאַזיין, אַ זכר לחורבן. טאָמער איז נאָך געבליבען וואו ניט וואו אַ שטיקעלע קדושה, זיינען געקומען די ערלים און האָבען דאָס אויך מטמא געוועזן. און עס וואַלגערען זיך ארום חרוב'דיגע נפשות, זיי זיינען „לאחר יאוש“ און שעהמען זיך צו קוקען אויף גאָט'ס וועלט און אויף זיך אליין. אַזעלכע ערטער זיינען דאָ איצט לרוב מיט טויזענדע פון אונשול־דיגע און אונזיניגע קרבנות. נאָר קיינער רעדט ניט מעהר פון זיי, אויך די אַנדערע האָבען זיך מ י א ש געוועזן פון זיי.

דאָס זיינען אין קורצען די נייעס, וועלכע דער פריינד האָט מיר דערצעהלט. און מערקווירדיג — דער פריינד האָט זיך ניט אויפגערעגט, קיין סימן פון ציטערען איז ניט געוועזן אין זיין

שטימע, קיין זכר ניט פון אַ זעעלישער ערשיטערונג. און מערק־
ווירדיג — אויך אויף מיר האָבען די ערצעהלונגען קיין טיעפען
איינדרוק ניט געמאכט, זיי האָבען אין מיר קיינע נייע געפיהלען
ניט אַרויסגערופען, ניט קיין רחמנות פאַר די קרבנות, ניט קיין
נקמה־דורשט פאַר די ווילדע צושטערער. אין גענענטהייל, איך
האָב עפּעס געשפּירט, אַז מיין כעס און מיין פּראָטעסט־כח ווערען
אַלץ שוואכער, דער הימעל ווערט בעדעקט מיט נאָך אַ בלייענעם
וואָלקען, די אַטמאָספערע ווערט דריקענדער, און אַלע געפיהלען
ווערען אַזוי טומפּ, אַזוי פּגימה׳דיג, און מען קאָן מיט זיי מעהר
ניט דורכשניידען דעם מרחק. דער כח הדמיון האָט פערלאָרען
זיינע פליגלען און ער זינקט צו דער ערד ווי אַ בלייענער פויגעל.
איך קאָן זיך מעהר ניט פאָרשטעלען, וואָס געהט דאָרט איצט
פאָר, וואָרים איך בין גאָר שוואַך תופס דאָס וואָס איז שוין פאָר־
געקומען. איך קאָן זיך ניט אַריבערטראָגען צו דער צוקונפט און
מאכען מיר אַ בילד, ווי זי וועט אויסזעהן, וואָרים עס שווינ־
דעלט מיר פון דער געגענוואַרט.

דאָס איז דער יאוש, וועלכער גיט זיך איבער אויך צו אונז
פון יענער זייט ים. מיר פיהלען, מיר האָבען ניט צו וועמען צו
טענה׳ן. די וועלט איז פערנומען, זי האָט אַנדערע דאגות, נעהנ־
טערע אינטערעסען. אויפמערקזאמקייט איז אַ טהייערער אַרטי־
קעל, און מען פערשענקט זי די בילכערע, וואו עס איז נאָך דאָ
אַ שטיקעל קרובות׳שאַפט. מיר ווערען גערעכענט צו די ווייטע.
מיר אַליין זיינען אָבער צו שוואַך און צו אונאָרגאניזירט. מיר
שטרענגען זיך אָן צו געבען הילפע, אָבער עס פעהלט אונז דער
שוואונג, ניטאָ די קראַפט פון בטחון און האָפנונג.

מען העלפט דעם בעלגיער, דעם פּאָלאַק, דעם סערב. זיי וועלען
זיך אומקעהרען צו זייער אַקער, צו זייער פעלד, זיי
וועלען בלייבען ביי זיך אין דער היים. ווער עס זאָל ניט
הערשען איבער זיי. וואוהין וועלען זיך אומקעהרען, אָדער וואוהין
וועלען זיך קעהרען אונזערע עלענדע און געפּייניגטע ? וואו וועלען
זיי בלייבען היינט, און וואָס וועט זיי ברענגען דער מאָרגען ?

האָבען מיר דען גע׳דאגה׳ט פאַר אַ מאָרגען ? איז דען אונזער

נאנצע פּאָליטיק ניט געווען צוגעשניטען פאַר אַ רגע, פון האַנד אין מויל, מיט פּערספּעקטיווען ברייט ווי אַ פינגער און לאַנג ווי אַ טפח? און טאָמער זיינען געקומען מענשען מיט ווייטע פּערספּעקטיווען און האָבען געוואָרנט און גערופען און געוועקט דעם פאָלקס-ווילען — ווי האָט מען זיך פערהאַלטען צו זיי? צו־ערשט האָט מען זיי איגנאָרירט, מבטל געווען. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבען לאַכען פון זיי אויפ'ן קול און צום סוף איז מען אַרויס אַנטקעגען זיי מיט אַן אָפענער שנאה און געפיהרט אַנטקעגען זיי אַ דערביטערטען קאַמפף.

דער יאוש האָט זיך אויסגעגאָסען איבער אונז, און אין דער אידישער גאַס הערשט אַן אַפּאַטישע שטימונג. איך וויל זי נובר זיין, איך וויל זיך אַרויסרייסען פון איהר שליטה איבער מיר. זי דריקט מיך, זי שמידט איין אין קייטען מיין ענערגיע, זי מאַכט מיך אַזוי מאַט. עס שוועבען פאַר מיינע אויגען די „לעבעדיגע מתים“ אין די פערוואָרפענע ווינקלען. זיי זאָגען זיך אָב פון הילפע, זיי דריקען מעהר ניט אויס קיין וואונש, און ווען מען דערלאַנגט זיי עטוואָס צו דערהאַלטען די נשמה, האָבען זיי נאָר איין תשובה, אָהן כעס אָדער פעראיבעל, קורץ און פול פערצווייפלונג: „מוחל“.

און עס הערט זיך ניט קיין מחילה אין דעם „מוחל“, עס הערט זיך אין איהם אַ שטומער פּראָטעסט.

23 מערץ, 1915.

# אמת און פריי.

די פרייהייט איז ווי דער אמת : זיי ביידע מוזען זיין פאָל־
קאָמען, זיי טאָרען ניט האָבען קיין פגימה. ניטאָ קיין 14, 16
אָדער 18 קאראַטיגע פרייהייט. אַן אמת מיט אַ פּראָבע איז נאָר
*כמעט* אַן אמת, פרייהייט מיט אַ פּראָבע איז נאָר אַ כמעט׳דיגע
פרייהייט, און כמעט אַן אמת איז אַ ליגען, און אַ כמעט׳דיגע פריי־
הייט איז קנעכטשאַפט. אמת און פרייהייט זיינען די צוויי עדעל־
סטע און ערהאבענסטע מתנות, וואָס די מענשהייט בעזיצט, און זיי
קאָנען ביידע ניט האָבען קיין פּראָבע, ווייל זיי זיינען אַליין די
העכסטע פּראָבע, זיי זיינען *אַבסאָלוט*.

פערטיעפען מיר זיך ווייטער אין דעם זין פון די ביידע בע־
גריפען, זעהען מיר איין, אַז אמת און פרייהייט זיינען אַ צווילינג־
בעגריף : מען איז נאָר פריי, ווען מען דיענט דעם אמת, און מען
קאָן נאָר דיענען דעם אמת, ווען מען איז פריי. אין פלוג קומט
אויס, אַז ווען מיר זאָגען דעם אמת זיינען מיר *געצוואונגען*
צו גערן נאָר אין *איין* ריכטונג, ווען מיר טרעטען אָבער אָב
פון אמת, זיינען מיר *פריי* צו וועהלען אַ ריכטונג ; אין פלוג
קומט אויס, אַז ווען מיר זיינען פריי, קאָנען מיר זאָגען דאָס וואָס
*פאַסט*, ווען מיר זאָגען אָבער דאָס *וואָס איז*, זיינען מיר
געצוואונגען. אַזאַ אויפפאסונג איז אָבער פאַלש און זי שטאַמט
פון דער פערקעהרטקייט פון אונזער לעבען. ווען מיר זאָגען דעם
אמת, ברויכען מיר נאָר צו *דענקען*, ווען מיר טרעטען אָב פון
אמת, מוזען מיר *אויסדענקען*. ווען מיר זאָגען דאָס וואָס
איז, ברויכען מיר נאָר צו טראַכטען, ווען מיר זאָגען אָבער דאָס
וואָס פאַסט, מוזען מיר אויסטראַכטען. דענקען און טראַכטען
ליעגט אויף דער גראַדער ליניע, אויפ׳ן *דרך הישר*, אויס־
דענקען און אויסטראַכטען ליעגט שוין *אָן אַ זייט*, ווען

מען געהט אראָב פון דרך הישר. דורך איינגענע פרייהייט געהט מען אָבער קיין מאָל ניט אראָב פון גלייכען וועג, עס מוזען זיין סבות, וועלכע צווינגען דערצו. דאָס איז א נאטור־געזעץ, אָנווענדבאר אויף אלע ערשיינונגען פון לעבען.

מיר קומען צום „זמן חרותנו“, צום יום־טוב פון אונזער פרייהייט, און מיר בעגייסטערען זיך. מיר בעוואונדערען דעם גרעסטען פיהרער פון אונזער פאָלק, פון דער מענשהייט, מיר פיהלען נאָך זיין השפעה אויף אונז, אויף אונז — קינדער פון איינגסטען דור. ער געהט פאָראויס און נאָך איהם די „ששים רבוא“, און מיר ווילען איהם פאסען, לכל הפחות אין אונזער השגה, איהם, דעם גרעסטען, דעם שטארקסטען, דעם וואונדערבארסטען, דעם פאָל־קאָמענסטען.

ער איז געוועזן אמת און פריי. דאָס איז אָבער מעהר ניט ווי א רעדענס־ארט, וואָרים ער איז ניט בעשטאנען פון צוויי חלקים. ער איז געוועזן גאנץ. גאנץ מיט זיך, מיט זיין פאָלק, מיט זיין גאָט. ער איז געוועזן אמת־פריי.

ער האָט דערקלעהרט זיינע ברידער די אמת׳ע פרייהייט און דער וועלט האָט ער אויסגעזאָגט דעם פריַיען אמת און ער האָט ערצויגען זיין פאָלק און די וועלט.

און ווי ווייט זיינען נאָךביידע פון איהם, פון זיין פרייהייט, פון זיין אמת.

מיר פערשטעהען נאָך די קנעכטשאפט, די פשוט׳ע, בולט׳דיגע קנעכטשאפט, אונטער׳ן רוט פון הערשער און אין אייזערנע קייטען. ווען מען צווינגט אונז אָבער צו ווערען דאָס וואָס מיר זיינען ניט — ריידען מיר פון פרייהייט. אונטער פערזענליכער פרייהייט פערשטעהען מיר די פרייהייט נאָכצוטאנצען, נאָכצומאכען. אונטער פרייער נאציאָנאלער בעשטימונג פערשטעהען מיר די פרייהייט צו בעשטימען, צו וועלכער פרעמדער נאציאָן מיר זאָלען געהערען.

מיר זיינען ניט ווי מיר ערשיינען. מיר בעהאלטען אונזער נאטור, וואָרים מיר ווילען ערשיינען ניט ווי מיר זיינען. סיי בעסער, סיי ערגער — דאָס מאכט ניט אויס, אבי אנדערש.

און מיר זיינען אַרונטער פון דרך הישר, און מיר דערווייטערען זיך פון אמת.

זאָלען מיר זאָגען דער גרויסער וועלט, דער מענשהייט, אָפען און עהרליך: מיר זיינען אַ פאָלק. מיר זיינען דערין ניט שולדיג, ווי עס זיינען ניט שולדיג די אומות העולם, וואָס זיי זיינען אומות. מיר טראָגען אין זיך די ירושה פון לאנגע, לאנגע דורות. מיט אָנשטרענגונג און שמערצען האָבען מיר אונז געשאפען אייגענע בעגריפען פון גאָט, מענש און נאַטור. מיר האָבען אונזער שפּראַך, וועלכע מיר פערעהרען, אונזער געשמאַק און אונזער אידעען־וועלט, אין וועלכער מיר בעוועגען זיך. מיר זיינען קיינעם קיין שונא ניט חלילה, אָבער מיר זאָגען אייך דעם ריינעם אמת. ווען מען וואָלט אונז געלאָזען זיין פריי, וואָלטען מיר קיין מאָל ניט בעהאלטען אונזער „איך“ און קיין מאָל ניט אָנגעצויגען אויף זיך געבאָרגטע קליידער. דער ביטערער גלות האָט אונז דערצו גע־צוואונגען. בכן — ווילען מיר זיך בעפרייען. מיר ווילען מאכען אַ נייעם פּסח.

גלויבט ניט יענע פון אונזער פאָלק, וועלכע קומען צו אייך און דערצעהלען אייך מעשיות פון אַ געשטאָרבענער שפּראַך, פון אַ פערשוואונדענער קולטור, פון אַן אויסגעמעקטער פערגאנגענהייט. דאָס זיינען מענשען, וועלכע דער גלות האָט מנצח געווען, און זיי טראָגען זיך ארום מיט אויסגעקעהרטע געדאַנקען. זיי זיינען אָב־געשטאָרבען פאַר אונזער שפּראַך, פערשוואונדען פאַר אונזער קול־טור, האָבען אויסגעמעקט פון זיך די פערגאנגענהייט. ז י י זיינען פערלאָרען געגאנגען און ריידען פון אַ חרוב׳דיגער וועלט.

און ווען עס זאָל אויפקלינגען אַזאַ שטימע, מוז זי דערהערט ווערען. זי מוז אימפּאָנירען אַלעמען, ביי וועמען עס איז נאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען דער לעצטער פונק פון ליעבע צו אמת און פרייהייט.

ווער עס טראָגט אין זיך די פרייהייט קאָן ניט זיין פאלש. ווער עס טראָגט אין זיך דעם אמת, שרעקט זיך ניט. זיין וועג איז פאָרגעצייכענט דורך זיין אייגענער פרייהייט, זיין וואָרט איז פאָראויסדיקטירט דורך זיין אייגענעם אמת. ער לאָזט זיך פון

קיינעם ניט בעהערשען, וואָרים ער בעהערשט זיך אַליין, ער לאָזט זיך פון קיינעם ניט איינריידען, וואָרים ער קאָן נאָר ערשיינען ווי ער איז.

דעריבער מוז זיין אונזער ערשטער שריט צו זאָגען דער וועלט: מיר פערשטעהען די אמת׳ע פרייהייט און מיר זיינען פריי צו זאָגען אַלעמען דעם אמת.

26 מערץ, 1915.

# די פשרה־לייט.

ווען אַ אידעע ווערט מאָדערן, צווינגט זי די געזעלשאַפט, אין
בריטעסטען זין פון וואָרט, צו מאַכען פּשרות. קיין מאָל אָבער
געהט מען ניט אויף אַ פּשרה מיט אַמאָל, מען דינגט זיך, מען פער־
זוכט צו האַנדלען, וואָרים אַזוי איז שוין בעשאַפען די נאַטור פון
מענשען: זיין עקשנ׳דיג, ניט נאָכגעבען. זיינען דאָ פערשיעדענע
פּשרות. אָפטמאָל איז מען גרייט אָנצונעהמען דעם א י נ ה א ל ט,
גאַנץ אָדער אַ חלק פון איהם, פון דער נייער אידעע. מען וויל זיך
אָבער ניט מודה זיין, אַז מען איז געוועזן ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן נאָכ־
צוגעבען, בעמיהט מען זיך צו שאַפען פאַר דעם אַקצעפּטירטען
אינהאַלט אַ נייעם נאָמען, עס זאָל נאָר ניט זיין קענטיג, אַז די
נייע אידעע האָט גובר געוועזן. אָפטמאָל איז מען זיך נוהג פער־
קעהרט: מען אַקצעפּטירט דעם נאָמען פון דער נייער אידעע, מען
איז מסכים צו דעם נייעם שלאַגוואָרט, ווי עס קומט צום א י נ־
ה א ל ט, בלייבט מען דער אַלטער פערביסענער געגנער, און מען
לאָזט ניט צו, אַז די אידעע זאָל קאָנען פערווירקליכט ווערען אין
לעבען. די וואָס מאַכען די פּשרה פון ערשטען מין, האַנדלען פיעל
עהרליכער פאַר די, וואָס מאַכען די פּשרה אויפ׳ן צווייטען אופן.
די ערשטע נאַרען ניט די וועלט, זיי ווילען נאָר זיך אַליין איינ־
שמועסען, אַז זיי זיינען האַרט ווי שטאָל, פעסט ווי פעלז און מאַכען
ניט קיינע הנחות אין לעבען. די צווייטע פערבויגען, אמת, זייער
איינענעם שטאָלץ, זיי ווילען אָבער פיהרען פאַר׳ן נאָז די גאַנצע
וועלט. זייער פּשרה איז ניט מעהר ווי אויף צו רייצען זיך מיט
די געגנער: איהר קאָנט אונז איצט גאָר נישט טהאָן, איהר וועט
רעדען אין נ אָ מ ע ן פון דער נייער אידעע — גוט, מיר זיינען
אויך מודה אין איהר, מיר וועלען זיך אָבער אָברעכענען, ווען איהר
וועט וועלען זיין קאָנזעקווענט און ד ו ר כ פ י ה ר ע ן אייער אידעע.

מיר וועלען שוין געפינען גענוג תירוצים און פּאַסענדע אויסרעדען, כדי ניט צוצולאָזען, אז די אידעע זאָל פערווירקליכט ווערען.

דאָס זיינען ניט קיין טהעאָרעטישע בעטראַכטונגען, דאָס איז א וויכטיגע פּראַקטישע פראגע, אויף וועלכער מיר מוזען זיך אָב־שטעלען.

עס איז געווען א צייט, אָט טאַקע גאָר ניט לאַנג, ווען די אידישע אינטעליגענץ איז געווען איינגעטהיילט אין צוויי געגנער־שע מחנות, ניט נאָר געגנערשע, נאָר פיינדליכע. יעדע מחנה האָט געהאַט אַן אַנדער אויסגאַנגס־פּונקט און אַן אַנדער ציעל. דאָס זיינען געווען די נאַציאָנאַליסטען און די אסימילאַטאָרען. איך רעד ניט פון ציוניסטען און אַנטי־ציוניסטען, וואָרים דער ציוניזם אַן און פאַר זיך ענטהאַלט אין זיך ניט קיין וועלט־אַנשויאונג. זיין פונדאמענט איז דער נאַציאָנאַליזם. אַנטי־ציוניזם אַן און פּאַר זיך איז געווים ניט קיין וועלט־אַנשויאונג, וואָרים קיין וועלט־אַנשויאונג קאָן ניט זיין פונדאמענטירט אויף אַן אַנטי־געדאַנק, סיידען מען זאָל בעשאַפען פון דעם פּרינציפּיעלען „צו־להכעיס“ א בעזונדערע לעבענס־פילאָזאָפיע. דערווייל עקזיסטירט זי נאָך ניט. די נאַציאָנאַליסטען און די אסימילאַטאָרען זיינען די ריכטיגע פּער־טרעטער פון די צוויי בעשטימטע, אָבגעגרעניצטע וועלט־אַנשוי־אונגען און זיי אַליין האָבען בעאיינפלוסט דאָס אידישע פּאָלקס־לעבען. דער אויסגאַנגס־פּונקט פון דעם נאַציאָנאַליזם איז געווען דער קאָלעקטיווער אינדיווידואַליזם און זיין ציעל איז בעשטאַנען אין דער שאַפונג פון נייע בעדינגונגען פאַר דאָס אידישע פּאָלק, כדי עס זאָל האָבען די מעגליכקייט זיך אונאבהענגיג און פריי צו ענטוויקלען אַלס זעלבסטשטענדיגע און אין זיך דעם אייגע־נעם ווערטה טראָגענדע פּאָלקס־איינהייט. דער אויסגאַנגס־פּונקט פון דער אַסימילאַציאָן איז געווען, קורץ גערעדט, דער קאָסמאָפּאָ־ליטיזם, און איהר ציעל איז בעשטאַנען אין דער אָבשאַפונג פון אַלע בעדינגונגען, וועלכע זיינען גורם, אז די אידישע פּאָלקס־סמנים זאָלען ערהאַלטען ווערען.ביידע וועלט־אַנשויאונגען זיינען געווען קלאָר, און יעדע פון די געגנערישע מחנות האָט געוואוסט מיט וועמען און מיט וואָס זי האָט צו טהאָן. מען האָט גערעדט

קלאָרע דבורים און איינער דעם אנדערען האָט ניט איינגעריבען די אויגען.

אין די לעצטע יאָהרצעהנטען פון פאָריגען יאָהרהונדערט הויבט זיך אָן א נייע סדרה אין דער אלגעמיינער וויסענשאפט, די סדרה פון דעם נאציאָנאלען געדאנק. מאקס מילער, שטיינטהאל, לאַ־צארוס, נארע, לאזאר גייגער, פאָטעבניא און נאָך פיעלע אנדערע שלאָגען איין א נייעם וועג אין דער פילאָלאָגישער פאָרשונג. זיי הויבען אָן ארייצודרינגען אין די טיעפעניש פון די איינצעלנע שפּראכען און געפינען אויס, אז די שפּראך האָט ניט נאָר איהר אייגענע אנאטאָמיע, זי האָט אויך איהר אייגענע פיזיאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע. נאָך מעהר, עס איז דאָ א ביאָלאָגיע פון די שפּראכען. דורך די שפּראכען קומען זיי, די געלעהרטע, צו די פעלקער, וועלכע האָבען זיי געשאפען, און עס עפענען זיך מיט א מאָל נייע האָרי־זאָנטען. עס געהט אויף א נייע זון און הויבט אָן צו בעלייכטען דעם וועג, וועלכען די מענשהייט האָט דורכגעמאכט אין איהר לאנגער ענטוויקלונג, און דאָ זעהט מען, אז דער וועג איז אויס־געטראָטען געוואָרען פון פערשיעדענע פעלקער, און מען זעהט ווייטער, אז יעדעס פאָלק האָט איהם אויסגעטראָטען אויף א בע־זונדער אופן, אויף זיין ש ט י י ג ע ר. די געלעהרטע קאָנען זיך ניט מעהר אָברייסען פון דעם נייעם געגענשטאנד פון זייערע פאָר־שונגען און זיי פערטיעפען זיך נאָך ווייטער און בויען און בויען, ביז עס וואקסט אויס פאר זיי א נייער טעמפעל פון וויסענשאפט, א טעמפעל פאר די וויסענשאפטליכע פעלקער־פּסיכאָלאָגיע.

אויף דעם פלאץ פון דער א ב ס ט ר א ק ט ע ר מענשהייט ווערט אוועקגעשטעלט די פאָלקס־איינהייט, די נאציאָן. די אב־סטראקטע מענשהייט איז שטום, די נאציאָן רעדט; די אבסטראקטע מענשהייט איז א נעבעלדיגער גייסט, די נאציאָן האָט לייב און זעלע, אין איהרע אָדערען פליסט בלוט, פרישעס בלוט, און זי האָט אויגען, אויגען מיט א פייערעל, זי בעגעהרט, זי ווינשט, זי שטרעבט, זי פיהרט מלחמה פאר איהר קיום.

און שריט ביי שריט ענטשטעהט אן איבערקעהרעניש אין דעם מענשליכען מח. דער גייסט ענטפלעקט זיך אין אן אנדער פאָרם,

ניט אין דער איינפאכקייט, נאָר אין דער קאָמפּליצירטקייט, ניט אין דער פערשמעלצונג, נאָר אין דער אויסשמעלצונג, ניט אין דער איינטאָניגקייט, נאָר אין דער האַרמאָניע.

מיר אידען אָבער פיהרען אַ זעלבסטשטענדיג לעבען נאָר אין ווי ווייט עס איז מעגליך צו בעהאלטען די אינערע זעלבסטשטענ־דיגקייט אין אַ פרעמדער סביבה, און אפילו אין דער געדאנקען־וועלט זיינען מיר אויך די לעצטע, וואָס ווערען בעלויכטען פון די ניי־אויפגעהענדע זונען. עס קאָן קומען דער איינצעלנער איד און זיין דוקא דער טרעגער פון די נייעסטע אידעען. ער שענקט אָבער זיינע אידעען צוערשט דער פרעמדער סביבה. אין גלות קען מען נאָר לעבען מיט דעם אָבגלאַנץ.

עס איז דעריבער קיין וואונדער, אַז בשעת די אינטעליגענץ פון די אומות העולם איז שוין געווען גענוג דורכגעדרונגען פון'ם נייעם נאַציאָנאלען געדאנק, האָט נאָך די אידישע אינטעליגענץ געדיענט דעם אַלטען קאָסמאָפּאָליטישען אָבגאָט. זיין מזבח איז שוין געווען צושטערט, זיינע כהנים פערשוואונדען, נאָר די אידישע אינטעליגענץ האָט נאָך אַלץ געבראכט קרבנות אויף דעם צובראָ־כענעם מזבח.

דער גלות־זייגער געהט קיינמאָל ניט ריכטיג. ער שטעהט אָב אָפּטמאָל אויף גאנצע תקופות.

און בשעת אין דער גאנצער וועלט האָט מען שוין געוואוסט גאנץ קלאָר, וואָס איז נאַציאָן, נאַציאָנאַליזם און ווי ווייט האָט די נאַציאָן דאָס רעכט צו פאָדערען לכל הפחות זעלבסטשטענדיגקייט, האָט מען ביי אונז ערשט אָנגעהויבען מפלפל זיין זיך: זיינען מיר אַ נאַציאָן, אָדער אפשר ניט; האָבען מיר דאָס רעכט צו שטעלען פאָדערונגען אַלס פאָלקס־איינהייט, אָדער אפשר זיינען מיר מעהר ניט ווי אַ „הכרעה" צו די אומות העולם. אָט ווי ווען איהר קויפט איינִיגע פונט פלייש, וואַרפט אייך צו דער קצב אַ פּאָר ביינער, אָדער ווי ווען איהר קויפט סחורה אויף אַן אנצוג און דער קרעמער איז מיט אייך צופריעדען, גיט ער אייך אַ שטיקעל אונטערשלאַג אומזיסט. האָט מען טאקע אַלץ ניט אויפגעהערט צו טענה'ן: מיר זיינען ניט קיין פאָלק און אַלע נאַציאָנאַלע

טהעאָריען האָבען גאָר צו אונז קיין שייכות ניט. מיר זיינען דער אונטערשלאַג פון די אומות העולם!

מען קאָן אָבער פאָרט ניט זיין אייביג איינגעשפּארט, מען קאָן זיך ניט גרעניצלאָז עקשנ'ען — האָבען זיך דאָ אָנגעהויבען די פּשרות.

פיעלע אַסימילאַטאָרישע חברות און אָרגאַניזאַציאָנען האָבען געמוזט מאַכען פּ ר א ק ט י ש ע פּשרות, ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען נעהנטער צום אידישען לעבען. זיי זיינען געווען געצוואונגען צו אַקצעפּטירען לכל הפּחות אַ חלק פון דעם א י נ ה אַ ל ט פון דער אידיש-נאַציאָנאַלער אידעע. אַנדערע, פערקעהרט, האָבען אָנגעהויבען מודה זיין אין דעם שלאַגוואָרט „נאַציאָנאַליזם"; צו זיין אינהאַלט אָבער, ווען עס קומט צום דורכפיהרען פון נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, פערהאַלטען זיי זיך פונקט אַזוי געגנעריש, פונקט אַזוי פיינדזעליג, ווי די פריהערדיגע אַסימילאַטאָרען.

דיזע אויבערפלעכליכע פּשרה בנוגע צום אידישען נאַציאָנאַליזם האָט זיך ענטפּלעקט אין איהר גאַנצער נאַקעטקייט אין דער ארבייטער קאָנפערענץ אין נויאָרק, וועלכע האָט געזאָלט אויסארבייטען אַ פּראָגראַם און אַן ארבייטס-פּלאַן בנוגע צו די אידישע פאָדערונגען נאָך דער מלחמה. עס איז קיינער ניט געווען, ווער עס זאָל אָפען ארויסטרעטען געגען דעם פונקט פון אידישע נאַציאָנאַלע רעכט, אָבער די פּשרה-לייט האָבען געוואָלט בלייבען נאָר ביים נאָמען. עפענען די קלאַמערען, אויסטייטשען בפירוש די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען — פאַר אַזאַ טהאַט האָבען זיי זיך דערשראָקען. און דער אַלטער פּלפּול הויבט זיך ווידער אָן: וואָס זיינען נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, ווי ווייט קאָנען מיר געהן אין אונזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען? א. ז. וו., א. ז. וו.

דאָס לעבען איז ערנסט, און דער איצטיגער מאָמענט איז דאָפּעלט ערנסט. און אויב די פּשרה-לייט מיינען זיך אויסצודרעהען מיט תמ'עוואַטע פראַגען, וועט זיך דאָס זיי געוויס ניט איינגעבען. און עס איז דאָ אַ תרופה, אויב מען ווייס ניט, געהט מען נאָך אַמאָל אין חדר פון לעבען און מען לערענט אלף בית אויף דאָס ניי. אגב קאָן מען זיך אַ פרעג טהאָן ביי די פּוילען אין פּאָזען, ריי

די רוטענען אין גאליציען, ביי די דייטשען אין בעהמען, ביי די סלאווען אין אונגארן, ביי די איטאליענער אין עסטרייך. עס זייּ־נען דאָ נאָך פיעלע, פיעלע, ביי וועמען מען קאָן זיך פרעגען.

29. אפריל, 1915.

# שפּאָגעל נייע עצות.

ווען מען הערט זיך צו צו די שפּאָגעל נייע אידעען פון געוויסע אידישע „פּאָליטיקער“, קאָן מען באמת נשתומם ווערען, ווי ווייט זיי, די „פּאָליטיקער“, זיינען אָבגעשטאַנען פון דער צייט, אין וועלכער זיי לעבען, ווי ווייט זיי האָבען פערשלאָפען די גאַנצע ענטוויקלונג, וועלכע די מאָדערנע, ציוויליזירטע וועלט האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע תקופות. זיי אליין בעטראַכטען זיך אַלס פּראָגרעסיסטען, אַלס פאַלשטענדיג פרייע גייסטער, זיי טראָגען אָבער די קייטען פון קנעכטשאַפט אין זיך. זיי האָבען זיך אָנגעפאַסט נאָר דער אויסערער זייט פון מאָדערנעם לעבען, אינערליך זיינען זיי געבליבען גהעטאָ־איינוואָהנער און קאָנען בשום אופן ניט אַרויס פון ענגען געדאַנקען קרייז, וועלכער רינגעלט זיי אַרום. און דעריבער קלינגען גאַנץ אָפט זייערע ווערטער ווי אַ בת־קול פון אַ בית־הקברות, און מען מערקט, אַז זייער געמאַכטער שטאָלץ האָט אַן אונטערשלאַג פון קנעכטישע הכנעה, פון דרויסען אויסגעגלייכט, אינעווייניג געבויגען, ביטול צו דעם אייגענעם, חניפה צו דעם פרעמדען, פון איין זייט מעשה פּריץ, פון דער אַנדערער זייט קריכעריש ווי אַ לאַקיי — די ריכטיגע סימנים פון די, וועלכע מ ע ן  ה אָ ט בעפרייט, וועלכע האָבען אָבער  ז י ך נאָך ניט בעפרייט.

דער אָרדען „בני־ברית“ האַלט איצט אָב זיין קאָנווענשאָן אין סאַן־פראַנציסקאָ. דער אָרדען „בני־ברית“ הערט ניט אויף צו בעטאָנען, אַז ער איז ניט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן און מישט זיך ניט אין די „ברענענדע“ פראַגען ווי אסימילאַציאָן, נאַציאָנאַליזם, ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, אָרטהאָדאָקסיע, רעפאָרם, און אַזוי ווייטער. צו די אַלע פראַגען, — אַזוי האָט ער אונצעהליגע מאָל פּראָקלאַמירט, — פערהאַלט ער זיך נייטראַל, וואָרום זיי זיינען

איהם גאָר ניט נוגע. זיין ציעל איז נור געזעליגקייט און וואָהל־טהעטיגקייט, און אין די צוויי פּונקטען בעמיהט ער זיך צו פערייניגען די פערשיעדענסטע עלעמענטען פון יודענטהום.

און באמת זיינען פעראייניגט אין אָרדען „בני־ברית“ חברים פון ענטגעגענגעזעצטע וועלטאנשויאונגען, פון אויסגעשפּראָכענע אסימילאטאָרען ביז אקטיווע נאציאָנאליסמען און ציוניסטען, פון עקסטרעמע אָרטהאָדאָקסען ביז ווייט געהענדע רעפאָרמער. און מען מוז צוגעבען, אז די העכסטע לייטונג פון דעם אָרדען אין אמעריקא האָט געזוכט אָבצוהיטען מעהר אָדער וועניגער די אָנגענומענע נייטראלע שטעלונג אָט צו די אויבען דערמאנטע פראגען.

דאָ איז אָבער ארויסגעשפּרונגען א „בן־ברית“, דער קאָנגרעסמאן יוליוס קאהן און האָט אָנגעהויבען צו שיטען מיט פּאָרשלעגע. מיר שטעלען זיך אָב אויף זיין וויכטיגסטען פּאָרשלאָג.

דער קאָנגרעסמאן יוליוס קאהן האָט פּאָרגעשלאָגען, אז דער אָרדען „בני ברית“ זאָל ענדערען דעם נאָמען „אמעריקאן דזשוס“ אויף „דזשואיש אמעריקאנס“, דאָס הייסט דער טראָפּ זאָל דוקא זיין אויף דעם וואָרט אמעריקאנס. ער בעגרינדעט זיין פּאָרשלאָג דערמיט, ווייל די אידישע נאציאָנאליטעט איז שוין לאנג טויט, זי איז אָבגעשטאָרבען מיט דעם חורבן פון בית המקדש.

א מערקווירדיגע ערשיינונג. די אידישע נאציאָנאליטעט איז שוין אזוי לאנג טויט, כמעט גאנצע צוויי טויזענד יאָהר, און די וועלט לעבט נאָך אלץ אין טעות. מוז ערשט קומען א מאָדערנער ראבינער אָדער א קאָנגרעסמאן אָדער א סתם „פּאָליטיקער“ און אויפמערקזאם מאכען די וועלט אויף איהר גרויסען טעות. און וואָס איז נאָך מערקווירדיגער, די וועלט לאָזט זיך ניט איינשמועסען און בלייבט ביי איהר טעות און האלט נאָך אלץ, אז די דרייצעהן אָדער פערצעהן מיליאָן אידען, וועלכע זיינען צושפּרייט אונטער פערשיעדענע פעלקער און פערשיעדענע מדינות, געהערען צו א פאָלקס־איינהייט און בילדען א געשלאָסענע נאציאָנאלע קערפּערשאפט. ענטשטעהט אויף דעם אופן א פלוגתא. פון איין זייט: א הייפעלע אסימילאטאָרען און פון דער אנדער זייט: די אידישע

מאסען, די מאָדערנע אינטעליגענץ, די שאפענדע עלעמענטען,
די דיכטער, די שריפטשטעלער, די קינסטלער, מיט איין וואָרט
אלע, וועלכע מוזען איינדרינגען אין די טיעפענישען פון דעם אידי־
שען לעבען און ווירקען, און אלס צוגאָב — די גרויסע ניט אידישע
וועלט. וואָרים די ניט־אידישע וועלט האָט דאָך ניט וואָס מורא
צו האָבען פאר אנטיסעמיטיזם, בכן האָט זי קיין גרונד ניט צו
פערלייקענען די ווירקליכקייט.

מיר וואָלטען זיך ניט אָבגעשטעלט אויף דעם פּאָרשלאג פון
דעם קאָנגרעסמאן יוליוס כהן. מיר פערגינען איהם און אלע זיינע
געזינונגס־גענאָסען אי דעם כבוד, אי דעם נוצען, וואָס ער קאָן
דערגרייכען, ווען זיין פּאָרשלאג זאָל אָנגענומען ווערען אין א אי־
דישער אסיפה. ווען מיר האָבען קיין טעות ניט, איז, דאכט זיך,
דערזעלבער פּאָרשלאג, נאָר עטוואָס אנדערש געשלייערט, ניט לאנג
דורכגעגאנגען אין א ראבינער פערזאמלונג אין שיקאגאָ. די וועלט
איז ניט נתפעל געוואָרען און אפילו אויף דער ענטוויקלונג פון
דער מלחמה האָט דער בעשלוס אויך קיין השפעה ניט געהאט.
מיר וואָלטען דעם פּאָרשלאג פערשוויגען, ווי מען פערשוויינט
די געבורט פון א מפּיל־קינד, ווען קאָנגרעסמאן קאהן וואָלט ניט
געמאכט נאָך א צווייטען פּאָרשלאג, אז מען זאָל פועל זיין ביי
דער אמעריקאנער רעגירונג, אז דאָס וואָרט „היברו“ זאָל ניט
דערמאהנט ווערען אין דער קלאסיפיצירונג פון די אימיגראנטען.
מענשען זאָלען קלאסיפיצירט ווערען לויט די ל ע נ ד ע ר פון
וועלכע זיי קומען, אָבער ניט לויט זייער רעליגיאָן.

מיר פערלאנגען ניט פון קאָנגרעסמאן קאהן, ער זאָל זיין א ידען
אין דער אידישער געשיכטע, קענען דאָס אידישע לעבען, האָבען
א קלאָרען בעגריף פון דעם אידישען פּראָבלעם — דאָס וואָלט גע־
ווען צו פיעל פערלאנגט, אָבער מיר פּאָדערען פון יעדען, וועלכער
קומט מיט עצות, וואָס זיי ריהרען אָן דעם גאנצען כלל, אז ער זאָל
זיך נ י ט ש פּ י ע ל ע ן מ י ט פ י י ע ר און ניט טריי־
בען קיין וואָלוועלע פּאָליטיק אויפ'ן חשבון פון די אידישע מא־
סען, וועלכע זיינען געצוואונגען דורך נויט, רעכטלאָזיגקייט און
פערפאָלגונג לאָזען זיך איבער די וועלט און זוכען א נייע היימאטה.

מען קאָן ניט וויסען, וואָס פאר אינטערנאציאָנאַלע פערוויק־לונגען ערוואַרטען די מענשהייט אין דער צוקונפט. מען קאָן ניט נביאות זאָגען, וואָס פאר ניי־גרופּירונגען וועט די איצטיגע מלחמה מיט זיך ברענגען. מען קאָן ניט וויסען, וואָס פאר נייע אימיגראַציאָנס געזעצע וועלען מיט דער צייט געשאַפען ווערען אין אַמעריקא. מען קאָן אָבער דאָך מיט זיכערהייט אָננעהמען, אַז אויך די נייע געזעצע וועלען זיין מילדער און ווייכער בנוגע צו די פער־פאָלגטע ווי צו די ניט פערפאָלגטע. פאָרשלאָגען איצט, אַז מען זאָל די אידישע אימיגראַנטען רעגיסטרירען אלס סתם רוסען, רומע־נער אָדער פּוילען — דאָס הייסט זיין קורצזיכטיג און פּאָליטיש אונ־רייף. פאר וואָס האָט זיך קאָנגרעסמאַן כהן ניט מטריח געווען צו ערפאַהרען, ווי די אידישע געפאַנגענע, איך מיין די ציוויל־געפאַנ־גענע, זיינען איצט בעהאַנדעלט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט מיט אויסנאַהם פון די לענדער, וואו די אידען פיהלען זיך שטענדיג ווי געפאַנגענע? אפשר וואָלט ער איינגעזעהן, אַז עס זיינען דאָ מאָמענטען, ווען עס לוינט זיך ניט צו פערלייקענען די אייגענע אָבשטאַמונג און די צוגעהעריגקייט צום אייגענעם פאָלק.

מיר ווייסען נאָך ניט, ווי די בני־ברית־קאָנווענשאָן האָט זיך פערהאַלטען צו דעם פאָרשלאַג. אונז קימערט דאָס זעהר וועניג, וואָרים די צייט, ווען אידישע פּאָליטיק איז געמאַכט געוואָרען אין אָרדענס און סתם קהל'שע אספות, איז לאַנג פאַרביי. די שעה פון די אונפעראַנטוואָרטליכע פּאָליטיקער האָט געשלאָגען, אויף דאָס אידישע פאָלקס־לעבען האָבען זיי קיין שום איינפלוס ניט מעהר. זיי קאָנען זיך אפילו ניט בעריהמען מיט אַזאַ לאַנגען טויט־זיין ווי די אידישע נאַציאָנאַליטעט, נאָך זייער מיינונג. זיי זיינען פשוט'ע פּאָליטישע בר־מנן'ס. אונז אינטערעסירט נאָר די „ניי־טראַליטעט“ פון אַ אידישער אָרגאַניזאַציאָן, וועלכע בעהויפּטעט, אַז זי האָט נאָר נייטראַלע ציעלען.

אָט אַזוי קומען מענשען, וואָס האָבען גאָר נישט צוגעלערענט און גאָר נישט פערגעסען, מיט אַלטע, אָבגעטראָגענע און אָבגע־דראָשענע געדאַנקען און זאָגען זיי ארויס מיט גרויסקייט, גלייך ווי זיי וואָלטען ענטדעקט אַ נייעם אמת, אַ נייע תורה. זיי בע־

גרייפען ניט, אָדער זיי ווילען ניט בעגרייפען, אַז עס איז אונמעג־
ליך צו פערהילכען די שטימע פון לעבען מיט דער שוואכער אי־
דעאָלאָגיע פון אַסימילאַטאָרישען חדר.

און דאָ קומט מען נאָך און מען זאָגט א ו נ ז מוסר, אַז
עס דארף ניט זיין קיין אונטערשיעד צווישען דייטשע, רוסישע,
פּוילישע און פראנצויזישע אידען (די פראנצויזישע אידען נעהמט
מען אריין נאָר פון פרעהליכקייט וועגען, מיינען מיינט מען די
דייטשע און די רוסישע אידען), און מען פּראָטעסטירט קעגען
די טענדענץ, וועלכע מערקט זיך אין דער ל ע צ ט ע ר צ י י ט
צו שאַפען א וואנד צווישען די פערשיעדענע אידישע גרופּען.
אַזוי האָט גערעדט איינער פון די הויפּט־פיהרער פון די דייטש־
אַמעריקאַנישע אידען אין אַ פערזאַמלונג אין „עדיוקיישאָנאל־
עלליינס.“ וויעדער פערביטען די טענות. ווער האָט דען געשאַ־
פען די מחיצה צווישען די „דייטשען“ און די „רוסען“, ווער האָט
געקוקט ב י ז אַ ה ע ר פון אויבען אראָב אויף די אידישע
מאַסען? ווער האָט איגנאָרירט דאָס גאַנצע שאַפען פון אידישען
פאָלק, ווער האָט געלייקענט אין די עקזיסטענץ פון דעם אידישען
פאָלק? דאָס איז געווען אַ גאַנץ קליינע גרופּע פון מערב. ז י
האָט נעבויט די מחיצה, ז י האָט זיך דערווייטערט פון שטאַם,
ז י האָט געוואָלט פערשווינדען, אונטערגעהן און זי האָט געגלויבט
אין איהר גאוה, אַז די מאַסען ווילען נאָך איהר נאָכטאַנצען.
איצט, אַז די קליינע גרופּע האָט געלעגענהייט צו איבערצייגען זיך
אויף טריט און שריט, אַז זי האָט זיך אומזיסט אָנגעשטרענגט
און וועט קיין מאָל ניט ערדייכען איהר ציעל, קומט זי נאָך מיט
טענות צו די אַנדערע.

געווים איז עס ווינשענסווערטה אַז עס זאָל ניט זיין קיין
אונטערשיעד צווישען די פערשיעדענע אידישע גרופּען. די פראַגע
איז נאָר, ווער צו וועמען זאָל זיך דערנעהנטערען, ווער וועמען
זאָל מאַכען פּשרות. מיר רעכענען, אַז די תשובה אויף דער שאלה
האָט געגעבען דאָס לעבען גופא. מיר זעהען פאר אונז אין מערב איי־
ראָפּא אַ נייע אידישע יוגענד, וועלכע טרייסעלט פון זיך אָב דעם
אַסימילאַטאָרישען שטויב און זוכט אנשלוס אָן איהר פאָלק, אָן

איהר שטאַם, אָן איהר נאַציאָן. דאָס זיינען קינדער פון אסימי־
לירטע עלטערן. דעם זעלבען פּראָצעס וועט אויך מ ו ז ע ן
דורכמאַכען דאָס אמעריקאַנער יודענטהום. די פערהעלטניסע און
די גאַנצע ענטוויקלונג פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט וועלען
אונז צווינגען דערצו.

די אַלטע, מיר מיינען ניט נאָר אַלט אין יאָהרען, מערקען
ניט די טענדענץ פון דער נייער ענטוויקלונג, און דעריבער הערט
זיך אין זייערע ווערטער ערביטערונג, הילפלאָזיגקייט און כעס—
שלעכטע וועגווייזער אין פּאָליטישען לעבען. מיר וואָלטען זיי
געבען אַן עצה: אנשטאַט צו זאָגען מוסר אנדערע זאָלען זיי בע־
סער איבערקוקען זייער אייגענעם חשבון, וואָרים זיי האָבען איהם
טאַקע געמאַכט אָהן דעם בעל־הבית.

7. מאַי, 1915.

# די קעמפפענדע צדדים

דער אויסדרוק „אחדות“ האָט שוין לאַנג פערלאָרען ביי אונז זיין רייכען און טיעפען אינהאַלט. ער איז בעונותינו הרבים געוואָרען ביליג און אויבערפלעכליך. אונטער „אחדות“ פערשטעהען מיר ניט מעהר די א י נ ע ר ע צוגעהעריגקייט צו אַ העכערער איינהייט, אין וועלכער עס ווערען פערשמאָלצען די איינצעלנע פאָלקס־חלקים, קלאַסען, גרופען און פארטייען צו אַן אָרגאַנישען גאַנצען. אונטער „אחדות“ האָבען מיר אָנגעהויבען צו פערשטעהן העכסטענס דעם סאָלידאַרען ווידערשטאַנד, ווען מיר ווערען אטאַקירט פון אַן א ו י ס ע ר ע ן געגנער. צום ביישפּיעל: די פּאָגראָמען, דער דרייפוס־פּראָצעס, דער ביילים־פּראָצעס וכדומה האָבען ארויסגערופען צו זיך כמעט אַן איינהייטליכע שטעלונג אין דער גאַנצער אידישער וועלט — דאָס איז געווען אַ שטעלונג פון ווידערשטאַנד, אַ פערטהיידיגונגס־שטעלונג. דאָס איז די פ א ס י ו ו ע אחדות. דאָרט אָבער, וואו עס פאָדערט זיך צו ווערען אַקטיוו, אויסצודריקען דעם קאָלעקטיווען פאָלקס־ווילען אין אַ וויכטיגער פראגע, וועלכע איז נוגע צום גאַנצען כלל, פעהלט אונז די צוזאַמענשמעלצענדע קראַפט, דער איינינגענדער גייסט, און מיר צופאַלען אין חלקים, קלאַסען, גרופען און פארטייען. אַ ק ט י ו ו ע אחדות בעזיצען מיר ניט מעהר.

צום ביישפּיעל: אפילו אין אַזאַ אומפּאַסענדער און וויכטיגער פראגע ווי די אידישע עמאַנסיפּאַציאָן קענען מיר ניט אויפטרעטען מיט איינהייטליכע פאָדערונגען, מיט אַן איינהייטליכען פּראָגראַם. מען איז נאָך אייניג בנוגע צום שטח פון דער עמאַנסיפּאַציאָן, קומט מען אָבער צו דער פראגע פון איהר אינהאַלט, שווימען גלייך ארויס חלוקי דעות. עס קלינגט כמעט ווי אַ וויץ, אָבער

מיר האָבען גאַנצע גרופּען און פּאַרטייען, אידישע, וועלכע טרעטען
אויף אַלס געגנער פון נאַציאָנאַלע רעכטע אפילו דאָרט, וואו די
אידען זיינען קאָנצענטרירט אין גרויסע מאַסען. ביי קיין אומה
ולשון קען אַזאַ ערשיינונג ניט פּאָרקומען.

שטערען די אַ ק ט י ו ו ע אחדות, בערויבען דעם כלל,
אריינגעהמען נאַציאָנאַלעם פערמעגען פון רשות הרבים אין רשות
היחיד און אויסלאַכען זיך פון דער גאַנצער אידישער עפענטליכער
מיינונג — דאָס ווערט ביי אונז ניט בעטראַכט אַלס עבירה. דער
יחיד איז נאָך ביי אונז ווי עס איז געשיצט, דער כלל איז הפקר,
און דער יחיד, ווען נאָר שטאַרק גענוג, הערשט איבער דעם כלל.
דאַרין בעשטעהט די גרעסטע ביטערקייט פון גלות. דערפון שטאַמען
אַלע נעגאַטיווע ערשיינונגען פון אונזער פאָלקס־לעבען.

עס איז געקומען די צייט, אַז איינע פון דיעזע טרויעריגע
ערשיינונגען זאָל אויפגעדעקט ווערען. זאָל די אידישע דעת הקהל
משפט'ן.

---

דאָס טעכניקום אין חיפה, אין ארץ ישראל, אונטען אַם הים־
טאָרישען כרמל, האָט איינגעשלונגען גענוג אידישע ענערגיע און
גענוג אויפמערקזאַמקייט. מיט דיעזען טעכניקום זיינען געווען פער־
בונדען פיעלע אידישע האָפנונגען. איידער דאָס טעכניקום האָט
נאָך געעפענט זיינע טיהרען פאר די אידישע יוגענד, איז אויס־
געבראָכען דער „שפּראַכען־קאַמפּף“. די ניט איינגעווייהטע, די פון
וויטען שטעהענדע, האָבען דעם גאַנצען סכסוך ניט פערשטאַנען,
אָדער ריכטיגער, זיי האָבען ניט בעגריפען זיין פּרינציפּיעלע בע־
דייטונג און האָבען דעם גאַנצען קאַמפּף בעטראַכטעט ווי אַן אינ־
צידענט, ווי אַן איינצעלנעם עפּיזאָד אין די בעציהונגען צווישען
צוויי אידישע אָרגאַניזאַציאָנען, פון איין צד די ציוניסטישע אָרגאַ־
ניזאַציאָן און פון דער אנדער זייט דער „הילפס פעראיין דער
דייטשען יודען“. דער הילפס־פעראיין האָט זיך טאַקע בעמיהט צו
פערדונקלען די פּרינציפּיעלע זייט פון דער שפּראַכען־פראגע, וואו
ער האָט זיך געפיהלט שוואַך און שולדיג, און האָט איבערגעטראָ־
גען זיינע כלי־זין אויף די איינצעלנע פּערזאָנען.

דאָס איז די טאַקטיק פֿון אַלע פּרינציפּענלאָזע. זיי גלויבען ניט אין ריינע, לויטערע געזינונגען, זיי גלויבען ניט אין אַ „מחלקת לשם שמים“, וואָרים ביי זיי אַליין שטעהט זייער אייגענע פּערזאָן, זייער אייגענער עהרגייץ אויפ׳ן ערשטען פּלאַן. זיי זיינען ניט אימשטאַנד אָבצוזונדערן די פּערזאָן פֿון דער אידעע, דעם טרעגער פֿון דעם אידעאַל, און דעריבער טראָגען אַלע צוזאַמענשטויסען, וואָס מען האָט מיט מענשען פֿון דיעזער אַרט, אַ פּערזענליכען שטעמפּעל. און וויבאַלד דער קאַמפּף ווערט פּערזענליך, צופּלאַקערן זיך די ליידענשאַפטען, און ביסלעכווייז טרעט אָב דער הויפּט שטרייט־פּונקט אויפ׳ן הינטערען פּלאַן, און אין פֿאָדערגרונד זעהט מען נאָר אַ דועל צווישען פּערזענליכע געגנער. די וואָס שטעהען פֿון וויטען שטעלען זיך אייַן צד אָדער פאַר דעם אַנדערען צד. דער צד שפּיעלט די הויפּט־ראָלע, די זאַך אַליין, דער ענין, ווערט כמעט גאָר ניט בעריקזיכטיגט. עס איז שווער, זעהר שווער צו איבערצייגען די וויטשטעהענדע, די ניט אונמיטעלבאַר פּעראינטערעסירטע, אַז עס זיינען דאָ מענשען, אַנהענגער פֿון אַ אידעע, וועלכע דיענען זייער אידעע אָהן שום פּערזענליכען עהרגייץ, אָהן שום יאָגעניש נאָך נצחון צוליעב נצחון. עס איז שווער צו איבערצייגען דאָס זייטיגע פּובליקום, אַז עס זיינען דאָ מענשען, פאַר וועלכע דער נצחון פֿון דער אידעע איז דער עיקר, ווען אָפּילו זייערע פּערזענליכע אינטערעסען זאָלען דערפֿון פּערלירען.

אין אמת׳ן קאָן דער דערמאָנטער שפּראַכען־קאַמפּף בשום אופן ניט בעטראַכט ווערען אַלס אַ קאַמפּף צווישען די ציוניסטען און אַ ניט־ציוניסטישער אָדער אַן אַנטי־ציוניסטישער חברה. דאָס וואָלט געהייסען, מיט אַ כונה פּערקלענערען די בעדייטונג פֿון דעם קאַמפּף. אין דעם קאַמפּף האָט זיך אויסגעדריקט, קלאָרער און שאַרפער ווי ערגעץ וואו אַנדערש, דער גאַנצער אַנטאַגאָניזם צווישען די צוויי הערשענדע הויפּט־שטרעמונגען אין אידישען לעבען, צווישען דער *אידיש־נאַציאָנאַלער* וועלט־אַנשויאונג און דער *אַסימילאַטאָרישער* ריכטונג, צווישען די, וועלכע שטעהען אויף דעם היסטאָרישען באָדען און דענקען וועגען די אידישע צוקונפט אַלס אַ פּראָצעס פֿון פרייער הארמאָ־

נישער ענטוויקלונג פון די איבערליפערטע פאָלקס־כוחות און איי־
גענשאַפטען, און צווישען די, וועלכע האָבען שוין לאַנג פער׳משכונט
די אידישע פערגאַנגענהייט און אויסגעביטען זי אויף די בילינע,
קליינבירגערליכע עמאַנסיפּאַציאָן פון די יחידים און בילדען זיך
איין אין זייער וואולגארער גאוה, אַז זיי קענען פיהרען דאָס פאָלק,
צווינגען דאָס פאָלק, עס זאָל דורכמאַכען אַ פּראָצעס פון אבוויקלונג,
אראָבוואַרפען פון זיך די „ערבליכע בעלאַסטונג“ און איינגעשלונ־
גען ווערען פון דער אַרומיגער סביבה.

דאָס טעכניקום אין חיפה האָט געהאַט דריי שותפים, אָדער
ריכטיגער, דריי אידישע גרופּען זיינען אין איהם געווען פּערטראָ־
טען : אַ רוסישע, אַ דייטשע און אַן אַמעריקאַנישע. די רוסישע
גרופּע איז בעשטאַנען פון זיבען מיטגליעדער, די דייטשע פון ניין
און די אַמעריקאַנישע פון ניין. אָרגאַניזירטע ציוניסטען זיינען
געווען מעהר ניט ווי צוויי אין דער רוסישער גרופּע און צוויי אין
דער אַמעריקאַנער. הייסט דאָס, פיער ציוניסטען אונטער פינף
און צוואַנציג מיטגליעדער. איינער פון דער רוסישער גרופּע געהערט
צו די עדעלסטע און טיעפזיניגסטע אידישע דענקער און צו די
בעסטע בעגרינדער פון דער אידיש־נאַציאָנאַלער וועלט־אַנשויאונג,
און אויך פון דעם ציוניזם, אַלס לאָגישער רעזולטאַט פון דער
נאַציאָנאַלער וועלט־אַנשויאונג, אָבער ער אַליין בעטראַכט זיך ניט
אַלס אָרגאַניזירטער ציוניסט.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז אין דער שפּראַכען־פראַגע איז
ניט געווען קיין שום אונטערשיעד צווישען זיינע פּאָדערונגען און
די פּאָדערונגען פון די ציוניסטען. עס האָט ניט געקענט זיין קיין
אונטערשיעד, ווארים איידער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציאָן האָט
נאָך עקזיסטירט, און די אַלטע חובבי ציון האָבען נאָך נעהאַט יראת
הרוממות פאַר די אַליאַנס איזראַעליט — נאָך צו יענער צייט איז
ער אַרויס אונערשראָקען און האָט כמעט גאַנץ אַליין אויפגענומען
דעם ערשטען שפּראַכען־קאַמפּף אין ארץ ישראל געגען די יחסן׳דיגע
און זיך גרויס־האַלטענדע אידישע חברה.

דאָס איז געווען „אחד העם“.

דערפאַר האָט זיך געפונען אונטער די צוויי אַמעריקאַנישע

ציוניסטישע מיטגליעדער איינער, וואָס איז אין רעכטען מיטען קאַמפף געוואָרען אונטריי זיין אייגענער פּארטיי, זיינע אייגענע פּרינציפּען, און האָט זיך ניט בעגניגט מיט „שב ואל תעשה“, אדרבא, ער איז אריבערגעלאָפען אויף דער אַנדער זייט און האָט ארויסגעגעבען אַ הכשר אויף אַסימילאַטאָרישע פּאָליטיק אין ארץ ישראל. ער האָט געהאָלפען מיט זיין גאַנצער שווערער אויטאָריטעט צו בעקעמפען די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אַ מערקווירדיגע ער־שיינונג, ווי די אַסימילאַציאָן קען אָפּטמאָל זיין איינגעוויקעלט אין אַ מזוזה און אַרומגעדרעהט מיט רצועות. אין אונזער פערקעהרטען גלות לעבען קען אָבער אַלעס פּאַסירען, וואָרים, והא ראיה — עס האָט דאָך פּאַסירט. מיר האָבען אין גלות זעהר פיעל קלוגע קעפּ, זעהר פיעל געלעהרטע, זעהר פיעל שאַרפזיניגע פאָרשער, אָבער קרומע קעפּ האָבען מיר נאָך מעהר, קעפּ מיט אויסגעבויגענע גע־דאַנקען, מיט פערקעהרטע סברות, מיט פערדרעהטער לאָגיק. דאַכט זיך אַזאַ פּשוט׳ע זאַך: מען בויט אַ אידישע האָכשולע אין ארץ ישראל, דאָרט וואו מען האָט שוין גענוג העברעאישע פאָרבערײ־טונגס־שולען, צוויי פולע גימנאַזיען און צוויי לעהרער־סעמינאַריען, די האָכשולע ווערט געגרינדעט און אויסגעהאַלטען ניט פון אַן איינצעלנער אָרגאַניזאַציאָן, נור פון פערטרעטער פון דריי פערשיע־דענע אידישע גרופּען — דאַכט זיך, אַז דער שכל איז מחיב און דער יושר דיקטירט, אַז די נייע האָכשולע מוז פאָרשטעלען אַ נייע עטאַפּע אין דער ארץ־ישראל׳דיגער אידיש־נאַציאָנאַלער ענטוויק־לונג, און אויף אַזאַ אופן קאָן גאָרניט זיין קיין שאלה, וועלכע שפּראַך זאָל דאָרט פערנעהמען דעם אויבען־אָן. אלא וואָס איז די טענה, אַז די העברעאישע שפּראַך איז נאָך ניט גענוג ענטוויקעלט בנוגע צו די וויסענשאַפטליך־טעכנישע אויסדריקע, האָבען דאָך אויך די נאַציאָנאַליסטען פערלאַנגט, אַז דיעזע פראַגע זאָל פאָרגע־לעגט ווערען פאַר עקספּערטען, וועלכע זאָלען זי גרינדליך אונטער־זוכען און אַרויסטראָגען זייער פּסק דין. די נאַציאָנאַליסטען האָ־בען נאָר פּראָטעסטירט אַקעגען דעם, וואָס איינגעבילדעטע עם־הארצים האָבען זיך ערלויבט צו זאָגען אַ דעה אין אַזאַ וויכטיגער אַנגעלעגענהייט.

נו, מילא זייטענס די אסימילאטארען האט מען אזא שטעלונג געקאנט ערווארטען, אבער עס זאלען זיך געפינען ציוניסטען, וועלכע זאלען נאך העלפען די אסימילאטארען אין דער מלחמה — דאס האט זיך ניט געקאנט לעגען אויף קיין גלאטען שכל. אבער, ווי געזאגט, מיר האבען צופיעל קרומע מחות, און טאקי גאנץ אפט ליידען מיר פון זיי. זיי מאכען אונז אן צרות. א פריינד פון מיר איז זיך נוהג אויסצודריקען אין אזא פאל: אז דיין שכל איז אויסגעבויגען ווי א שופר און מיין סברא איז גלייך ווי א מעטער, הייגט נעהם שטופ א מעטער אין א שופר.

# אַסימילאַציאָן טרייבט צו נאַציאָנאַלער מסירה

די איבעריגע פיער מיטגליעדער פון דער רוסישער גרופע אין קוראַטאָריום זיינען אויך צוגעשטאנען צו די פאָדערונגען פון די נאַציאָנאַליסטען, און אויך די אַמעריקאנער מיטגליעדער האָבען פאָרגעשלאָגען אַ פשרה, וועלכע איז פון אַלעמען אַקצעפּטירט געוואָרען. האָט דאָך, דאכט זיך, געקאָנט באמת געשלאָסען ווערען אַ דויערנדער שלום. נור דאָ ליעגט טאקע דער שליסעל, וועלכער עפענט אונז די פרינציפּיעלע זייט פון דעם שפּראכען־קאמפף. מען קאָן זיך פערהאלטען צום אידישען נאַציאָנאַליזם ווי מען וויל, אָבער דער געדאנק אַליין צו גרינדען אַ אידישעם טעכניקום אין חיפה אויפ'ן כרמל איז אַן און פאר זיך אַ נאַציאָנאלער געדאנק. ווען אידישע גרופּען פון פערשיעדענע מדינות פעראייניגען זיך צו בויען די ערשטע אידישע האָכשולע אין ארץ ישראל, ווייזט זיך ארויס אין אַזאַ אקט דער אידיש־נאַציאָנאלער ווילען. די גרונדלאגע, די טרייבענדע קראפט מוז, אין אַזאַ פאל, אַ נאַציאָנאלע זיין, ווען אפילו דער ווילען געהט ארויס ניט פון בעוואוסטזיין, נאָר פון אונטערבעוואוסטזיין. ווייסען מיר דען אַלעס, וואָס שטעקט אין אונזער נשמה, קענען מיר דען אַלע איהרע נייגונגען און רעגונגען, פערשטעהען מיר טאַקע אַלע איהרע סודות, און בפרט נאָך דאָרט וואו זי הערט אויף צו זיין אַן איינצעלנע נשמה, וואו זי ציהט יניקה פון מקור, פון שרש, וואו זי איז פערבונדען מיט אַ פאָלק, מיט אַ פערגאנגענהייט, מיט אַ לאנגער ירושה פון דורות, מיט אַ מסורה, מיט אַ דביר, מיט אַ היכל און מיט אַ קדש־הקדשים?

קעהרען מיר זיך אום צוריק צו די פערשיעדענע מיטגליעדער, גרופּען און קוראַטאָריום פון טעכניקום. די רוסישע מיטגליעדער

האָבען אַלע, אָהן אַן אויסנאהם, אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלע שטעלונג אין בעצוג אויף די שפּראכען־פראגע. און דאָס איז אויך געווען נאַטירליך. דער גרונדשטיין פאַר די גאַנצע אונטערנעהמונג איז געלעגט געוואָרען פון די יורשים פון דעם בעוואוסטען חובב ציון קלונימוס זאב וויסאָצקי, אַ איד אין שעהנסטען זין פון וואָרט, אַ למדן, אַ משכיל, אַ פערטרעטער פון דער אַלטער שולע, אַ מענש מיט נאַציאָנאַלע אידעאַלען, מיט גרויסע צוקונפטס־פּלענער און מיט אַ ברענענדער ליעבע צו ארץ ישראל. איהם, קלונימוס זאב וויסאָצקי'ן, איז דאָס צוערשט איינגעפאַלען דער געדאַנק נאָך מיט דרייסיג יאָהר צוריק מקדיש צו זיין אַ געוויסען סכום פאַר אַ אידישע אוניווערזיטעט אין ירושלים. ליידער איז צו יענער צייט די אידישע וועלט נאָך געווען זעהר אונאָרגאַניזירט, און די „אַליאַנס איזראַעליט" איז געווען די איינציגע אידישע כלומר'שט־אינטער־נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט, וועלכער מען האָט געקאָנט אָנפערטרויען אַ פּקדון אויף דורות. האָט דער גרויסער און ווייט־בליקענדער איד און חובב־ציון איבערגעגעבען דאָס געלד פאַר די ערשטע אידישע אוניווערזיטעט אין ירושלים דער „אַליאַנס איזראַעליט".

די יורשים פון קלונימוס זאב וויסאָצקי האָבען געהאַנדעלט נאָך דעם זין פון דעם „אַלטען'ס" צואה. נאָך דעם זין און ניט נאָך דעם בוכשטאַב. פאָרמעל זיינען זיי ניט געווען געבונדען דורך די צואה צו גרינדען עטוואָס דוקא אין ארץ ישראל. זיי האָבען אָבער מיט בעזונדערער פרייד און חשק אַקצעפּטירט דעם פּלאַן פון טעכניקום אין חיפה, ווייל זיי האָבען אין דער פערווירק־ליכונג פון אַזאַ פּלאַן געזעהן אַ ווינשענסווערטהע קאָמבינאַציאָן פון מאָדערנער אַנשויאונג פון די קינדער, געטראָגען פון אַלטען גייסט פון דעם טאַטען, פון דעם בעל־הצואה. איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך, אַז די גרופּע מיטגליעדער וואָלט זיך זעלבסט פערלייקענט, ווען זי וואָלט ניט געווען פאַר די שטאַרקע בעטאָנונג פון דעם העברעאישען מאָמענט אין דער נייער האָכשולע.

די אַמעריקאַנער מיטגליעדער, אפילו די ניט־נאַציאָנאַל גע־זינטע, האָבען אויך אָנגענומען אַ ריכטיגע שטעלונג צו דער שפּראַך־פראגע, וואָרים זיי זיינען אויך געווען פריי פון פּניות און פון

זייטיגע כונות. פאַר זיי איז דאָס געווען מעהר ניט ווי אַ פּראַק־טישע פראַגע, און דעריבער האָבען זיי פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל ד ע ר ו ו י י ל איינפיהרען די העברעאישע שפּראַך אַלס אונטער־ריכטס־שפּראַך, ו ו י ו ו י י ט ע ס ג ע ה ט ביי דעם איצ־טיגען שטאַנד פון דער העברעאישער ענטוויקלונג. אויף להבא אָבער האָבען זיי אויסגעדריקט בפירוש דעם וואונש, אַז די העברע־אישע שפּראַך זאָל זיין די ה ע ר ש ע נ ד ע אין טעכניקום.

די איינציגע גרופּע, וועלכע איז געווען אונצופריעדען מיט דער פּשרה, איז געווען די דייטשע. זי האָט זיך געפיהלט גע־צוואונגען אונטערצוגעבען, ווייל זי האָט קיין שום מעגליכקייט ניט געהאַט דורכצופיהרען איהר אַסימילאַטאָרישען פּלאַן. טיעף אין הארצען האָט זי פערבאָרגען איהר כעס און ערביטערונג און האָט שטענדיג געקלעהרט פון „רעוואַנש“. פון ווען זשע זאָל מען נעהמען נקמה, ווען ניט פון די ציוניסטען? די ציוניסטען פער־נעהמען דאָךְ דעם זעלבען פּלאַץ אונטער די אידען, ווי די אידען בכלל אונטער די אומות העולם. אויף די ציוניסטען ווענדעט מען אָן, אין געוויסע קרייזען, די זעלבע טאַקטיק, וועלכע די אַנטי־סעמיטען ווענדען אָן אויף די אידען אין אַלגעמיינעם. דאָס דריקט זיך אויס הויפּטזעכליך אין דער קאָלעקטיווער אחריות פון די אידען פאַר דער גרויסער וועלט און פון די ציוניסטען פאַר דער אידישער וועלט. פאַר יעדעם אונגעלונגען וואָרט אָדער אונשעהנע האנד־לונג פון אַ ציוניסט מאַכט מען פעראַנטוואָרטליך ניט דעם בעטרע־פענדען ציוניסט, נאָר דעם ציוניזם. דאָס ערקלעהרט זיך פּשוט. די אַנטיסעמיטען געהען אַזוי ווייט אין זייער האַס צום סעמיטיזם, אַז אפילו דער אַסימילירטער איד בעזיצט נאָךְ אין זייערע אויגען נענוג „סעמיטיזם“, כדי זיי זאָלען פיהלען צו איהם אַ שנאה. דער אַסימילירטער איד געהט אַזוי ווייט אַוועק פון סעמיטיזם, ער זוכט אַזוי ווייט אָבצוטרייסלען פון זיך יעדען סימן פון סעמיטיזם, אַז וואו ער זעהט אַ טרעגער פון ציוניזם, ווערט ער אַ פערצאַפּעלטער. דער אינסטינקט זאָגט איהם אונטער, אַז דער ציוניסט איז זיין שלימסטער, געפעהרליכסטער געגנער, וואָרים דער ציוניזם איז דאָךְ דער ק אָ נ צ ע נ ט ר י ר ט ע ר ס ע מ י ט י ז ם.

האָט דער „הילפס־פעראיין דער דייטשען יודען" אויפגענומען דעם קאמפף געגען דעם ציוניזם מיט ביטערקייט און האס, מיט רציחה און נקמה־דורשט, ווי עס איז נאָך ביז צו דיעזען קאמפף קיין מאָל ניט פאָרגעקומען אין אלע מחלוקות און שטרייטיגקייטען, וועלכע מען האָט געפיהרט מיט דער ציוניסטישער אָרגאניזאציאָן. נור איין מאָל, געדענק איך, איז פאָרגעקומען עטוואָס עהנליכעס. דאָס איז געווען אין דער ערשטער צייט נאָך דער אויפלעזונג פון דער ערשטער רוסישער „דומע". כל זמן די דומע האָט נאָך געלעבט, און מען האָט נאָך געהאט וועלכע עס איז האָפנונגען אויף אלגעמיינע און אידישע ישועות, האָט זיך די אידישע גרופע אין דער דומע געפיהלט ווי א געשלאָסענע קערפערשאפט. עס זיינען פאָרגעקומען אין די בעראטהונגען פון דער גרופע זעהר אָפט גאנץ הייסע דעבאטען, דען אויך אין דיעזער גרופע זיינען געווען פערטראָטען מענשען פון דיאמעטראל ענטגעגענגעזעצטע וועלט־אנשויאונגען, דאָך האָבען זיי אלע געהאט איין שותפות'דיגען ברענפונקט אין זייער פאָליטישען פראָגראם: די אידישע גלייכבערעכטיגונג, אָדער, ווי מען פלעגט עס צו יענער צייט בעצייכענען, די אידישע פ ו ל ב ע ר ע כ ט י ג ו נ ג. בלייבען ביי איינפאכער גלייכבערעכטיגונג איז דאמאָלס געהאלטען געוואָרען פאר א פחיתות הכבוד. אין דיעזען ברענפונקט זיינען אלע געווען פעראייניגט. וכוחים פלעגען ארויסקומען נור ביי דעם עפענען פון די קלאמערן, דעם מרכא־טפחא, אין וועלכע די „פולבערעכטיגונג" איז געווען איינגעשלאָסען. בעזונדערס האָט מען זיך געהיצט וועגען דעם פונקט „נאציאָנאלע זעלבסטבעשטימונג". דאָ פלעגט פאָרקומען דער אמת'ער „ויתרוצצו", פונקט נאָך דער בעשרייבונג פון רש"י אין תולדות, די ליידענשאפטען פלעגען פלאצען, און דער קאמפף, — א אידען קאמפף, — פלעגט ניט זעלטען איבערטרעטען די גרעניץ פון פארלאמענטאריזם, פאר וועלכען אלע האָבען זיך בעמיהט צו האָבען דרך ארץ.

די דומע איז אָבער אויפגעלעזט געוואָרען, ברוטאל, העזה'דיג, און אלע, אָהן אַן אויסנאהם, סיי רוסען, סיי פוילען, סיי אידען, האָבען זיך געפיהלט ניט ענטטוישט, נאָר פשוט אָבגענארט, אויס־

געלאכט, עפעס ווי אָבגעשמיסענע, גלייך ווי מען האָט זיך אָנגע־
שפיעלט מיט אַ מפיל־קינד און ניט געמערקט ביים שפיעלען זיך,
אַז די כשר'ע נשמה'לע איז שוין לאנג אַוועקגעפלויגען... דאָ איז
אויך געקומען דער סוף צו דער קינסטליכער אידישער איינהייט.
בעזונדערס די אַסימילאַטאָרען, וועלכע האָבען זיך די גאנצע צייט
איינגעהאלטען, פערבאָרגען זייערע אַסימילאַטאָרישע טענדענצען
און אויסגעפיינט זיך גאָר אָפטמאָל מיט נאַציאָנאַל קלינגענדע פראַ־
זען — בעזונדערס זיי האָבען אַפנים חרטה געהאט אויף דער גאנ־
צער מעשה. צוליעב וואָס האָבען זיי זיך געפייניגט, צוליעב וואָס
האָבען זיי אויסגעהאלטען אַזאַ לאַנגען אַסימילאַטאָרישען תענית?
דער שד איז אַרויסגעשפרונגען און האָט געזוכט בעפריעדיגונג פאַר
די יסורים און פאַר'ן לאַנגען תענית. דאַמאָלס איז אַרויסגעטרעטען
אַ גרופע פון פעטערבורגער אידישע אינטעליגענטען — מען האָט
זיי גערופען „די דערגרייכער“ — און האָט געטהאָן דאָסזעלבע
וואָס דער „הילפס־פעראיין“ האָט געטהאָן, אין פערגרעסערטען
פאָרמאַט. 9 יאָהר שפעטער, — זי האָט נעמליך אָבגעדרוקט אַן
ערקלעהרונג אין זייער אָרגאַן, דוקא אין דער רוסישער שפראך,
מכח דעם ציוניזם און די ציוניסטען.

מען רופט דאָס אַן ערקלעהרונג, אין אמת'ען אָבער איז דאָס
מעהר ווי אַ פשוט'ע ערקלעהרונג, אין אמת'ען איז עס אַ נאַציאָ־
נאַלע פערלוימדונג, און ווען זי וואָלט ניט געהאט אין זיך דייטליכע
עלעמענטען פון עם־הארצות און קורצזיכטיגקייט, וואָלט מען זי
אפילו געקאָנט אָנרופען אַ פשוט'ע מסירה'לע. אידען געהען אַרויס
און ערקלעהרען, אַז דער ציוניסטישער געדאַנק שליעסט אויס די
פאַטריאָטישע געזינונג צו דער מדינה, וואו מען לעבט, און בכן...
בכן האָבען די ציוניסטען קיין רעכט ניט צו פאָדערען פאַר זיך
גלייכבערעכטיגונג. עס קומען אידען און שפאלטען די אידען אין
צוויי מחנות, איין מחנה איז כשר פאַר גלייכבערעכטיגונג, דאָס
הייסט פאַר די בעלי־בתים, די אַנדערע מחנה איז פסול, טרפה.
איין מחנה פערדיענט צוטרויען אין די הויכע פענסטער, די אַנדערע
איז ניט ווערטה, וואָס די ערד טראָגט זי. איין מחנה איז צופער־
לעסיג, ווייל זי האָט מוחל געווען אויף אַן אייגענע צוקונפט, אויף

דער אנדער מחנה קאָן מען ניט בויען, ווייל זי טראָגט אין זיך אלטע זכרונות און נייע א י י ג ע נ ע האָפנונגען.

וויפיעל שפלות, וויפיעל קנעכטישע געזינונג און וויפיעל פאָ־ליטישע אונרייפקייט ליעגט אין אזא מסירה! די שפלות און די קנעכטישע געזינונג ברויכט מען ניט צו ערקלעהרען, זיי שטעכען פשוט אויס די אויגען. וועגען די פאָליטישע אָרימזעליגקייט און אונרייפקייט, וועלכע ליעגען אין אזעלכע אָנגריפען אויף דעם ציוניזם, לוינט זיך א ביסעל אָבצושטעלען, ווייל די ערשיינונג איז אן אלגעמיין אידישע און קאָן בעטראכט ווערען, ווי איינע פון די ט ר ו י ע ר י ג ס ט ע ערשיינונגען פון אונזער גלות־לעבען; ווייל מען קאָן זי גאנץ אָפט בעאָבאכטען איבעראל, אין רוסלאנד, ווי אין דייטשלאנד, אין עסטרייך ווי אין אמעריקא, און אין אלער לעצטער צייט זאָגאר אויך אין ארץ ישראל, דאָרט, וואו עס שימערט נאָך אונז די איינציגע האָפנונג, אז אונזער פאָלק קאָן זיך נאָך בענייען און רעטען זיך פון דעם פיזישען און גייסטיגען גלות, דאָרט, וואו מיר גלויבען נאָך, אז מיר קאָנען נאָך זוכה זיין צו דעם גרויסען אקט פון תחית־המתים.

# נאַקעטקייט פון דער אַסימילאַציאָן

קיינער האָט נאָך ניט אַזוי טיעף, אַזוי אַלזייטיג פערשטאַנען די פּסיכאָלאָגיע פון גלות ווי די צוויי געניאַלע משוררים פון פאַ־ריגען יאָהרהונדערט, היינע און שאמיסאָ. איינער, אַ קינד פון אַלטען גלות־פאָלק, האָט בעזונגען די שמערצען פון גלות, די הייליגע יסורים פון אַ בענקענדע נשמה און ער האָט געלאָזען דער וועלט אַ רייכע ירושה: „די העברעאישע מעלאָדיען“ און זיין „ודוי הגדול“. דער אַנדערער, וועלכער האָט פערזוכט נאָר עטוואָס פון גלות, — אַליין אַ פראַנצויז און ווערט צופעליג אַ דייטשער דיכטער, — האָט אונז מזכה געוועזן מיט דער וויציגסטער, פיינסטער און שאַרפסטער כאַראַקטעריסטיק פון גלות, מיט זיין ערצעהלונג פון „פעטער שלומיאל“. זיי האָבעןביידע פערשטאַנען אויפ'ן פיינ־סטען אופן דעם גלות מיט זיינע טיעפענישען און זיי האָבען איהם ביידע קינסטלעריש פעראייביגט, אונאיבערטראָפען פעראייביגט.

דער פעטער שלומיאל, ווען ער זעהט, וואָס פאַר יסורים זיין שאַטענלאָזיגקייט פערשאַפט איהם אויף שריט און טריט, פאַלט אויף אַ המצאה. ער איז זיך מישב און געהט צו דעם גרעסטען קינסטלער און שלאָגט איהם פאָר אַ גרויסע מטבע, נור ער זאָל איהם שאַפען אַ קינסטליכען שאָטען במקום דעם פערשוואונדענעם. ער האָט איינגעזעהן, אַז אַ שאָטען מוז י ע ד ע ר מענש האָבען, ווען ניט, ווערט מען אַרויסגעשטויסען פון דער געזעלשאַפט, און יעדער בזוי און פערברעכער נעהמט זיך דאָס רעכט זיך לוסטיג צו מאַכען איבער דעם שאָטענלאָזען. דעם אייגענעם שאָטען האָט ער אָבער גע'פטר'ט, פערקויפט, פערשאַכערט. פאַר וואָס זאָל דאָס ניט געהן צו פערשאַפען זיך אַ קינסטליכען. מאַכט מען דאָך קינסטליכע הענד און פיס. אמת, זיי זיינען ניט דאָס וואָס די

נאַטירליכע, מען בעוועגט זיך ניט מ י ט זיי, מען מוז ז י י בע־
וועגען. מאכט מען דאָך אפילו קינסטליכע אויגען. אמת, מען
זעהט ניט מ י ט זיי, אָבער אנדערע זעהען זיי און האָבען אַ טעות.
פאַר וואָס זאָל מען ניט קאָנען מאכען אַ קינסטליכען שאָטען, אַז
אויסגעמאָלטען, מען זאָל איהם קאָנען נאָכטראָגען נאָך זיך? אמת,
ער וועט ניט שטימען מיט דער בעלייכטונג פון דער זון אָדער פון
דער לבנה, ער וועט ניט קאָנען געמאכט ווערען לענגער אָדער קיר־
צער, דונקעלער אָדער העלער, וואָרים ער איז דאָך מעהר ניט ווי אַ
געמאָלטער גולם. אָבער פּאַרט בעסער ווי גאָרניט. אָהן אַ
שאָטען איז נאָך ערגער ווי אַרויסצוגעהן אַ נאַקעטער אין גאַס.
דער נאַקעטער איז דאָך נאָר נאַקעט פון דרויסען, אינוועניג איז
ער מיט אַלע מענשען גלייך. דער וואָס האָט אָבער קיין שאָטען
ניט, ווערט עפּעס בעטראַכט ווי איינער, וואָס וואָלט געווען נאַקעט
פון אינוועניג.

דער קינסטלער איז נשתומם געוואָרען. פערשיעדענעס
האָט ער אין זיין לעבען פערזוכט איבערצוטראָגען אויפ׳ן
לייווענט, דאָס גאָלד פון דער זון, דאָס גרין פון די בוימער, דאָס
זילבער פון דעם רוישענדען וואַסער — אָבער מאָלען אַ שאָטען,
דאָס איז איהם נאָך קיין מאָל ניט פאָרגעקומען. און ווי אזוי
האָסט דו פערלאָרען דיין שאָטען, דו שלומיאל? שלומיאל האָט מורא
געהאט אָנפערטרויען זיך דעם קינסטלער און אויסזאָגען איהם דעם
גאַנצען אמת. דערצעהלט ער איהם אַ גאַנצע מעשה, ווי ער האָט
געמאכט רייזען אין רוסלאַנד, דער פראָסט האָט געברענט, און ער
אַליין האָט זיך געאיילט, האָט ער ניט געקאָנט גוט אויפפּאַסען
און האָט פערלאָרען זיין שאָטען. ער איז צוגעפראָרען געוואָרען
און האָט זיך אָבגעריסען פון איהם, פון שלומיאל. דאַכט זיך,
אַז אונגליקליכער מענש, דער שלומיאל. דער קינסטלער אָבער
צייגט ניט אַרויס צו איהם קיין איינציגען פונק פון מיטלייד.
אדרבא, ער ווערט אויף איהם שטאַרק אויפגעבראַכט: דו, אונגליק־
זעליגער, ווי קאָן איך דיר אָנפערטרויען אַ קונסט־ווערק, ווען דו
האָסט דיין א י י ג ע נ ע ם שאָטען, פון גאָט דיר אָנפערטרויטען,
פון דער נאַטור צו דיר צוגעוואַקסענעם, ניט געקאָנט איינהיטען.

עס וואָלט געווען אַ פערברעכען מאַכען דיך פאַר אַ בעל־הבית איבער אַ קונסט־ווערק! אויסערדעם פערוועקסעלסט דו די בעגריפען. דו מיינסט די קונסט האָט זיך אַראָבגעלאָזען פון הימעל צו אונז, ערד־בעוואוינער, כדי מיר זאָלען מיט איהר הילפע קאָנען גאַנץ מאַכען דאָס, וואָס די מענשען צושטערען, מכפּר זיין מיט קונסט־ווערקען אויף די עבירות, וואָס מען פערברעכט געגען דער נאַטור. דו האָסט אַ טעות, זינדער. קונסט איז ניט קינסטליך, ווען זיי שטאַמען אפילו שפּראַכליך פון איין שורש. ניטאָ קיין קונסט במקום נאַטור, די קונסט איז נאָר אַ פּירוש אויף נאַטור. ערזעצען, ערגענצען קאָן מען נאָר קינסטליך, טעכניש, מעכאַניש — דערפון שטאַמען די אָבגעטער און דער געצענדיענסט!

אָרימזעליגע אַסימילאַטאָרען! שאַמיסאָ האָט אייך געגעבען אַ קלאָרע תשובה. איהר קומט און פער׳מסר׳ט אייערע אייגענע ברידער און איהר מיינט, אַז דורך אַזאַ מסירה וועט איהר זיך אַליין רעטען, און איהר פערשטעהט גאָר ניט, אַז איהר פערלוימדעט זיך אַליין אויף דעם געפעהרליכסטען אופן. איהר קומט און איהר טענה׳ט, אַז איהר זייט פיינע מענשען, אַז פאַר אייך איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען, וואָרום איהר טראָגט שוין לאַנג נאָך זיך נישט נאָך קיין אייגענעם שאָטען, ער איז שוין לאַנג פערשוואונדען, צוגעפראָרען צו אַ פרעמדען באָדען מחמת גרויס קעלט, אָדער צו־שמאָלצען געוואָרען פון אַ פרעמדער זון מחמת גרויסע היץ. „אָט — אַזוי טענה׳ט איהר ווייטער, — פאַר ד י האָט מורא, פאַר די ציוניסטען, וואָרים הינטער זיי געהט נאָך אַ לאַנגע פערגאַנגענ־הייט און פאַר זיי שוועבט אַן אייגענע צוקונפט. מיר זיינען אָבער שעהנע מענשען, נאַקעט פון הינטען, נאַקעט פון פאָרענט, און אינוועניג אָהן אַן אייגענעם אינהאַלט. מיר שליסען זיך אָן אייך אָן, מיר בעטען אייך, מיר האָבען נאָר איין בקשה: ערלויבט אונז אַרויפציהען אויף זיך אייערע אָבגעטראָגענע קליידער, מיר ווע̇לען אויף זיי מאַכען „שהחיינו“, גלייך ווי זיי וואָלטען געווען גאָר שפּאָגעל נייע, לאָזט אונז אָנפילען אונזער „איך“ מיט די „שיריים“ פון אייער אינהאַלט. איהר לעבט דאָך בהרחבה, פון אייער אינ־האַלט ברעקלען זיך אָפטמאָל אָב קליינע חלקים, פאַר אונז וועט

דאָס זיין די והותר. וועט אונזער אינהאַלט זיין אַ שיטערער, אַ דורכזיכטיגער, עס שאַדט ניט, מיר וועלען זיין שטאָלץ אויף איהם, ווייל ער איז אַן אינהאַלט פון אייער אינהאַלט. איהר ווייסט ניט, ווי מיר לעכצען און ציהען זיך צו א י י ך, מיט אונזער גאַנצער נאַקעטער און אינהאַלטסלאָזער נשמה.“ איין זאַך וועט איהר פּועל׳ן מיט אייער מסירה — פאַר די ציוניסטען וועט מען אָנהויבען מעהר מורא צו האָבען, מען וועט שאַפען פאַר זיי נייע גזרות, מען וועט זעהן זיי צו דריקען, צו פערפאָלגען, אָבער אייך וועט מען אָנהויבען מעהר פ ע ר א כ ט ע ן, מען וועט אייך האַלטען פאַר בזוים, פאַר לעדיג־געהער, פאַר שמאַראָצער, מען וועט אייך אַרויס־וואַרפען קליידער „טלאי על גבי טלאי“ און מיט ברעקלעך קלייבען וועט מען אייך מכבד זיין אונטער׳ן טיש... עס וועלען קומען די אמת׳ע קינסטלער, די וואָס טראָגען אין זיך גאָט׳ס אַ פונק, און זיי וועלען אייך זאָגען: דעם א י י ג ע נ ע ם, פון גאָט אָנפער־טרויטען, פון דער נאַטור צוגעוואַקסענעם שאָטען האָט איהר ניט געקאָנט איינהיטען, ווי זאָלען מיר אייך אָנפערטרויען אַ קונסט־ווערק, אַ פרעמד ווערק, צו וועלכען איהר האָט גאָר קיין שייכות ניט.

דאָס איז איין פּונקט. עס איז אָבער דאָ נאָך אַ פּונקט אין דער אַסימילאַטאָרישער מסירה, נאָך ניעדריגער, נאָך געפעהר־ליכער. זאָל מען צוגעבען אויף אַ ווײַלע, אַז די וועלט בעזיצט ניט פיעל קינסטלער מיט אַזאַ פיינער אויפפאַסונג פון קונסט און פון שאָטען ווי דער קינסטלער פון שאַמיסאָ. זאָל מען מסכים זיין אויף אַ ווײַלע, אַז די מייסטע מלוכות זיינען פּאָליציי־שטאַאַטען מיט ה ע ר ש ע נ ד ע נאַציאָנען, און די הערשענדע נאַציאָנען פער־שטעהען ניט קיין חכמות און ווילען און פאָדערען, אַז די אַנדערע נאַציאָנען זאָלען פון זיי איינגעשלונגען ווערען. דאָס וואָלט געווען אפילו אַ זעהר וואולגאַרע אויפפאַסונג פון דעם סאָציאַלען פּראָבלעם, אָבער אפשר איז טאַקע די מענשליכע געזעלשאַפט וואולגאַר, און די אַסימילאַטאָרען האָבען זי בעסער און ריכטיגער תופס געווען. קומען זיי און ווילען מאַכען אַ סוף צו די אידישע צרות. מאַכען זיי אַזאַ חשבון: די ציוניסטען זיינען דאָך גאָר אַ פערשווינדענדע מינאָריטעט לגבי „כלל ישראל“. לאָמיר זיי מקריב זיין צוליעב

דָאס אַלגעמיינע אידישע גליק. מיר וועלען געבען די אַנטי־סעמיטען, די אָפענע און די פערבאָרגענע, כּאַבּאַר, שוחד; זיי מוזען דאָך האָבען אויף וועמען אויסצולאָזען זייער כעס, אויף וועמען אויסצוגיסען זייער אַנטיסעמיטישע גאַל — זאָלען זיי פרעסען די ציוניסטען, און דער כּלל ישראל וועט געהאָלפען ווערען.

אָרימזעליגע פּסיכאָלאָגען! איהר מיינט צו פער׳מסר׳ען אַ פערשווינדענדע מינאָריטעט און איהר זייט מקריב דעם כּלל צו־ליעב אַ הייפעלע אַסימילאַטאָרען. די אַנטיסעמיטען וועלען מסכּים זיין צו אייער הנחה, זיי וועלען זיך ערקלעהרען איינפערשטאַנדען מיט אייער פּסק דין: אַז דער, וואָס קאָן ניט איינגעשלונגען ווערען פון דער סביבה ביז אונקענטיג ווערען, מוז אַרויסציהען. דער, וואָס קאָן ניט פערשווינדען, מוז שווינדען, וואָרום אַזוי קומט אויס נאָך דער טהעאָריע פון אַלטע רעטראָגראַדען, דונקעל־מענער און שוואַרצע־מאה׳ניקעס. אָבער זיי וועלען זיך ניט בעגניגען מיט דעם קליינעם קרבּן, וואָס איהר ווילט מקריב זיין פאַר זיי. זיי וועלען אייך בעווייזען, אַז דער כּלל ישראל האלט ניט מיט אייך, נאָר דוקא מיט די ציוניסטען, און טויזענד ראיות וועלען זיי אייך ברענגען, און טאַקע ריכטיגע ראיות. זיי וועלען אייך בעווייזען, אַז איהר זייט אונוויסענדע, עם־הארצים, אַז איהר קענט ניט אייער אייגען פאָלק, ניט זיינע טראַדיציאָנען, ניט זיין פערגאַנגענהייט, ניט זיין געגענוואַרט. זיי וועלען אייך פיהרען אין שוהל און וועלען אייך איבערזעצען די אידישע תּפלות, זיי וועלען מיט אייך לייענען קינות, זיי וועלען אייך אָנווייזען אויף דער תּפלה פאַר׳ן קיסר, וואָס אפילו זי פערענדיגט זיך מיט דער בּקשה: „אין זיינע טעג און אין אונזערע טעג זאָל געהאָלפען ווערען יהודה און ישראל זאָל רוהען אונגעשטערט אויף זיין אייגענעם באָדען“. זיי וועלען אייך אָנווייזען אויף די גאַנצע אידישע ליטעראַטור, זייט טיטים האָט חרוב געמאכט דעם בּית המקדש ביז אויף דעם לעצטען אידישען דיכטער פון דער געגענוואַרט, דורכגעדרונגען פון פער־עהרונג פאַר די פערגאַנגענהייט און פון האָפנונג פאַר די צוקונפט. זיי וועלען אייך ווייזען אויף משיח׳ען, דאָס הייסט אויף די אידישע זעהנזוכט נאָך משיח׳ן. זיי וועלען אייך נאָך פיעלעס ווייזען און

פיעלעס בעווייזען, זיי וועלען שוין אויסגעפינען די ענטשפרעכענדע מומחים, וואָס האָבען מעהר געלערענט פאַר אייך און ווייסען בעסער פאַר אייך דאָס אידישע פאָלק און דעם אידישען אינהאלט. און צום סוף וועלען זיי אייך זאָגען: אייער משפט איבער די ציוניסטען איז גערעכט, אָבער דעם חשבון לאָזט אונז אליין מאכען. זיי וועלען אייך דאנקען פאַר אייער פסק־דין, וואָרים שטרענגער האָט דער שלימסטער און פערביסענסטער אנטיסעמיט ניט געקאָנט פסק׳ענען, אָבער אויספיהרען דעם פסק וועלען זיי אליין און זיי וועלען איהם אָנווענדען אויף דעם כ ל ל י ש ר א ל, און אפשר אויף אייך אליין אויך. זיי וועלען אייך בעטראכטען אלס פעלשער, אלס פאָליטיקער, וועלכע פערגראָבען טיעף זייערע אייגענע מחשבות.

אין דער גאנצער וועלט האָבען די אסימילאטאָרען איין טבע: זיי שטעלען שטענדיג ארוים זייער איבער־פאטריאָטיזם. און ווען זיי לאָזען זיך אראָב פון זייערע הויכע פאלאצען און קומען אין די אידישע קווארטאלען, טהוען זיי דאָס, ווי איינער, וואָס איז מבקר חולה. דער בליק איז פול רחמנות און די צונג פול עצות, און אלע ווערען זיי פרעדיגער און גיבען זייערע „אָרימע ברידער" א לעקציאָן אין הלכות פאטריאָטיזם. און די ארומיגע, די שכנים, די פרעמדע, לייענען אויף מאָרגען די קלוגע און טיעף מאָראלישע ווערטער פון די אידישע „פאָרשטעהער" און זיי דענקען זיך: ווי שלעכט מוז עס אויסזעהן מיט דעם אידישען פאטריאָטיזם, ווען מען מוז שטענדיג דערמאָנען זיי מכח איהם.

די זעלבע שיטה און די זעלבע מיטעל האָט אויך דער „הילפס־פעראיין דער דייטשען יודען" אָנגעווענדעט אין זיין קאמפף געגען די ציוניסטען, אין דייטשלאנד און אין ארץ ישראל גופא. עס איז אזוי ווייט געקומען, אז די מיטגליעדער פון „דעם דייטש־אידישען אנטי־ציוניסטישען קאָמיטעט" בשותפות מיט די מענער פון דער לייטונג פון הילפס־פעראיין, האָבען אויסגעגעבען גרויסע סומען געלד און אָבגעדרוקט אין אלע גרויסע און מיטעלע דייטשע צייטונגען אן ערקלעהרונג מיט דעם זעלבען נוסח און מיט דער זעלבער מסירה. זיי האָבען געלאָזט וויסען די וועלט, די

קריסטליכע וועלט, אז זיי אליין זיינען פיינע מענשען, גליהענדע פאטריאָטען, אז זיי פיהלען זיך איינס מיט זייערע שכנים, פשוט ווי איין גוף און איין נשמה, נאָר אין בעצוג אויף רעליגיאָן לאָזען זיי איבער א קליין מחיצה'לע. ווייטער האָבען זיי פערלוימדעט די ציוניסטען, דיעזע „פאטערלאנדסלאָזע געזעלען", וואָס האָבען די חוצפה צו פיהרען א קאמפף וועגען העברעאיש און טרוימען פון א אידיש־נאציאָנאלער צוקונפט. זיי האָבען בכן ערקלעהרט ווייטער, אז מהיום והלאה לעגען זיי ארויף א געזעלשאפטליכען חרם אויף די ציוניסטען, זיי וועלען מיט זיי זיך ניט צונויפקומען אפילו אויף דעם נייטראלען באָדען פון דער פילאנטראָפישער טהעטיגקייט. און גע'חתמ'עט זיינען געוועז אלע קאָמערציענ־רעטהע און אלע געהיימרעטהע, פּאָליטיקער און סתם כלל־טהוער. די אסימילאציאָנסזוכט און דער פחד פאר דעם וואקסענדען ציוניזם האָט זיי אלע פעראייניגט.

# פערבאָרגענע פאָלקס־סימפּאַטיען

איינגעשלאָפענע סימפּאַטהיען פון א פאָלקס־זעעלע מוזען האָבען אן אויסערען שטויס, כדי זיי זאָלען ערשיטערט ווערען און ארויסגעהן פון דעם בעהאַלטענעם ווינקעל, וואוהין מען האָט זיי אָדער וואוהין זיי האָבען זיך פערריקט. דער קאמפף וועגען די לעהר־שפּראַך אין חיפה'ר טעכניקום האָט דעריבער געהאט די בעדייטונג ניט פון אן איינצעלפאל, ניט פון א געוועהנליכען סכסוך, ער האָט באלד פעראינטערעסירט כמעט די גאַנצע אידישע געזעלשאפט אין אייראָפּא. ס'קאָן אפשר קלינגען עטוואָס קאָמיש, אָבער עס איז א טהאַט־זאך, אז דער „הילפס־פעראיין דער דייטשען יודען" האָט מיט זיין אונגעלומפּערטען אנגריף אויף די העברעאישע שפּראך מעהר געהאָלפען ארויסצורופען די סימפּאטהיען פאר העברעאיש און דעם נייעם ישוב בכלל אלס די ציוניסטישע אָרגאַניזאציאָן מיט איהר פערטהיידיגונגס־פּראָפּאגאנדא. אזעלכע ערשיינונגען קומען אָפט פאָר אין עפענטליכען לעבען.

דער פיהרער פון הילפס־פעראיין האָט בכבודו ובעצמו געמאכט א רייזע נאָך ארץ ישראל גלייך נאָך דעם ווי דער סכסוך האָט אויסגעבראָכען אין קוראטאָריום פון טעכניקום, אם 26טען אָקטאָבער 1913. ער האָט געמיינט, אז וויבאלד ער וועט זיך דאָרט אליין ציגען, וועט גאַנץ ארץ ישראל פאלען פאר איהם כורעים און בעטען ביי איהם מחילה, וואָס מען האָט זיך ניט פערלאָזען אין דער שפּראכען־פראגע אויף דעם יושר פון איהם און פון הילפס־פעראיין. ער האָט אָבער א טעות געהאט. ארץ ישראל האָט זיך פאר די לעצטע צעהן יאָהר זעהר אויסגעגלייכט און וויל ניט מעהר בויגען דעם רוקען פאר א אידישען אסימילאַנטען. דער פיהרער פון הילפס־פעראיין האָט באלד איינגעזעהן, אז ער

האָט דאָ צו טהאָן מיט אן עלעמענטאַרען געזעלשאפטליכען ווילען, און האָט בעטרעטען אן אנדער וועג. פּאָליציי, טערקישע פּאָליציי, איז אריינגעדרונגען אין די שולען און האָט פערטריבען פון דאָרט די ווידערשפּעניגע לעהרער און לעהרערינס. דער פּאַשאַ פון ירושלים האָט ארויסגעגעבען א בעפעהל, וועלכער האָט ענטהאַל־טען א ווארנונג פאר די ציוניסטען. מען האָט געזאמעלט חתימות אויף אַ הכשר פאר דעם הילפס־פעראיין פון אַלטע רבנים און פון סתם חלוקה לייט. און ועל כולם האָט מען אָנגעווענדעט דאָס אַלטע מיטעל, און דער פיהרער פון הילפס־פעראיין איז מיט אמאָל גע־וואָרען דער פערטהיידיגער פון דער אידישער רעליגיאָן אין ארץ ישראל. ער האָט זיך זעלבסט געקרוינט צום רעטער פון ארץ ישראל אנקעגען די ציוניסטישע אפּיקורסות. איינפאַך צום לאכען, ווען עס וואָלט ניט געווען אזוי טרויעריג. טאַטעס פון געטויפטע קינ־דער, זיידעס, וואָס פיהרען אליין זייערע ניי געבאָרענע אייניק־לעך אין די קירכע און פונקציאָנירען אלס עדות ביי דער טבילה, התמה׳נען זיך אויף דעם אַנטי־ציוניסטישען אויפרוף, וואו זיי זאָגען, אז נאָר אין עניני אמונה אונטערשיידען זיי זיך פון זייערע שכנים, און אַ מאַן, וואָס האָט ניט קיין בעגריף פון אידישען „אלף בית“, ווערט דער אפּוטרופּוס אויף די אידישע רעליגיעזע אינטערעסען, און וואו, אין ארץ ישראל. עס האָבען זיך געפונען צבועים און סתם ביליגע נשמות, וועלכע האָבען ניט בעגריפען די ביטערע איראָניע, וואָס שטעקט אין אזא האנדלונג, און זיי האָבען דעם פיהרער פון הילפס־פעראיין געהאָלפען אין זיין קאָמי־שער און נאָך מעהר טרויעריגער ראָלע.

ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין בעריהמט געוואָרענער רייזע נאָך ארץ ישראל, האָט ער ארויסגעגעבען אַ חבור, געדרוקט אלס מאַנוסקריפּט און פערשיקט אין אַלע וועלט טהיילען אין טויזענדע עקזעמפּלארען. אין דיזער בראָשורע האָט ער פעראייביגט די אנטי־ציוניסטישע מסירה, וועלכע איז ניט מילדער אבגעפאסט ווי די מסירה פון די שמרונים אין דער צייט פון עזרא און נחמיה. אין איהר, אין דער בראָשורע, ווערען אויפמערקזאם געמאַכט אויף די ציוניסטישע סכנה: די **ט ע ר ק י ש ע** רעגירונג, די

א ר א ב י ש ע  בעפעלקערונג און די „שלומי אמוני ישראל“. מילא די לעצטע לאָזען מיר ביי זייט, אָבער די טערקישע רעגי־רונג און די אראבישע בעפעלקערונג האָבען אפשר טאקע אריינ־גענומען אין זיך א חלק פון דעם אויסגעשפריצטען גיפט. די באַ־צילען פון א מסירה זיינען אין דיזער הינזיכט גלייך צו די אנדערע שעדליכע באצילען, וועלכע פערברייטען קראנקהייטען און מגפות. זיי ברויכען ניט צו ווירקען דוקא גלייך ווי זיי ווערען ארויסגע־לאָזען. אָפטמאָל ליעגען זיי אָב חדשים און יאָהרען לאנג, ביז עס קומט אויף פאר זיי די גינסטיגע געלעגענהייט, און דאן נעהמען זיי זיך צו זייער פערגיפטענדער ארבייט. ערשט ווען די מגפה איז פארביי, קומען די פאָרשער און זוכען אויסצוגעפינען דעם וועג, וועלכען די באצילען האָבען דורכגעמאכט.

דערווייל איז די מלחמה אָנגעגאנגען די גאנצע צייט, אין די גלות לענדער ווי אין ארץ ישראל גופא. און דאָ איז געשעהן עט־וואָס וואונדערבארעס. אין דייטשלאנד איז די גאנצע יוגענד, די גאנצע אינטעליגענץ כמעט, אריבער אויף דער נאציאָנאלער זייט. דאָס איז געווען א קראפט־פּראָבע צווישען דעם נאציאָנאלען געדאנק און דער אסימילאציאָן, און מנצח געווען האָט דער נאציאָנאלער גע־דאנק. צום ערשטען מאָל האָט די גרויסע וועלט איינגעזעהן, אז מען האָט זי גענארט. מען האָט איהר ערצעהלט מעשיות פון א פערשטאָרבענער פערגאנגענהייט, פון א פערשוואונדענער שפּראך, פון אן אויפגעלעזטער נאציאָן. מיט אמאָל האָט זי געהערט פון א אידישען שפּראכען־קאמפּף, פון א רעוואָלוציאָן אין פּאלעס־טינא. צייטונגען ווי „דאָס בערלינער טאגעבלאט“ און „די פראנק־פורטער צייטונג“, וועלכע ציטערען צו בעריהרען א אידיש טהעמא, כדי מען זאָל זיך ניט דערמאהנען, אז די בעלי בתים פון די צייטונ־גען און 90% פון די מיטארבייטער זיינען אידען, האָבען מיט אמאָל געמוזט ברענגען ידיעות וועגען די „אידישע מלחמה.“ און טעלע־גראמען זיינען געפלויגען, און לייט־ארטיקלען זיינען געשריבען געוואָרען. עס מאכט ניט אויס, וואָס די אלע ידיעות און די אר־טיקלען האָבען געצייגט א שטארקע נטיה צום צד פון הילפס־פער־איין. א נאציאָנאלע שטעלונג האָט מען פון אזא פרעסע ניט גע־

קאָנט ערוואַרטען. אָבער דער פאקט אַליין איז געווען וויכטיג. אין ארץ ישראל איז טאַקע צו א רעוואָלוציאָן ניט געקומען, דערפאר אָבער האָט דער שפּראַכען־קאַמפּף פעראורזאכט א וואהרע רעוואָ־לוציאָן אין טויזענדע און טויזענדע פון אידישע מוחות, וועלכע האָבען ביז צו דיעזען קאַמפּף קיין מאָל אין לעבען זיך ניט פער־טראכט וועגען דעם אידישען נאציאָנאַליזם און ציוניזם.

דיזעלבע ערשיינונג האָט מען געקאָנט מערקען אויך אין עסטרייך, גאליציען, בעהמען, אין רוסלאנד, אפילו אין די קליינע מדינות, און צום סוף האָט זיך די איינגעשלאָפענע ענגליש־אידישע געזעלשאפט אויך אביסעל אויפגעמונטערט. ארץ ישראל האָט ניט געקאָנט מעהר פערשווייגען ווערען, און צוליעב דעם שפּראכען־קאַמפּף האָט מען אויך אָנגעהויבען צו רעדען מכח דעם גייעם ישוב אין אַלגעמיין, מכח די קאָלאָניען, תל אביב און חיפה, מכח דאָס עקאָנאָמישע און געזעלשאפטליכע לעבען, מכח די שולען און מכח די אידישע רענעסאנס בעוועגונג. דער שפּראכען־קאמפּף איז געווען דער ערשטער פּאָליטישער ארויסטריט פון דעם נייעם ישוב, אָבער פּאָליטיש ניט אין רעוואָלוציאָנערען, נאָר אין עוואָ־לוציאָנערען זינן פון וואָרט. דורך דעם שפּראכען־קאמפּף האָט דער נייער ישוב בעקומען דעם פּרסום, וועלכען ער פערדיענט, און אַלע מיטעל פון דער אויפגע׳רגז׳טער אסימילאציאָן האָבען ניט געהאָל־פען צו פערדונקעלען זיין בעדייטונג.

דאָס איז געווען א וואונדערבארע צייט. קיין מאָל האָט מען ניט אַזוי שטאַרק אגיטירט פאר דעם ציוניסטישען געדאנק, ווי אין דער צייט פון דעם שפּראכען־קאמפּף. קיין מאָל האָט די אי־דישע גרויסע וועלט זיך ניט אַזוי מוטהיג און וואַרעם אָבגערופען אויף דעם ציוניסטישען אַפּיעל ווי אין דיזער צייט. מען האָט נאָר געדארפט זיין אין די ציוניסטישע פערזאמלונגען אין די גרויסע און אין די קליינע שטעדט פון גאנץ אייראָפּא און צוזעהן, ווי דאָס פּובליקום רעאגירט. שטראהלענדע געזיכטער און אָפּפערווילליגקייט אין די אויגען. עס איז אונריכטיג, פאלש, גאנץ פאלש, ווען מען כאַ־ראַקטעריזירט דיעזען קאמפּף אַלס קאמפּף צווישען דעם הילפס־פער־איין און די ציוניסטען. דאָס שטימט ניט. טויזענדע און טויזענדע

ניט־ציוניסטען האָבען ארויסגעוויזען אזוי פיעל סימפּאטהיע פאר העברעאיש, טויזענדע און טויזענדע פון ווייט שטעהענדע האָבען זיך אזוי דערנאָהענט דעם נאציאָנאל אידישען געדאנק, אז מען קאָן מיט רעכט בעהויפּטען: אין דיעזען קאמפּף האָט זיך אָפּענ־בארט דער איינגעשלומערטער אידישער גייסט. און ער האָט טאקע געשאפען וואונדער. נאָר א קליינער חלק פון די אויפגעוועקטע סימפּאטהיען איז אויסגענוצט געוואָרען פון די ציוניסטען. די אָר־גאניזאציאָן איז ניט געווען גענוג שטארק, כדי אויסצונוצען די ג א נ צ י ע געשאפענע שטימונג. דאָך זיינען אויף אמאָל גע־עפענט געוואָרען אין ארץ ישראל צעהן נייע שוהלען און קורסען, און די נויטיגע מיטעל זיינען צו דיזען צוועק מיט ל י י כ ט י ג־ק י י ט געזאמעלט געוואָרען. אין דייטשלאנד האָבען פערהעלט־ניסמעסיג זעהר פיעל בייגעטראָגען צום שול־פאָנד די קינדער און די אייניקלעך פון די זעלבע קאמערציענרעטהע און געהיימרעטהע, וועלכע זיינען געווען גע׳חתמ׳ט אויף דעם אנטי־ציוניסטישען מא־ניפעסט אין אנאָנסען טהייל פון די גרויסע דייטשע צייטונגען. די ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן האָט גלענצענד אויסגעהאלטען די בע־לאסטונגס־פּראָבע.

נאָך א כאראקטעריסטישע קליינינקייט. צו יענער צייט זיי־נען ערשיענען אייניגע ארטיקלען וועגען דעם ציוניזם און דעם שפּראכען־קאמפּף אין „די סאָציאליסטישען מאָנאטסהעפטע“ און אין דער „נייען דייטשען רונדשוי“. דער רעוויזיאָניסט דר. עדוואַרד בערנשטיין האָט זיך אָנגענומען פאר׳ן הילפס־פעראיין. דער בע־ריהמטער פיינער קינסטלער פאקע און דער אבגעאָרדנעטער דר. קוועסעל, אליין א געוועזענער ארבייטער און א קענער פון די מזרח אידען, האָבען זיך שטארק איינגעשטעלט פאר דעם ציוניזם און פאר די ציוניסטען. עס איז איבעריג צו בעמערקען, אז די לעצטע צוויי זיינען דוקא ניט קיין אידען.

דער שפּראכען־קאמפּף האָט זיך אָבגעשפּיעלט הויפּטזעכליך אין דייטשלאנד און אין ארץ ישראל. ארץ ישראל איז א לאנד, וואו די בלאָזענדע ווינדען שפּיעלען כמעט אזא בעדייטענדע ראָלע אין לעבען פון דער בעפעלקערונג ווי דער רעגען, און אפשר נאָך

אַ גרעסערע, ווייל דער רעגען אַליין הענגט אויף אָב פון דער ווינד־
ריכטונג. ניט אומזיסט זאָגען מיר משיב הרוח פאַר מוריד הגשם.
ניט אומזיסט איז יעדעס קינד אין ארץ ישראל אינטים פערטרויט
מיט דער טבע פון די ווינדען און פערהאַלט זיך צו זיי מיט גרויס
רעספעקט. „עושה מלאכיו רוחות", די ווינדען זיינען זיינע שליחים,
דורך זיי איז ער מודיע דער וועלט זיין ווילען. אָבער ניט נאָר
אין מעטעאָראָלאָגישען זינן הענגט ארץ ישראל אָב פון די בלאָ־
זענדע ווינדען. אויך אין פּאָליטישען זין האָט די בעפעלקערונג
זיך געמוזט צוהערען צו די הערשענדע שטרעמונגען, ארויסגעפינען
פון וואנען דער ווינד בלאָזט. און דער ווינד אין ארץ ישראל האָט
די טבע צו וועקסלען אָפט די ריכטונג. דאָ קומט ער פון לאָנדאָן,
דאָ פון פּאריז, דאָ פון בערלין און מיט אמאָל גאָר פון פּעטער־
בורג. דאָס איז נאָך געווען איידער די „קאַפּיטולאציאָנען" זיינען
בטל געוואָרען, דאָס הייסט, איידער די טערקיי האָט בענוצט אין
אָנהויב פון דער מלחמה די גינסטיגע געלעגענהייט אויף אראָבצו־
ווארפען פון זיך דעם זעקספאַכען יאָך פון דער אייראָפּעאישער
אַפּוטרופּסות. האָט דער ווינד געבלאָזען פון וואנען איהר ווילט,
נאָר ניט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַליין, ווארים קאָנסטאַנטינאָפּאָל
האָט קיין אייגענעם ווינד רעזערוואואר ניט געהאַט, די פרעמדע
מלוכות האָבען דאָס ניט צוגעלאָזען. בשעת דעם שפּראַכען־קאַמפּף
האָט געבלאָזען דוקא אַ מערב ווינד פון בערלינער ריכטונג.

דער הילפס־פעראיין האָט זיך טאַקע צוליעב דעם געפּיהלט
פעסט אין זאָטעל און איז צוגעגאנגען מיט זיכערהייט צו זיין צו־
שטערונגס־ווערק. דער הילפס־פעראיין האָט זיך געפונען אין אַ
בעפעסטיגטער פּאָזיציאָן, געשטיצט און געפּאנצערט פון אַלע זיי־
טען, ווארים דאָ האָט זיך דאָך געהאנדעלט וועגען אַ קאָנקורענץ
צווישען דייטש און העברעאיש, איז געווען די רעכענונג אַן אוי־
בענאויפיגע: די דייטשע רעגירונג איז דאָך מחויב צו בעשיצען
די דייטשע פּרינציפּען און אין דער טערקיי איז דאָך דייטש טרומפּף.
פיעלע ציוניסטען, און דוקא פון די וועלכע האָבען ליעב צו בע־
טאָנען אין זייער ציוניזם דעם פּ אָ ל י ט י ש ע ן מאָמענט,
האָבען אויך בעקומען פּחד און אָנגעהויבען שיטען מיט עצות. ווי

מען זאָל שליסען שלום, דאָס הייסט, ווי מען זאָל זיך  א ו נ ט ע ר-
ג ע ב ע ן. מערקווירדיג, דיזעלבע ציוניסטען האָבען געהאלטען
אין איין שרייען און פּראָטעסטירען אנקעגען דעם וואָס די ציוניס-
טישע אָרגאניזאציאָן איז צופיעל דייטש געפארבט, די פּארטיי
צייטונג ערשיינט אין דייטש, די הויפּט קאָנגרעס-שפּראך איז
דייטש און נאָך עהנליכעס. ניט אומזיסט האָט די לאָנדאָנער
„טיימס“ אָנגעגריפען איינינע מאָל דעם ציוניזם וועגען דעם דייי-
טשען שטעמפּעל וואָס ער טראָגט אויף זיך, נאָך איידער ענגלאנד
האָט ערקלעהרט מלחמה דייטשלאנד. נו, דאכט זיך, ווי באלד מען
האָט מורא פאר אזעלכע בעשולדיגונגען (די בעשולדיגונגען זיינען
בעגרינדעט נאָר ריין אויסערליך. דער אומשטאנד אז די באנקען
פון דער ציוניסטישער אָרגאניזאציאָן און דער נאציאָנאל פאָנד
זיינען ענגלישע געזעלשאפטען, איז מבטל אין גאנצען די בעשול-
דיגונגען. עס איז ניט די שולד פון דער ציוניסטישער אָרגאניזא-
ציאָן, וואָס גראָד אין דייטשלאנד האָט דער ציוניזם אויפגעלעבט
אם אינטענסיווסטען אין די לעצטע צוואנציג יאָהר און געגעבען
דער אָרגאניזאציאָן זעהר טיכטיגע קרעפטען), זאָל מען דאָך העכסט
צופריעדען זיין, ווען די ציוניסטישע אָרגאניזאציאָן האָט בעקו-
מען א גלענצענדע געלעגענהייט צו דעמאָנסטרירען פאר די אויגען
פון דער גאנצער וועלט, אז דער ציוניזם דיענט אויסשליסליך אי-
דישע צוועקען און ליעבאויגעלט ניט מיט פרעמדע מלוכות.

אָבער, ווי עס שיינט, איז לאָגיק א זעלטענער ארטיקעל.

# איבערפּאַטריאָטען

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם לעצטען גרויסען באַל־קאַן סכסוך. צוערשט האָט מען געמאכט יח אחת געגען דעם טערק און דערנאָך האָט מען זיך צוריסען צווישען זיך. די נעכטיגע „פערבינדעטע“ זיינען היינט געלעגען איינע ביי די אנדערע אין די האָר, און פון דעם גרויסען פּלאָנטער איז גאָר פון דער העלער הויט ארויסגעשפּרונגען אַ שפּאָגעל נייע מלוכה׳לע — אַלבאַניען. אַלץ איז געווען פארטיג, עס האָט געפעהלט נאָר אַ פירסט, וועל־כער זאָל אָנטהאָן אויף זיך די קרוין און רעגיערען דאָס פאָלק. וואו עס האָט זיך נאָר פערוואלגערט אַ שלים־מזל׳ניק מזרע המלוכה, האָט מען איהם גע׳שדכנ׳ט די נייע מלוכה. אַלבאַניען האָט גע־זוכט יחוס. ענדליך האָט זיך גאָט מרחם געווען אויף אַלבאַניען און האָט איהר צוגעשיקט דעם ריכטיגען בן־זוג, אַ פרייסישען לייַ־טענאַנט פון אַלטען אדעל. דער נייער פירסט איז מיט אמאָל גע־וואָרען אַ פערברענטער אַלבאַנישער פאַטריאָט, ער האָט מעהר פּשוט ניט געקאָנט פערשטעהן, ווי אזוי האָט ער געקאָנט ביז אהער לעבען אָהן זיין בעשערטע. חדשים לאנג האָבען די אייראָפּע־אישע וויטץ בלעטער געהאַט מזונות.

דער נייער פירסט האָט נעבעך קיין נחת אין אַלבאַניען ניט געהאט, דער זווג איז, ווי מען זאָגט, ניט עולה יפה געווען, דערפאר אָבער זיינען אונז איבערגעבליבען פון יענער צייט אייניגע וואונ־דערבארע בעשרייבונגען פון אַלבאַניען. אויך דער בעריהמטער פעליעטאָניסט ראָדא־ראָדא האָט גֿעגעבען דער נייער מדינה׳לע אַ שעהנעם דרשה־געשאנק אין דער פאָרם פון אַ גלענצענדען פע־ליעטאָן.

אין אַלבאַניען פיהרען, כידוע, אַן אייביגע מלחמה די פער־

שיעדענע גרופּען פון דער בעפעלקערונג. די קאטהאָליקען טענה׳ען, אַז זיי קומט די פיהרערשאַפט, ווייל מעהר ווי די העלפט פון דער געזאַמטער בעפעלקערונג געהערט צו דער קאטהאָלישער קירכע. די מאַהמעדאַנער ציהען אָן פונקט דיזעלבע טענה, און די אַנדערש־גלויביגע טענה׳ן אויך פון זייער זייט, אַז זיי קומט אויך אַ גרויסער חלק, וואָרים מעהר ווי אַ דריטעל פון דער אלבאַנישער בעפעלקערונג געהערט גאָר זיי. גאַנץ שטימען קאָן דער חשבון ניט, ערגעץ וואו מוז דאָ זיין אַ גראָבער טעות. איז געקומען ראָדא־ראָדא און געמאַכט אַ פשרה. ער בעהויפּטעט, אַז קיינער פון די דריי צדדים האָט ניט קיין טעות. אלבאַניען האָט טאַקע 55% קאטהאָליקען, 55% מאַהאַמעדאַנער און אַן ערך 30% אַנדערש־גלויביגע מכל המינים, וואָרים אלבאַניען, — אַזוי געפינט ראָדא־ראָדא — איז אַ טשיקאַווע מדינה׳לע, זי האָט 140% בעפעלקערונג.

דעריבער האָט טאַקע דער נייער פירסט געמוזט האָבען אין זיך לכל הפּחות 150% פּאַטריאָטיזם, כדי ער זאָל קאָנען בעטהיילען אַלע זיינע אונטערטהאַנען, און זאָל זיך דערביי אליין ניט אין גאַנצען אויסלעדיגען.

מען פאַסט דאָס אויף ווי אַ וויץ, אין דער ווירקליכקייט אָבער שטעקט דערין אַ שטיק אמת. ספּעציעל האָט גאָט געבענשט אונז אידען מיט איבער־פּאַטריאָטען, מיט 150 פּראָצענטיגע פּאַטריאָטען. דאָס זיינען כמעט אַלע אונזערע שתדלנים, און דערהויפּט די שתדלנים פון נייעם טיפּוס, פון די קרובים למלכות. די שתדלנים מוזען איבערזאלצען, איבערכאַפּען די מאָס, וואָרים זיי מוזען דאָך עפּעס אָנגעבען אין נדן, זיי מוזען דאָך ווייזען אַ חידוש. ווערט דער שתדלן אַ קאטהאָליק, מוז ער זיין קאטהאָלישער ווי דער פּאַפּסט, איז ער אַ פּאַטריאָט, מוז ער האָבען פּאַטריאָטיזם מיט אַ הכרעה. דער נאַטירליכער קאטהאָליק דערגרייכט די העכסטע מדרגה מיט 100% קאטהאָליציזם, דער נאַטירליכער פּאַטריאָט קאָן אויך מעהר ווי 100% פּאַטריאָטיזם בשום אופן ניט בעזיצען, אָבער דער איבערגעלאָפענער, דער אָנגעשלאָסענער מוז זיין „גאַנץ מיט אַ שטיקעל צוגאָב“, ער מוז

האָבען אויף איינפאל. הונדערט פּראָצענטיגע קאָן מען דאָך האָ־
בען א י י ג ע נ ע.

מאכען טאקע די שתדלנים דעם חשבון אויף 150%, און זיי
מיינען, אז די וועלט גלויבט זיי. מען גלויבט זיי אזוי פיעל, ווי
מען גלויבט ראָדא־ראָדא, אז אלבאניען האָט 140% בעפעלקערונג.
נאָר וואָלטען זיי, די שתדלנים, געהאט צו טהאָן נאָר מיט זייער
אייגענער פערזאָן, וואָלטען זיי געווען נאָר קאָמישע פיגורען. דאָס
אונגליק איז אָבער, וואָס זיי אינטערעסירען זיך פאר דעם כלל,
טרעטען אויף פאר'ן כלל, רעדען פאר איהם, גיבען הבטחות אין
**זיין נאָמען** אָהן א ברעקעל פון פעראנטוואָרטליכקייטס־געפיהל,
אָהן א האָר פון מאָראלישער אחריות. איבערהויפּט נאָך, ווען זיי
קומען פון א פרעמדער סביבה, ווען זיי האָבען קיין מאָל ניט גע־
לעבט דאָס לעבען פון דעם כלל, וועלכען זיי פערטרעטען, קיין מאָל
ניט געקענט זיין נשמה, ניט אינטערעסירט זיך מיט זיינע האָפ־
נונגען און ערוואַרטונגען. אויף זייער פאָלק קוקען זיי פון אויבען
אראָב און אויף די פּריצים — פון אונטען ארויף. קאָן מען זיך
שוין פאָרשטעלען, וואָס פאר א דיסטאנץ עס עקזיסטירט א י ן
ז י י ע ר ע א ו י ג ע ן צווישען דעם פּריץ און דעם כלל, פאר
וועלכען זיי זיינען די מליצי יושר.

אין שפּראכען־קאמפּף פון חיפה'ער טעכניקום האָט זיך ענט־
פּלעקט די שתדלנות פון א בעשטימטען מין אין איהר גאנצער
אָרימזעליגקייט. מען קאָן מיט זיכערהייט זאָגען, אז ווען מען
וואָלט פערהאנדעלט דירעקט מיט די רעגיערונגען, אָהן שתדלנים
אלס עהרליכע מעקלער, וואָלט די גאנצע פראגע צו קיינע רייבונגען
ניט געפיהרט.

ווארים והא ראיה.

מיר האָבען אין פּאלעסטינא צוויי העבּרעאישע גימנאזיען,
אין יפו און אין ירושלים. דאָס יפו'ער גימנאזיום געפינט זיך
אונטער דעם טערקישען שוטץ, דאָס ירושלים'ער — אונטער דעם
פראנצויזישען שוטץ. די טערקישע רעגירונג האָט אבסאָלוט קיינע
שוועריגקייטען דעם גימנאזיום ניט געמאכט. דאָס גימנאזיום איז א
ה ע ב ר ע א י ש ע ס, און טערקיש ווערט דאָרט געלערנט

אַלס רעגיערונגס־שפּראך. די פראנצויזישע רעגיערונג האָט נאָר פערלאנגט, אַז די פראנצויזישע שפּראך זאָל זיין די הויפּט פרעמד־שפּראך אין ירושלים'ער גימנאזיום, ווייטער, קאָן אַלעס געלערענט ווערען אין העברעאיש. בלי שום ספק וואָלט די דייטשע רעגירונג אויך ניט געשטעלט קיין גרעסערע פאָדערונגען ניט צו דער מיטעלשולע, ניט צום טעכניקום אין חיפה. די דייטשע רעגירונג וואָלט ענטשיעדען געוועזן צו־פריעדען, ווען די דייטשע שפּראך ווערט איינגעפיהרט אַלס הויפּט פרעמד־שפּראך אין א שולע, וועלכע ווערט געגרינדעט פאר אידען אויף דעם חשבון פון אידען. די דייטשע רעגירונג וואָלט גע־קאָנט זיין מעהר ווי צופריעדען מיט די פאָדע־רונגען פון די נאציאָנאַליסטען, וועלכע האָבען צוגעגעבען, אַז אין די ערשטע יאָהרען זאָל אין טעכניקום גופא איינגעפיהרט ווערען די דייטשע שפּראך אַלס לעהר־שפּראך, נאָר א קליינער חלק פון די אַלגעמיינע למודים זאָל געלערענט ווערען אין העברעאיש. פאַר די ערשטע יאָהרען האָבען זיי פאר העברעאיש פערלאנגט אין גאנ־צען 9 אָדער זאָגאר 6 שטונדען אין דער וואָך פון 45 שטונדען. דאָס איז געוועזן די אויסערסטע גרענעץ פון א פשרה.

נאָר צום אונגליק האָבען זיך אריינגעמישט די שתדלנים. דער הילפס־פעראיין האָט די אויסערסטע פשרה ניט אָנגענומען. די ענטריסטונג פון הילפס־פעראיין איז געוועזן גערייכטעט ניט אזוי געגען די צאָהל פון די שטונדען, וועלכע די נאציאָנאליסטען האָבען פערלאנגט פאר העברעאיש, נאָר קעגען די ציוניסטישע העזה צו פערלאנגען, אַז דוקא פיזיק, כעמיע און מאטהעמאטיק זאָלען געלערענט ווערען אין העברעאיש. דאָס הייסט דאָך אָבגעבען דער העברעאישער שפּראך דעם רעכטען מזרח אין פּראָגראם — דאָס האָבען זיי פשוט ניט געקאָנט אריבערטראָגען. זיי פון זייער זייט האָבען פאָרגעשלאָגען, אַז פאר העברעאיש זאָל מען אָפּפערען פאָלגענדע פעכער: רעליגיאָן, צייכנען און גימנאַסטיק, און דאָס אויך נאָר אין דער מיטעל־שולע. זיי, אין זייער עם־הארצות און זייער פרעמד־זיין פון דער גאנצער מאָ־דערנער אידישער ענטוויקלונג, האָבען אַליין ניט פערשטאנען, ווי

גראָב זיי האָבען מיט זייער פאָרשלאַג בעלײדיגט די אידישע נשמה. די נאַציאָנאַליסטען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף די אויבען־דערמאָנטע דריי פעכער, ווייל דער שיעור פון דיעזע למודים אין פראָגראַם פון טעכניקום איז געווען ניט ברייטער ווי אין יפו'ער גימנאַזיום, האָט מען שוין דאָך, הייסט דאָס, אַן אויסגעאַרבייטע טערמינאָלאָגיע און אויך אייניגע לעהר־ביכער.

דאָך האָט זיך די דייטשע רעגיערונג פערהאַלטען גאַנץ קאָרעקט, זי האָט זיך ניט אַריינגעמישט אין דעם סכסוך און האָט בעטראַכט די גאַנצע פראַגע ווי א ריין אינערע אידישע אַנגעלעגענהייט. ווען די דייטשע רעגירונג וואָלט אָבער זיך מיהע גענעבען אַריינצודרינגען טיעפער אין דעם תוך פון דער פראַגע, וואָלט זי געווים מוחל געווען איהרע פאָר אידען זייער איבער־פאַטריאָטיזם, וואָרים קיינער האָט ניט אַזוי געשאַדט דעם פרעסטיזש פון דייטשלאַנד אין ארץ־ישראל ווי די פרייוויליגע איבער־פאַטריאָטען פון הילפס־פעראיין.

די טערקישע רעגירונג האָט זיך אויך פערהאַלטען נייטראַל אין דער שפראַכען־פראַגע. זי איז אָבער זעהר פיעל גערייצט געוואָרען פון דעם הילפס־פעראיין קעגען די ציוניסטען. א רעגירונג מוז רעאַגירען אפילו אויף מסירות, אַזוי פיהרט זיך שוין אין דער וועלט, און די טערקיי איז געווים ניט קיין אויסנאַהם אין דיזער הינזיכט. און ווען אפילו די לאָקאַלע רעגירונג האָט אין הארצען אָפטמאָל סימפאַטיזירט מיט די ציוניסטען, האָט זי דאָס ניט געקאָנט אַרויסווייזען, ווייל די פערטרעטער פון הילפס־פעראיין האָבען זיך בעמיהט זי איינצורעדען, אַז דאָ געהט פאָר א קאַמפף צווישען ציוניזם און דייטשטהום — און דער ווינד האָט דאַמאָלס געבלאָזען פון בערלין. די צענטראַלע רעגירונג האָט זיך לחלוטין ניט געמישט אין דעם קאַמפף. אין געגענוואַר־טיגען מאָמענט איז ער אפשר איהר געווען אונאַנגענעהם, אָבער א צענטראַלע רעגירונג לאָזט זיך ניט לייטען פון אויגענבליקליכע נוצען אָדער שאַדענס, א צענטראַלע רעגיערונג מוז זיך שטענדיג רעכענען פון ת כ ל י ת - שטאַנדפונקט. און ווען מען רעדט מכח ת כ ל י ת, האָט די שטעלונג פון דער טערקי־

שער רעגירונג צו די ציוניסטען אין שפּראַכען־קאַמפּף געקאָנט זיין נאָר אַ פּאָזיטיווע, אַ פריינדליכע. די טערקישע רעגיערונג האָט שטענדיג געהאַט גענוג מעגליכקייט ניט צוצולאָזען די ווייטערע ענטוויקלונג פון דעם נייעם ישוב. זי האָט דאָס ניט געטהאָן ניט צוליעב איהרע סימפּאַטהיען פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל, ניט צוליעב די שעהנע אויגען פון די ציוניסטען, נאָר וויל זי האָט איהר אייגענעם חשבון. איהר חשבון קאָן נור בערוהען דערויף, וואָס זי זעהט אין דעם נייעם ישוב אַ זעלבסטשטענדיג עלעמענט, וואָס פערפאָלגט נאָר אייגענע צוועקען און דיענט קיין מאָל ניט אַלס ווערקצייג, כדי דורכצופיהרען פרעמדלענדישע פּאָליטיק. אַ בעסערען, אַ שטאַרקערען בעווייז, אַז דער נייער ישוב דיענט זיך אַליין און איז קיינעם אַ פרעמדען ניט אונטערטהעניג, ווי דורך די ציוניסטישע שטעלונג אין שפּראַכען־קאַמפּף, האָט מען ניט געקאָנט ברענגען, און דער ציוניזם, אַלס קולטורעלע און פּאָליטישע בעוועגונג צו גלייכער צייט, האָט געקאָנט ארויסגעהן פון דעם קאַמפּף נאָר געשטאַרקט און געפעסטיגט. ווען פיעלע ציוניסטען האָבען דאָס ניט פערשטאַנען, ליעגט די אורזאַכע אין זייער אייגענער פּאָליטישער קורצזיכטיגקייט. אין ארץ ישראל האָט דאָס יעדער בעגריפען. נאָך מעהר — יעדער האָט דאָס געפיהלט.

פון פיעלע זייטען איז געריכטעט געוואָרען די פראַגע: ווי איז עס געקומען, אַז דער זעלבער הילפס־פעראיין, וועלכער האָט זיך יאָהרען לאַנג געפיהרט אַזוי אנשטענדיג פון אידיש נאַציאָנאַלען געזיכטס־פּונקט אין זיינע שולען אין ארץ ישראל; דער זעלבער הילפס־פעראיין, וועלכער האָט אַליין געדרוקט אין זיינע יאָהריגע „דין וחשבון׳ס“, אַז די איינציגע שפּראַך, וועלכע קאָן פעראייניגען די אידען אין ארץ ישראל, איז די העברעאישע, און האָט ניט געפונען גענוג שטאַרקע ווערטער צו קריטיקירען די שולען פון דער אליאַנס איזראַעליט פאַר די פראַנצויזישע פּאָליטיק, וואָס ווערט אין זיי געטריבען — ווי איז עס געקומען, אַז דער זעלבער הילפס־פעראיין זאָל ווערען מיט אַמאָל אונטריי זיינע אייגענע פּרינציפּען, זיין אייגענער טאַקטיק, זיין אייגענעם סיסטעם? דערויף זיי-

נען דאָ זעהר פיעל תירוצים. ערשטענס שטאַמט די ליעבע פון
הילפס־פעראיין צו דער העברעאישער שפּראַך אויס זיין געגנער־
שאַפט צו דער אליאַנס איזראעליט. צווייטענס האָט דער הילפס־
פעראיין אין די ערשטע יאָהרען געשפּיעלט נאָר אַן אונבעדייטענדע
ראָלע און האָט נאָך ניט געהאַט די אַמביציאָן, וועלכע ער האָט
ערשט בעקומען מיט דעם בוי פון דעם טעכניקום. דריטענס
טרעפט זיך זעהר אָפט אין לעבען, אַז מען רופט ארויס ניט ווילענדיג
אַ גייסט, פאַר וועלכען מען דערשרעקט זיך דערנאָך אליין. דאָס
איז אויך געוועזן מיט דעם הילפס־פעראיין. ער האָט געגלויבט,
אַז העברעאיש איז מעהר ניט ווי אביסעל רעליגיאָן, דאָס הייסט,
דער שווערפּונקט פון דער שפּראַך ליעגט נאָר אין איהר רעליגיעזען
ווערטה. אַלע אַסימילאַטאָרען דענקען אַזוי. זיי ווייסען, אַז פון
אומעדום האָט מען העברעאיש פערטריבען, נאָר אין דער סינאַגאָגע
האָט מען זי איבערגעלאָזען — איז דאָך אַ סימן, אַז זי געהערט צו
די כלי־קדש, ווי צום בייספּיעל צום ארון־הקדש, צו דער מנורה,
צום נר תמיד, צום רב, צום חזן, צום שופר בלאָזער און אַזוי ווייי־
טער. און אַזוי ווי אַלע אַסימילאַטאָרען, אַפילו די וואָס פיהרען
אַליין זייערע קינדער צו דער טויפע, זיינען מודה, אַז פאַר די
„אָסט יודען“ איז די רעליגיאָן דערווייל נאָך אַ נויטיגער אַרטיקעל,
האָט דער הילפס־פעראיין געגלויבט, אַז סוף־כל־סוף וועט זיך
איהם איינגעבען דורכצופיהרען זיין פּראָגראַם: העברעאיש פאַר
גאָט און דייטש פאַר לייטען. אין די ערשטע יאָהרען איז ער
געוועזן פעראינטערעסירט צו מאַכען חן׳דלעך אַפילו צו די ציונים־
טען, ער האָט דעריבער צוגעדריקט אַן אויג און צוגעלאָזען הנחות.
ווי ער האָט דערפיהלט, אַז זיין פּאָזיציאָן איז פעסטער געוואָרען,
האָט ער טאַקע אָנגעהויבען ארויסצושטופּען פון זיינע שולען די
העברעאישע שפּראַך אַלס אונטערריכטס־שפּראַך און איינפיהרען
אַנשטאַט איהר די דייטשע שפּראַך. דעריבער איז טאַקע אין
ארץ ישראל געוואַקסען די אָפּאָזיציאָנעלע שטימונג קעגען דעם
הילפס־פעראיין נאָך פיעל, פיעל פריהער איידער עס האָט אויס־
געבראָכען דער טעכניקום־שפּראַכען־קאַמפּף. עס האָט געקאָסט
גענוג מיה און אָנשטרענגונג איינצוהאַלטען די געזעלשאַפטליכע

ענטריסטונג פון ארץ ישראל און רוהיג אָבוואַרטען ביז עס וועט אויסגעאַרבייט ווערן א פּראָגראַם פאַר דאָס טעכניקום. די, וואָס האָבען געהאָלפען צו בערוהיגען די עפענטליכע מיינונג, האָבען נאָך אַלץ געגלויבט, אַז דער שכל הישר און דער עלעמענטאַרער יושר וועלען סוף־כל־סוף מוזען זיעגען.

# פאָלק, לאַנד און שפּראַך

פאָלק, לאַנד און שפּראַך — דאָס איז די נאַציאָנאַלע דרייאיי־ניגקייט, אָדער בעסער, ווייל דיעזער אויסדרוק קלינגט אונאידיש, דער נאַציאָנאַלער „חוט המשולש“, וועלכער שאַפט די האַרמאָניע אין לעבען. אונטער האַרמאָניע פערשטעהען מיר דאָ ניט די ביליגע צופריעדענהייט פון דעם פרט, אויך ניט די גאַראַנטירטע זיכערהייט פון דעם פרט. אונטער האַרמאָניע פערשטעהען מיר דאָ די געשלאָסענהייט פון דעם כלל, די העכערע מדרגה פון דאַזיין, וואו דער פרט פיהלט זיך ניט מעהר אַליין פאַר זיך און ציעהט ניט זיין יניקה פון זיך אַליין, וואו ער פיהלט זיך פיעל מעהר אַלס א חלק פון א גרויסען גאַנצען, מיט איהם, דעם גאַנצען, פערוואַנדט און פערוואַקסען, פון איהם בעוואַכט און בעשיצט, און זעהענדיג אין איהם, אין זיין רייכער, פיעלזייטיגער ענטוויקלונג, אין זיין גליק און וואָהלשטאַנד, זיין אייגענעם פערזענליכען אידעאַל. דאָס איז די הויכע מדרגה פון „עבודה מאהבה“, דיענען דעם אייגענעם פאָלק ניט מחמת מורא, אויך ניט מחמת בערעכנונג, נאָר מחמת ליעבע, מחמת א געפיהל פון אינערער דאַנקבאַרקייט צו זיינע שעפּפערישע כחות, צו זיין בעפרוכטענדער קראַפט, וואָס נאָר צוליעב איהר קאָן אויך דער יחיד ארויפקלעטערען אויף א הויכע שטופע.

פאָלק און לאַנד זיינען ניט פשוט’ע צווייי — זיי זיינען א פּאָר. דער גאָט, וואָס האָט זיי ביידע געשאַפען, האָט זיי געבראַכט צו א זווג. דאָס ערשט־געבאָרענע קינד פון דעם זווג איז די שפּראַך. אין דער שפּראַך שפּיעגלען זיי זיך ביידע אָב, אי פאָלק, אי לאַנד. די שפּראַך איז ניט נאָר א כלי, וואוהין מיר טהוען אריין אונזער מחשבה, אָדער א בילד פון אונזער מחשבה,

די שפּראַך איז פיעל מעהר: זי איז ניט קיין אָבדרוק, זי איז דער אויסדרוק פון אונזער גאַנצען „איך". ווער עס האָט נאָר אַן עדעלע אויפפאַסונג און אַ פיינעם געהער, פערנעהמט אין דער שפּראַך דאָס ציטערענדע שאַפען פון אַ פאָלק, די מוזיק פון אַ פאָלקס־נשמה מיט אַלע איהרע צניעות'דיגע און פול סודות'דיגע רעגונגען. ער הערט אויך אין איהר, אין דער שפּראַך, דעם קול פון דער סביבה, וואו זי איז נעבאָרען געוואָרען, וואו עס איז ענטשטאַנען איהר וויעגעלע, און וואו זי איז ערצויגען געוואָרען. ער זעהט אויך אין איהר, אין דער שפּראַך, דעם אָבגלאַנץ פון דעם הימעל, וועלכער האָט זי בעשטראַהלט, די פאַרבען פון די וועלדער און פעלדער, וואו זי האָט זיך געשפּיעלט צוערשט אַלס ציטעריגע בת־יחידה'קע און דערנאָך אַלס דאָס עלטסטע קינד, אַלס דאָס ליעבלינגס־קינד פון דעם פאָלק און פון דעם לאַנד.

עס איז דאַריבער לייכט צו בעגרייפען, וואָס עס האָבען גע־פיהלט אונזערע פּיאָנירען אין ארץ ישראל גופא, ווען עס האָט אויסגעבראָכען דער שפּראַכען־קאַמפּף. די ציוניסטען פון דער גאַנצער וועלט האָבען דערשפּירט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען עט־וואָס זעהר ערנסטעס, וועגען דעם לעבענס־נערוו פון דעם ציוניזם. פאַר די פּיאָנירען אין ארץ ישראל איז דאָס געווען נאָך מעהר, פאַר זיי איז דאָס געווען די עלעמענטאַרע פראַגע פון „זיין אָדער ניט זיין". פאַר זיי איז דאָס ניט געווען אַן איינצעלנע פראַגע פון לעבען, ווען אויך זעהר אַ וויכטיגע פראַגע, פאַר זיי איז דאָס געווען די ל ע ב ע נ ס ־ פ ר א ג ע. די העברעאישע שפּראַך איז פאַר זיי געוואָרען אַ סימבאָל, אין איהר האָבען זיי געזעהן די קרוין פון זייער גאַנצען ווערק, די העכסטע פערקערפּערונג פון זייער שאַפען און ווירקען אין דעם משך פון צוויי דורות. ווען די מויערער פון נייעם ישוב האָבען מיט איין האַנד געלעגט אַ ציגעל אויף אַ ציגעל, אַ שטיין אויף אַ שטיין, און מיט דער אַנדער האַנד זיך פערטהיידיגט געגען די אינערע און אויסערע שטערער. דערי־בער זיינען זיי פערציטערט געוואָרען, ווען פרעמדע האָבען זיך געוואָלט אַריינרייסען אין זייער רשות מיט ברוטאַלער געוואַלט און

צווינגען זיי אַראָבצוגעהן פון וועג, וועלכען זיי האָבען אויסגעטראָטען מיט אַזוי פיעל מסירות נפש.

וואָס האָט זיי גערופען אַהער, די פּיאָנירען, וועלכע געהיימע קראַפט האָט זיי געצויגען אין דאָס חרוב'דיגע לאַנד? פאַר וואָסי האָבען זיי געוועהלט גאָר אַן אייגענעם וועג און זיך ניט געלאָזען טראָגען פון דעם אַלגעמיינעם מעכטיגען שטראָם, איבער דעם אוקינוס נאָך דעם ווייטען מערב, צוזאַמען מיט די הונדערט טויזענדע, מיט די מיליאָנען פון זייערע ברידער? האָבען זיי דען ניט געוואוסט, אַז אין מערב וועלען זיי געפינען פאַרטיגע שטעדט און פאַרטיגע פאַבריקען מיט הויך אויסגעשטרעקטע העלזער, וועלכע שלינגען אונטען איין מוסקעל־קראַפט און אויבען לאָזען זיי אַרויס רויך און דאַמפּף? אָדער פ א ר ט י ג ע שטראַסען, וואו מען קאָן פריי מסחר'ען, אָדער, ווען מען האָט שוין אַ תשוקה צו אַ דאָרפס־לעבען — פאַרטיגע פאַרמען מיט גאַז, עלעקטריציטעט און פערשיעדענע אַנדערע בעקוועמליכקייטען? האָבען זיי דען ניט געוואוסט, אַז דאָרט אין דער נייער וועלט, אין ווייטען מערב, איז דאָס לעבען געאָרדנעט, רעגולירט, די רעגיערונג איז גוט, און די בעפעלקערונג איז ציוויליזירט? וואָס האָט זיי געטריבען דוקא נאָך דעם מזרח, וואו מען האָט געמוזט צוערשט אויפאַקערען דעם באָדען, אויסשטיינען איהם און בעפרייען איהם פון די דערנער, וואָס האָבען אונגעשטערט אין משך פון יאָהרהונדערטען, און אפשר נאָך לענגער, פאַנאַנדערגעלאָזען זייערע וואָרצלען און געזויגען אָהן רחמנות זיין זאַפט? וואָס האָט זיי געטריבען אין אַ לאַנד, וואו מען האָט געמוזט צוערשט אָנהויבען צו פלאַנצען און פיהרען אַ מלחמה מיט די האַלב ווילדע בעדואינען־שבטים און מיט די פערשיעדענע קראַנקהייטען?

האָט זיי דען ניט אַ גרויסער געדאַנק געבראַכט אַהער, האָט זיי דען ניט בעפליגעלט אַ היסטאָרישע האָפנונג צו פיהרען אַמאָל אַ ן א י י ג ע נ ע ם לעבען, צו שאַפען אַ ן א י י ג ע נ ע סביבה, צו האָבען אַ ן א י י ג ע נ ע שפּראַך, צו בויען אַ ן א י י ג ע נ ע קולטור, צו ערציהען אַן אייגענע יוגענד און צו גרינדען פאַר איהר אייגענע שולען און אייגענע טעמפּלען פון וויסענשאַפט?

דאָס איז דאָך דער לאַנג־דורות׳דיגער חלום, וועלכער זאָל דורך זייערע ארבייט פערווירקליכט ווערען. היינט אז ס׳קומען בעלי־צדקה און ווילען זיי מזכה זיין מיט א שטיק גלות אין לאנד פון זייער האָפנונג, הויבט זיך דאָך אויף פאַר זיי די שרעקליכע פראגע: „למה זה אנכי“, וואָס האָב איך דאָ צו זוכען? פרעמדע שפּראכען האָב איך זיך אָנגעהערט גענוג אין מיין לעבען, איך האָב גענוג געדיענט פרעמדע קולטורען, איך האָב דאָך געזוכט רעטונג פון קנעכטשאפט, איך בין דאָך אנטלאָפען פון דער פרעמד, כדי צו פיהלען זיך א י ן ד ע ר ה י י ם! ווער וויל מיך ווידער אריינצווינגען אין יאָך, ווער ברענגט מיר צושלעפּען דעם גלות אהער? ניט דער טערקישער הערשער, ניט דער אראבישער שכן — זיי האָבען מיר דוקא ערלויבט צו גרינדען מיינע אייגענע שולען. א ן א י י ג ע נ ע ר, א „גלויבענס־גענאָסע“ פון דער פרעמד, וויל מיך דאָ צווינגען צו ווערען א וועכטער פון פרעמדע גיטער. איך געדענק, איך האָב אמאָל שוין געהערט עטוואָס עהנליכעס, דאָרט ווערט אויך נערעדט פון שרון און כרמל, פון די טעכטער ירושלים׳ס און פון די וויינבערג פון עין־גדי. און אויך דאָרט האָבען „אייגענע“ אָנגעטהאָן צרות. איך דערמאָן זיך: „בני אמי נחרו בי, שמוני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי!“

ארץ ישראל, דער ג א נ צ ע ר נייער ישוב, איז דעריבער געגאנגען פיעל ווייטער אין זיינע פאָדערונגען. ער האָט זיך גע־שראָקען זאָגאר פאַר די פשרות, וואָס די נאציאָנאליסטען האָבען פאָרגעשלאָגען. דער נייער ישוב האָט געזעהן דערין א בעליידיגונג, ווען עם הארצים־עקספּערטען פון דעם צד שכנגד האָבען געלייקענט, אז מען קאָן צופּאסען די העברעאישע שפּראך צו אלע צווייגען פון דער מאָדערנער וויסענשאפט. זיי אין ארץ־ישראל האָבען דאָס בעסער פערשטאנען ווי אומעדום, אז זיי זיינען שוין אריבער די הויפּט־שוועריגקייט, און אז עס וואָלט געווען אָן אונפערצייהליכע זינד צו שטערען די העברעאישע שפּראך אין איהר ווייטערער נא־טירליכער ענטוויקלונג.

וואָרים דאָס איז מעהר ניט ווי אָן אויבערפלעכליכע גלות־מיינונג, ווען מען נעהמט אָן פאַר א הנחה, אז וואָס אויף א העכערער

מדרגה דער לעהר־נעגענשטאנד שטעהט, איז אלץ שווערער צו
לערנען איהם אין העברעאיש. אזוי קאָנען נאָר אורטהיילען יענע
פון אונז, וועלכע זיינען ניט בעקאנט מיט דער העברעאישער ענט־
וויקלונג אין מיטעלאלטער און אין די לעצטע יאָהר־הונדערטען.
די העברעאישע ליטעראטור בעזיצט אונגעהייערע מאסען פון ווערק
אויף אלע געביעטען פון דעם העכערען וויסען, בעזונדערס
אין דער אלגעמיינער מאטעמאטיק, אין דער אסטראָנאָמיע און אין
דער אלגעמיינער פילאָזאָפיע. עס פעהלען נאָר די נייע טעכנישע
אויסדריקע, זיי קאָנען אָבער לייכט נעשאפען ווערען, וואָרים אויך
ביי די אנדערע נאציאָנען ווערען זיי געשאפען פון מומחים. מיט
80 יאָהר צוריק האָט די רוסישע שפראך, צום ביישפיעל, לחלוטין
ניט געהאט קיין וויסענשאפטליכע ליטעראטור, נאָך מיט 40 יאָהר
צוריק האָט די טעכנישע שפראך נאָך ניט געהאט קיין וויסענ־
שאפטליכע טערמינאָלאָגיע. דאָך האָבען זיי זיךביידע זעהר שנעל
וויסענשאפטליך ענטוויקעלט, אז זיי ברויכען שוין כמעט ניט צו
מאכען הלוואות. דער העברעאישער שפראך פעהלט ניט די וויסענ־
שאפטליכע ליטעראטור, נאָר די טערמינאָלאָגיע. זי צו שאפען
איז א מלאָכה און ניט קיין קונסט, אין העכערען זין פון וואָרט.
וואָס עס האָט געפעהלט דער העברעאישער שפראך — איז די
אונמיטעלבארע לעבעדיגקייט. עס האָט איהר
געפעהלט דאָס, וואָס מיר רופען אָן „חיות“, און דאָס קאָן דוקא
ניט געשאפען ווערען פון געלעהרטע. דערצו איז נויטיג, אז צוויי־
שען לעבען און שפראך זאָל זיין א וועקסעל־ווירקונג. דערצו איז
נויטיג, אז די שפראך זאָל קומען אין בעריהרונג מיט דעם הויז,
מיט דעם פעלד, מיט דעם גארטען, זי זאָל זיך באָדען אין זעלבען
טהוי, אין וועלכען עס באָדען זיך די פלאנצען, טרינקען דאָס זעלבע
רעגענוואסער, וואָס די פעלדער טרינקען, אריינזויגען אין זיך די
זעלבע זון־שטראהלען, פון וועלכע עס לעבט די גאנצע סביבה. די
שפראך מוז בעקומען פרישעס בלוט, און דאָס בלוט מוז ריכטיג
צירקולירען אין אלע אָדערען פון דער שפראך, זי מוז בעקומען
נאהרונג, פאָרמען, פארב און קלאנג.

ניט שווער וועט עס זיין צו גרינדען א העברעאישע אוניווער־

זיטעט — שווער איז געווען צו שאפען די ערשטע העברעאישע פאָלקס־שולע, פיהרען ווייטער די חיות, די פייגלען, די ווערימלעך, די פליגעלעך, די בוימער, די פלאנצען, די בלומען צו דעם מענ־שען, כדי ער זאָל זיי אלעמען געבען פעסטע נעמען, ווי דאָס האָט גאָר אמאָל געטהאָן אָדם הראשון. שאפען נייע פאסענדע נעמען, אָדער אויסגעפינען די אלטע נעמען, — רופט דאָס „שעת יצירה“ אָדער „תחית המתים“ —ביידעם איז שווער, ביידעם איז פערבונדען מיט שאפונגס־יסורים. און דער נייער ישוב האָט דורכגעמאכט דיעזען פראָצעס. אלע האָבען זיך אָנגעשטרענגט לייכטער צו מאכען די „חבלי לדה“. דער נייער אקערבויער האָט אויפגעוועקט דעם שלאָפענדען באָדען, דער האנדווערקער האָט אויסגעהאמערט דעם בעפרייטען געדאנק, דער לעהרער האָט אויסגעגלעט די קנעכטשאפטס־קנייטשען פון מח און אזוי ווייטער, ביז עס איז געקומען דאָס נייע קינד, דאָס העב־רעאישע קינד, און האָט אויסגעשריען דאָס ערשטע וואָרט: אבא, אמא! די מוטער האָט געצויגען חיונה פון דעם בענייטען באָדען, און דער ינוקא האָט אריינגעזויגען אין זיך די נייע שטימונג מיט דער מילך פון זיין מוטער און האָט צוגעגעבען דער אלט־נייער העב־רעאישער שפראך חן און אינטימיטעט, קלאנג און נאטירליכקייט.

# רעליגיאָן אויף אַקציען

גלויבענס־גענאָסע — דאָס איז דער ליעבלינגס־אויסדרוק, וועל־
כער איז געשאפען געוואָרען אין דייטשלאנד און דורך וועלכען די
אסימילאַטאָרען בעצייכענען די צוגעהעריגקייט פון איין אידען צו
דעם אַנדערען. וויפיעל הכנעה פאַר דעם פרעמדען און וויפיעל
אחיזת עינים שטעקט אין דעם אויסדרוק גלויבענס־גענאָסע. פאָלקס
גענאָסע — ניטאָ קיין אידיש פאָלק, פשוט ניט בנמצא. שטאַם־
גענאָסע — ניטאָ קיין אידישער שטאַם, נאָר שונאים און אַנטי־
סעמיטען האָבען דאָס אויסגעטראַכט. די געשיכטע זאָגט, אַז אמאָל
האָט יאָ עקזיסטירט עטוואָס עהנליכעס, אָבער דאָס געהערט צו דער
גרויער פערגאַנגענהייט. אין דער געגענוואַרט איז דאָ איין סימן,
איין דינער פאָדעם, וואָס האַלט נאָך די אידען צוזאַמען — דאָס
איז די רעליגיאָן. דאָס הייסט, די אידען אין די פערשיעדענע
מדינות און אין די פערשיעדענע וועלט־טהיילען זיינען פונקט אַזוי,
פערבונדען איינער מיט דעם אַנדערען, ניט מעהר און ניט וועניגער
ווי די קאַטאָליקען, די פּראָטעסטאַנטען אָדער די מאַהמעדאַנער
למשל, ווען זיי געהערען צו פערשיעדענע אומות. אָט ווי די פּוילען
מיט די פראַנצויזען, די טאַטאַרען מיט די אינדיער, די דייטשען
מיט די בורען און אַזוי ווייטער. די קרובות'שאַפט פון די פער־
שיעדענע אידען העננט אָב פון איין מאָמענט, פון דעם רעליגיעזען
מאָמענט, ווייטער — אויס פערוואַנדשאַפט, אויס מחותן'עשאַפט.
אמת, נאָר אַ קליינער ברוכטהייל אידען האָט זיך לעת עתה אַסימי־
לירט, ניין חלקים פון דער גאַנצער יודענהייט זעהען נאָך דערווייל
אויס עפּעס אידישליך אויך אין אַנדערע, ניט רעליגיעזע הינזיכטען,
זיי פיהרען נאָך אַן אייגענעם לעבען, מיט אייגענע מנהגים, האָבען

נאָך אַן אייגענע שפּראַך זאָגאַר, אַן אייגענע ליטעראַטור און אייגענע שולען. אָבער דאָס קומט נאָר דערפון, וואָס די אידען זיינען נאָך ניט עמאַנסיפּירט אומעדום אָדער האָבען נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך צו עמאַנסיפּירען. סוף כל סוף מוז אָבער יעדער אונטערשיעד צווישען אידען און ניט־אידען פערשווינדען. בלייבען וועט נאָר די „גלויבענס־גענאָסענשאַפט“.

מיר ווילען שוין ניט רעדען פון דער אינערער קנעכטישער געזינונג, וועלכע שטעקט אין אַזאַ מין פילאָזאָפיע, זי איז אָבער אויך אַ פאַלשע פילאָזאָפיע. די היסטאָרישע פאַקטען זיינען אַנטקעגען איהר, און נאָר בלינדע, אָדער זעהענדיגע, וואָס מאַכען זיך ניט זעהענדיג, קאָנען זיין איהרע אַנהענגער.

מיר וועהלען נאָר איין ביישפּיעל. און רוקא פון דער קלאַסישער מדינה פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציאָן — פון פראַנקרייך. צו דער צייט, ווען די אידען זיינען עמאַנסיפּירט געוואָרען אין פראַנקרייך, ד. ה. צו דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן, האָט פראַנקרייך געהאַט אַן ערך פערציג טויזענד אידען. די פראַנצויזישע אידען האָבען אָנגעשטרענגט אַלע כחות כדי צו אַסימילירען זיך. פון זייער צד איז קיין מאָל קיין מניעה ניט געווען. איצט, 135 יאָהר נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, לעבען אין פראַנקרייך צווישען 40 און 50 טויזענד איינגעבאָרענע אידען. (די אידישע אימיגראַנטען, זייער צאָהל ווערט געשאַצט אויף 80—100 טויזענד, קומען ניט אין בעטראַכט. זיי גילטען ווי אַן אַבסאָלוט פרעמדער עלעמענט), האַלטען זיי אין איין שרייען, אַז זיי זיינען אַסימילירט, און די 38 מיליאָנען פראַנצויזען האַלטען פערקעהרט אין איין טענה׳ן, אַז זיי זיינען נאָך ניט אַסימילירט. מיר רעדען דאָ ניט פון די אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטען — ניין, דאָס פראַנצויזישע *פאָלק* בעטראַכט נאָך אימער די אידען אַלס אידען, אַלס צוגעהעריגע צו אַ בעשטימטען שטאַם, צו אַ בעשטימטער נאַציאָן. די וועלט האָט ליעב גאַנצקייט, און כל זמן דער אַסימילירטער איד וועט שרייען, הייסט זאָס אויך *פּיהלען*, אַז ער איז אַסימילירט, וועט ער אין דער געזעלשאַפט בעטראַכט ווערען ווי אַ איד, און בעהאַנדעלט ווערען ווי דער *אַנדערער*.

גוט אָדער שלעכט, עס מאַכט ניט אויס, אָבער שטענדיג ווי דער אנדערער. מיט איין וואָרט, א טויטער, וואָס פיהלט זיין טויט איז נאָך ניט לחלוטין געשטאָרבען און צעהלט נאָך צו די לעבעדיגע. איין אסימילירטער, וואָס פיהלט נאָך זיין אסימילירט זיין, געהערט נאָך פאר די אנדערע, פאר די ז י י ט י ג ע, צו דער גרופע, פון וועל־כער ער בעמיהט זיך צו בעפרייען. און אזוי ווי אסימילאציאָן איז דאָך סוף כל סוף א שידוך־מעשה, מוז מען זיך שטענדיג רע־כענען מיט דער פראגע: „רק אם ירצו המחותנים מצד השני", ווי עס דריקען זיך אויס געוועהנליך די שדכנים אין זייערע בריעף, ווען זיי זיינען פארטיג נאָר מיט איין צד.

וויפיעל אונשעהנעס שטעקט דערין. נעהמען אָן אלטעס, היס־טאָרישעס קולטור־פאָלק, וואָס איז דורכגעגאנגען א לאנגען וועג דורך פייער און וואסער, און פערוואנדלען אזא פאָלק אין א „גלויבענס־גענאָסענשאפט", מיט אנדערע ווערטער — אין אָן „אקציען־געזעלשאפט אויף גלויבען". עס זיינען דאָ אזעלכע געזעלשאפטען. אין דייטשלאנד הייסען זיי: „געזעלשאפט מיט בעשרענקטער האפט", דאָס הייסט מיט בעגרענצטער ערבות. יעדער טהיילנעהמער פון אזא געזעלשאפט, — אויסער די לייטער, — איז נאָר ערב מיט דער סומע, וואָס ער האָט אריינגעטראָגען אין דער געזעלשאפט, בכן קאָן מען איהם גלויבען בנוגע צו די געשעפטען פון דער געזעל־שאפט, נאָר אויף אזוי פיעל וויפיעל ער האָט געגלויבט דער געזעל־שאפט. ווען מען זאָל נעהמען אין בעטראכט, וויפיעל גלויבענס־קאפיטאל די דייטש־אידישע אסימילאטאָרען טראָגען אריין אין די אידישע גלויבענס־גענאָסענשאפט, וועט מען וויסען, ווי ווייט מען קאָן זיי גלויבען.

אזא פילאָזאָפיע איז ניט נאָר אונשעהן און פאלש. זי איז אויך געפעהרליך און קאָן זיך פערוואנדלען אין א גרויסע סכנה, ווען די „גלויבענס־גענאָסען" ווערען די אפוטרופסים פון אונזער גורל, ווען זיי ווערען זעלבסט־געקרוינטע פיהרער מיט גרויסע אמ־ביציאָנען, ווען זיי געהען ארויס פון דעם ענגען קרייז פון זייערע געמיינדע־אנגעלעגענהייטען און הויבען זיך אָן צו בעשעפטיגען מיט דער פאָליטיק פון א פאָלק, וועמעס עקזיסטענץ זיי לייקענען

אַב. דער אינערער וויעדערשפּרוך איז דאָ צו בולט, אז מען זאָל זיך דארפען אָבשטעלען אויף איהם און געבען אויף איהם א פּירוש.

און דיעזע „גלויבענס־גענאָסען" זיינען מיט אמאָל געוואָרען די „משגיחים על הכשרות" פון דער רעליגיעזער ערציהונג אין ארץ ישראל. ניט ווייל זיי אליין אנערקענען די חשיבות פון אזא ערציהונג אן און פאר זיך, נאָר ווייל זיי פיהלען אין זיך די „מ י ס י אָ ן" צו בעשיצען די אָריענטאלישע אידען פון א זיטליכען אונטערגאַנג חלילה. ווייל „אָהן אזא אומפּאסענדע בעריקזיכטיגונג פון א רעליגיעזער ערציהונג וואָלט דאָס אָריענטאלישע יודענטהום ק י י ן ז י ט ל י כ ע ן ה א ל ט נ י ט ג ע ה א ט (פּאלעס־טינא און פּאלעסטינענזישער ציוניזמוס, פון פּאול נאטהאן, זייטע 10, בערלין, 1914). א זעהר דעליקאטע אויפפאסונג פון דעם אינערען און אבסאָלוטען ווערטה פון דער אידישער רעליגיאָן!

עס איז אן אלטע טאקטיק. מען האָט זי אָנגעווענדעט אין ירושלים ווי אין רוים, אין רוים ווי אין אטהען: מען כאפּט זיך אָן פאר די ווינקלען פון מזבח אין טעמפּעל און דאָס איז מכפּר אויף די זינד, וואָס מען האָט בעגאנגען. היינט בעגעהט מען זיך א ביסעל אנדערש, מען שרייט וועגען רעליגיאָן, מענשען, וואָס האָבען צו איהר פּערזענליך קיין שום שייכות ניט, און מען ער־לויבט זיך בשעת מעשה צו טהאָן עולות, — גאנץ ווייך אויסגע־דריקט, — וועלכע שאדען דעם כלל. פּונקט ווי דער מאסען־מאָרד, אין דער פאָרם פון מלחמה, איז ערלויבט און רעכענט זיך ניט פאר א רציחה, אזוי ווערט אין דער מאָדערנער געזעלשאפט אויף די קאָ־לעקטיווע מסירה ניט געהאלטען פאר א פערברעכען. זאָל איינער קומען און אָנצייגען אויף א אידען, אז ער איז שעדליך פאר דער מדינה, וואו ער לעבט — רופט מען דאָס פּשוט מסירה. קומט מען אָבער און מען פערלוימדעט א גאנצע פּארטיי אָדער א גאנצע גרופּע אין דער זעלבער הינזיכט — ברויכט מען זיך גאָר ניט צו שעהמען. עס איז אזא מנהג.

אין דער אויבענדערמאָנטער בראָשורע, וועלכע שטעלט פאָר אין אלגעמיינעם א מאכערייקע פון שלימסטען סאָרט, זיינען דאָ איינינע שטעלען, וועלכע פערדיענען צו בלייבען א זכרון לדורות.

זאָל זעהן די אידישע וועלט, צו וועלכע קאָנזעקווענצען עס פיהרט די געגנערשאפט צום אידיש־נאַציאָנאלען געדאנק, זאָל זי זעהן און זיך א טרייסעל טהאָן.

ערשטע שטעלע: „דיעזער קרייז (דאָס איז געמיינט דער קרייז, וועלכער האָט פערטהיידינגט די העברעאישע שפראך) גיט ארויס די פּאראָלע צו פערייאָגען לחלוטין די אראבישע ארבייטער פון די אידישע זיעדלונגען און קאָלאָניען. די פאָלגע דערפון זיינען רייבונגען, די פאָלגע דערפון איז פיינדשאפט און די וויטערע פאָלגע דערפון איז געוועזן די ענטשטעהונג פון א בעזונדערער אידישער וועכטער־אָרגאניזאציאָן, וועלכע האָט שוין געליפערט די אראבער איינינגע שלאכטען, און כמעט יעדע וואָך קומען פאָר דער־שאָסענע אראבער און ערמאָרדעטע אידען, און די בלוט־ראכע גיסט וויטער אויל אויף דעם פייער" (זייטע 58).

אזוי רעדט מען מכח דעם „השומר", אן אָרגאניזאציאָן, וועלכע האָט זיך געשטעלט אלס ציעל צו בעוואכען די אידישע פעלדער, פּרדסים און כרמים, צו בעפרייען די קאָלאָניען אין אזא וויכטיגער סאָציאלער פונקציאָן, ווי די שמירה, פון פרעמדער אָבהענגיגקייט.

די שמירה איז ניט אזא לייכטע אויפגאבע אין ארץ־ישראל, וואו עס איז כמעט ניטאָ קיין סימן פון דאָרף־פּאָליציי. מען מוז וואכען ביי טאָג, מען מוז וואכען ביי נאכט, אין היץ, אין קעלט, אין שטורם, אין רעגען. און ווער עס קען נאָר די ענטוויקלונג פון דעם נייעם ישוב, וויים, וואָס פאר א פאָרטשריט עס בעדייטעט די ענטשטעהונג פון דער אָרגאניזאציאָן „השומר".

עס איז געוועזן א צייט, ווען די קאָלאָניסטען האָבען געגלויבט, אז אזא גראָבע ארבייט ווי אקערען, זעען און שניידען קאָן ניט געטהאָן ווערען פון אידען. דערצו זיינען דאָ די אראבער. זיינען טאקע געוועזן איינינגע קאָלאָניען, אידישע קאָלאָניען, וואו עס האָט אויסגעזעהן, אז די אידען זיינען אין שכנות ביי די אראבער. מיר זיינען ניט מלמד חוב אויף די קאָלאָניסטען, וואָרים עס איז גאָר ניט אזוי לייכט צו ווערען איבער־נאכט פון א קרעמער, א סוחר אָדער סתם א לופט־מענש א טיכטיגער קאָלאָניסט. דורך כשוף געשעהט ניט אזא פערוואנדלונג, דערצו געהערען יאָהרען. איז

טאָקע מיט דער צייט אנדערש געוואָרען. די קאָלאָניסטען האָבען
אָנגעהויבען צו ארבייטען און דורך זייער ארבייט האָבען זיי ערשט
קונה געווען דעם באָדען.

די שמירה אָבער איז נאָך אַלץ געלעגען אין אראבישע הענד.
אזוי ווייט האָט זיך דער ישוב נאָך ניט געקאָנט בעפרייען פון די
גלות פאָראורטהיילען. מילא אקערען, פלאנצען וכדומה — דאָס
געהט נאָך, אָבער דורכרייטען די ווינטער־נעכט, די פינסטערע, די
שטורמדיגע, האָבען נאָך אָפטמאָל א בעגעגעניש מיט בעוואפענטע
גנבים, — ניין, דאָס איז ניט קיין אידישע זאך. אזוי האָט שוין
גאָט בעשאפען די וועלט. האָבען זיך אָבער געפונען יונגע, פרישע,
מוטהיגע כחות און זיי האָבען אָרגאניזירט דעם „השומר“. כמעט
אַלע מיטגליעדער זיינען פראָלעטאריער מיט דער „פראָלעטארישער
פסיכאָלאָגיע“. זיי האָט ניט אינטערעסירט דער א י י נ צ ע ל־
נ ע ר קאָלאָניסט, אלס בעזיצער פון א פעלד אָדער א וויינגאָרטען.
זיי האָט אָבער זעהר אינטערעסירט דער ג ע ז א מ ט ע ר ישוב
און ז י י ן כ ב ו ד. זיי האָבען אויך געוואוסט, אז זיי וועלען די
ע ר ש ט ע צייט האָבען צו ריזיקירען מיט דעם א י י ג ע נ ע ם
לעבען, אָבער מוטהיג און שטאָלץ, אין בעוואוסטזיין אז זיי פיהרען
אויס א נאציאנאלע אויפגאבע, זיינען זיי צוגעטראָטען צו זייער
ארבייט. זיינען פערבייגעגאנגען איינינע יאָהר. אָפטמאָל האָט
דעם שומר׳ס קויל געטראָפען דעם רויבער, אָפטמאָל איז א שומר
געפאלען פון דעם רויבער׳ס קויל. דאָס איז אָבער געוואָרען אַלץ
זעלטענער און זעלטענער. די רויבער האָבען בעקומען אָבשיי פאר
דעם „השומר׳ס“ מוטה און אונערשראָקענהייט, און די קאָלאָניסטען
האָבען בעקומען צום „השומר“ א געפיהל פון כבוד און צוטרויען.
אויס הפקר.

אין דער לעצטער צייט האָבען זיך געווענדעט איינינע ארא־
בישע דערפער צום „השומר“, ער זאָל זיי געבען זיינע וועכטער,
און די דייטשע קאָלאָניע „שרון“ האָט אנאָנסירט אין די העב־
רעאישע צייטונגען, אז זי זוכט דוקא א אידישען שומר.

עס זיינען דאָ אין ארץ־ישראל איינינע דייטשע קאָלאָניען,
געגרינדעט פון די „טעמפלער“, — קריסטליכע חובבי ציון, —

זיי זאָגט קיינער קיין מוסר ניט, און זיי האָבען געהאט פערהעלט־ניסמעסיג מעהר צוזאמענשטויסען מיט אראבער און בעדואינען.

עס איז איינפאַך אונבעגרייפליך, ווי אַ געפיהל פון געגנער־שאפט קאָן פערבלענדען און אומדרעהען איינע פון די שעהנסטע ערשיינונגען אין דער ענטוויקלונג פון דעם נייעם ישוב אין אַ מינום, כמעט אין אַ פערברעכען.

צווייטע שטעלע: „דער סכנה אויפ׳ן לאנד ענטשפּרעכט דער אונפריעדען, ראשית כל אין די שטעדט, וועלכער ווערט אויפגע־וועקט דורך די „פּועלי ציון“, דיעזע עלעמענטען, וועלכע האָבען נעבענביי בעמערקט, געפיהרט סטרייק־פערהאנדלונגען צווישען א ו נ ז ע ר ע לעהרער אין יפו און צווישען די הערען פון גימ־נאזיום נ א ך א י ן ז ו מ ע ר 1913 — זיי פערטרעטען די אלער־עקסטרעמסטע ווירטשאפטליכע אנשויאונגען“ זייטע 58).

דער פיהרער פון הילפס־פעראיין ווייס גאנץ גוט דעם פירוש המלות פון „עקסטרעמסטע וויסענשאפטליכע אנשויאונגען“ און ער ווייס אויך, אז די טערקיי איז נאָך לעת עתה ניט גראָד די פרייעסטע מדינה. דאָך האָט ער עס געפונען פאר נויטיג צו דרוקען אין זיין בראָשורע. אגב האָט ער זיך פערגעסען, וואָס ער חזר׳ט אליין איבער איניגע מאָל, אז ביז צום טעכניקום־שטרייט איז אלעם געווען רוהיג און אז א ל ע האָבען זיך ביז אהין פערהאלטען צום הילפס־פעראיין סימפּאטיש. ווי שטימט עס מיט סטרייק־פער־האנדלונגען נאָך אַ יאָהר פאר דעם טעכניקום־שטרייט — בלייבט אַ קשיא.

# פּרד"ס

פּרד"ס איז אַ נוטריקון, אָדער אַ ראשי־תיבות, די אָבקירצונג פון: פּשט, רמז, דרש און סוד. דאָס זיינען די פיער אופנים, אויף וועלכע מען קאָן לערנען יעדען פּסוק פון אַ הייליגער שריפט. די געוועהנליכע מענשען מיט פּ ש ו ט ' ע השגות זעהען איינפאַך מעהר ניט ווי דעם פּשט, דאָס וואָס ליעגט אויבען אויף. מענשען מיט אַ מדרגה העכער פערשטעהען שוין אויף דעם וואונק פון פּסוק, דעם רמז, מען ברויכט זיי ניט אַלעם אויסצוטייטשען. נאָך עדע־לערע דערגרייכען ביז צום דרש, דאָס הייסט זיי זעהען אין פּסוק ניט אַן איינצעל פאַל, נאָר אַן ע נ י ן, אַן אַ ל ג ע מ י י נ ע ם געדאנק. זיי פערשטעהען שוין דעם ג י י ס ט פון דעם פּסוק און ווענדען איהם אָן אויף פערשיעדענע אַנדערע עהנליכע ענינים, וועלכע ליעגען ניט אין פּסוק בפירוש, אָבער זיי זיינען ענטהאַלטען אין זיין גייסט. די גאַנץ גרויסע, די צנועים, די יודעי חן, וועלכע זעהען אַנדערש, הערען אַנדערש און פיהלען אַנדערש, פערשטעהען ניט נאָר דעם גייסט פון פּסוק, זיי זיינען משיג אויך זיין נשמה. דער גייסט איז דער כ ח, ער איז נאָך ניט די נשמה אַליין, ער איז מעהר ניט ווי דער אָבגלאַנץ פון דער נשמה. די נשמה איז פול מיט סודות, זי איז אַליין דער גרעסטער סוד, און דעריבער האָבען צו איהר אַ צוטריט נאָר יחידי סגולה. דאָס זיינען די יחידי סגולה, וועלכע קענען לערנען תורה על פּי סוד.

ווייטער איז ידוע, אַז אַלץ, וואָס איז דאָ אין דער קדושה, איז אויך דאָ אין דער טומאה להבדיל, אָדער, ווי מען רופט זי, די סטרא אחרא. די טומאה האָט אויך מדרגות, נאָר זי שטעהט מיט'ן קאָפּ אַראָב. צו דער קדושה מוז מען זיך אויפהויבען. צו

דער טומאה — זיך אראַבלאָזען. אין דער קדושה ש ט י י ג ט מען אַלץ ה ע כ ע ר און ה ע כ ע ר, אין דער טומאה ז י נ ק ט מען אַלץ ט י ע פ ע ר און ט י ע פ ע ר. קדושה און טומאה פערהאַלטען זיך איינע צו די אנדערע ווי פערמעגען צו חוב. דער אונטערשיעד צווישען זיי איז ניט קיין איינפאכער, נאָר אַן א ו נ ־ ע נ ד ל י כ ע ר, אַן א ו נ פ ע ר ג ל י י כ ל י כ ע ר.

אויך פער׳מסר׳ן קאָן מען אויף פערשיעדענע אופנים. מען קאָן איינעם בעשולדיגען על פּי פּשט, מען ווייזט אָן אויף א קאָנ־קרעטע האנדלונג, אויף א פאַקט, וועלכער איז קלאָר און רעדט פאר זיך. אָפטמאָל מסר׳ט מען מיט א רמז, מען געפינט עפּעס ארויס א וואונק, א כונה אין א בעשטימטער האנדלונג. ווען עס איז שווער ארויסצוגעפינען א פּאסענדען ר מ ז געהט מען אי־בער צום ד ר ש: דער בעטרעפענדער האָט טאקע קיין עולה ניט געטהאָן, אָבער זיין גייסט איז אין חשד. דאָס שרעקליכ־סטע אָבער איז פער׳מסר׳ט צו ווערען על פּי סוד, ווען דער פער׳־מסר׳טער בינדט זיך צו דיין נשמה.

דער פיהרער פון הילפּס־פעראיין האָט זיך ערלויבט צו בע־שולדיגען אין דער דערמאהנטער בראָשורע די ציוניסטען אויף א פ ע ר ש ט ע ל ט ע ן אופן. ער פאָרמולירט ניט זיין בע־שולדיגונג, ער זאָגט זי ארויס מיט רמזים און סודות, און דער לעזער קאַן ווירקליך מיינען, אז הינטער די האַלבע ווערטער ליגט עטוואָס שרעקליכעס, וואָרים והא ראיה, דער מחבר אַליין האָט דאָך מורא געהאַט ארויסצוזאָגען דעם גאנצען אמת.

„דער ציוניסטישער אנטראג, וועלכער איז אריינגעבראכט געוואָרען אין קוראטאָריום פון טעכניקום, האָט ענטהאַלטען אין זיך א בעגרינדונג פאר דעם פאַרגעשלאָגענעם לעהרפּלאַן, וואָס יע־דער נאַציאָנאַלער שאָוויניסט, הייסט דאָס אויך י ע ד ע ר א נ ט י ס ע מ י ט, האָט געקאָנט זיין שטאַלץ אויף איהר. עס איז זעלבסטפערשטענדליך (?) אז דיעזע טיעפגרונדיגע פּאָליטי־שע אנשויאונגען האָבען ניט געקאָנט בלייבען בסוד אין חיפה (פאר וואָס ?), און אלס רעזולטאַט פון דיזע אנשויאונגען קאָן בע־

טראַכט ווערען דאָס אָפענע מיסטרויען פון די מאחמעדאַנישע קרייזען“ (זייטע 59).

סודי סודות! פּאָליטישע אַנשויאונגען, וואָס יעדער אַנטיסעמיט האָט געקאָנט זיין שטאָלץ אויף זיי. מיר וועלען אָבער אויסזאָגען דעם סוד. די אַראַבער ווייסען דאָך איהם שוין סיי ווי סיי, — דער מחבר פון דער בראָשורע ווייס מסתמא וואָס ער זאָגט, — פאַר וואָס זאָלען די אידען מיט וועניגער פערטרויען בעהאַנדעלט ווערען ווי די אַראַבער.

אין דער בעגרינדונג פון דעם ציוניסטישען לעהרפּלאַן איז אָנגעגעבען פאָלגענדער טעם, פאַר וואָס אייניגע, דוקא אַלגעמיין וויסענשפטליכע, למודים מוזען געלערענט ווערען אין העברעאיש. דאָס טעכניקום ווערט געגרינדעט פון אידען און פאַר אידען. ווען די תלמידים האָבען די מעגליכקייט צו ענדיגען דאָס טעכניקום גאַנץ אָהן העברעאיש, בעשטעהט די סכנה, אַז די שולע קען מיט דער צייט, — ביי אַזאַ וויכטיגער גרינדונג מוז מען קוקען וויט, — פערלירען איהר אידישען כאַראַקטער, וואָרים אידישע פערוואַלטער, — מיר האָפען דאָס, — וועלען זיך קיין מאָל ניט ערלויבען איינצופיהרען אַ פּראָצענט נאָרמע פאַר ניט אידען. ווען אָבער די תלמידים וועלען מוזען קענען העברעאיש, כדי צו בעזוכען דאָס טעכניקום, קאָן מען ערווארטען, אַז דער אידישער כאַראַקטער פון דער שולע וועט ניט פערלאָרען געהן.

דאָס איז דער גאַנצער סוד פון דעם ציוניסטישען אַנטראַג און פון דער בעגרינדונג פון זייער לעהרפּלאַן. די ציוניסטען קאָנען אָבער נאָך עטוואָס ווייטער אויסזאָגען. זיי האָבען בפירוש מסכים געווען, אַז פאַר די ניט אידישע תלמידים זאָל מען איינפיהרען פּאַראַלעל קאָרסען אין דער דייטשער שפּראַך פאַר די למודים, וועלכע ווערען געלערענט אין העברעאיש. וואָרום די ציוניסטען האָבען געהאַט נאָך אַ בעגרינדונג פאַר זייער אַנטראַג, אפשר נאָך אַ וויכטיגערע ווי די ערשטע. זיי האָבען ניט געוואָלט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען די מעגליכקייט פאַר די אידישע תלמידים צו בעזוכען דאָס טעכניקום אָהן העברעאישע

קענטניסען. זיי האָבען געהאַט די „חוצפה“ צו פערלאַנגען, אַז דאָס טעכניקום זאָל פאָרבערייטען ניט נאָר גוטע טעכניקער, נאָר אויך גוטע, זעלבסטבעוואוסטע אידען. דערצו, גלויבען די ציוניסטען, געהערט אונבעדינגט אַ גוטע העברעאישע אויסביל־דונג. זיי האָבען געהאַט דאָס רעכט צו שטעלען אַזאַ פאָדערונג, וואָרים די תקנות פון טעכניקום האָבען אַ קלאָרען פונקט מכח דעם צווייפאַכען צוועק פון טעכניקום, דעם טעכנישען און דעם אידי־שען. זיי האָבען דורך זייער אנטראַג געוואָלט בעפעסטיגען דעם פונקט פון די תקנות, וואָרים די ערפאַהרונג פון דער לעצטער צייט האָט בעוויזען, אַז די תורה שבעל פה פון הילפס־פעראיין שטימט ניט איבעראיין מיט זיין תורה שבכתב. די ציוניסטען האָבען זיך געשראָקען ניט פאַר׳ן הילפספעראיינס ד י י ט ש, זיי האָבען מורא געהאַט פאַר זיין פ ע ר ט י י ט ש ע ן.

דער קינפטיגער היסטאָריקער ערשט וועט בענוצען אַלע דאָ־קומענטען, וועלכע האָבען אַ שייכות צו דעם שפּראַכען־קאַמפּף און וועלכע קאָנען נאָך איצט ניט פערעפענטליכט ווערען, און די אי־דישע וועלט וועט אַרויסטראָגען איהר אורטייל איבער די דיענער פון דער אַסימילאַציאָן, וועלכע האָבען געזוכט אַריבערצוטראָגען זייער שיטה אויף דעם באָדען פון ארץ ישראל. עס האָט זיך ווידערהאָלט גאָר אַן אַלטע געשיכטע. גאָר אַמאָל, ווען מען האָט אָנגעהויבען צו בויען דעם צווייטען טעמפּעל, האָבען זיך אויך געמעלדעט „גלויבענס גענאָסען“, וועלכע האָבען געוואָלט מיטהעלפען ביי דעם בוי, און זיי האָבען געזאָגט צו די בויער: „מיר וועלען בויען מיט אייך אינאיינעם, וואָרים אַזוי ווי איהר טהוען מיר פאָרשען צו אייער גאָט און צו איהם שעכטען מיר זייט די טעג פון אסר חדן דעם קעניג פון אשור, וועלכער האָט אונז אַראָבגעבראַכט אַהער“. זרובבל און ישוע און די אַנדערע עלטסטע האָבען ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון די „גלויבענס גענאָסען“ און האָבען געבויט אַליין. זיי האָבען פערשטאַנען, אַז מענשען, וועלכע זיינען ניט פערבונדען אויך מיט דעם אידישען פאָלק, וועלען נאָר שטערען ביי דעם בוי פון אַ טעמפּעל.

אונערוואַרטעט איז בינתים אויסגעבראָכען די וועלט קאַ־
טאַסטראָפע, די גרויסע, אונגעהייערע פעלקער מלחמה. מיר גע־
פינען זיך אַלע נאָך אין מיטען פון דער קאַטאַסטראָפע און זעהען
נאָך ניט איהר סוף. דערווייל'ע האָט זי צושטערט אַ האלבע
וועלט און אויך אַ גרויסען חלק פון אונזער אידישער וועלט. עס
זיינען רואינירט געוואָרען מיליאָנען פון אונזערע ברידער אין
מזרח פון אייראָפּא. עס האָט אויך געהאַט אריבערצוטראָגען אַ
פּעקעל צרות אונזער שמערצענסקינד, דער נייער ישוב אין ארץ
ישראל.

די לאָקאַלע טערקישע רעגירונג אין ירושלים, יפו און חיפה
האָט אָנגעהויבען רודף צו זיין אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן די
נייע עלעמענטען פון דעם אידישען ישוב. און עטוואָס מערק־
ווירדיגעס האָט דערביי פּאַסירט. די לאָקאַלע רעגירונג אין ארץ
ישראל האָט זיך קיין מאָל ניט אויסגעצייכענט מיט אַ שטרענגען
סיסטעם, ניט אין איהר ליעבע, ניט אין איהר האַס. דיזעס מאָל
אָבער האָבען זיך די רדיפות אָבגעשפּיעלט ווי נאָך נאָטען. די
רעגיערונג האָט געהאַט אַ פּאַרטיגען צעטעל און האָט אויסגעלאָזען
איהר כעס צום „השומר“, צו די „פּועלי ציון“
און צו די, וועלכע האָבען געשפּיעלט
אַן אַקטיווע ראָלע אין שפּראַכען קאַמפּף.
און נאָך עפּעס איז מערקווירדיג דערביי. די טערקישע צענ־
טראַלע רעגירונג האָט באַלד איינגעזעהן, אַז די רדיפות זיי־
נען אַ פאָלגע פון בלבולים, און האָט אָבגערופען פון ארץ
ישראל דעם הויפּט שולדיגען בעאַמטען, בעהא עדדין. דער מילי־
טערישער דיקטאַטאָר פון ארץ ישראל, דזשעמאל פּאַשאַ, בעזוכט,
נאָך די רדיפות, די אידישע קאָלאָניען און די העברעאישע שו־
לען און בעט מחילה ביי די אידען, וואָס מען האָט זיי פערשאַפט
אַזוי פיעל יסורים. אין דער זעלבער צייט דרוקט אָב די צייטונג
„האַמבורגער איזראַעליטישעס פאַמיליענבלאַט“, דער אָפיציעלער
אָרגאַן פון „הילפס־פעראיין“, אַ בעריכט פון ארץ ישראל פער־
פאַסט אין גייסט פון דער אויבענדערמאַהנטער בראָשורע, און
דער אידישער בעריכטערשטאַטער איז מצדיק דעם דין

און געהט איבער אָפּען אויפ׳ן צד פון בעהא עדדין און די אנדערע פערפאָלגער.

דער קינפּטינגער היסטאָריקער וועט זיך מ ו ז ע ן אָב־שטעלען אויך אויף דיזע אויפפאלענדע מאָמענטען און ערקלעה־רען די סמיכות הפּרשיות, וואָס הערשט צווישען זיי.

דערווייל האָט דער הילפס־פעראיין אויסגענוצט די טומעלדיגע צייט פון דער מלחמה, ווען די אידישע אויפמערקזאמקייט איז צונעשמידט נעווען צו דעם אידישען חורבן אין די פערשיעדענע מדינות, און האָט דאָס טעכניקום אויסגעשטעלט צום עפענטליכען פערקויף. ביי דעם פערקויף האָבען געקאָנט זיין פערטראָטען נאָר די קוראטאָרען פון הילפס־פעראיין, ווייל די אנדערע קוראטאָ־רען זיינען בירגער פון דעם „שונא׳ס לאנד“.

האָט דער הילפס־פעראיין אריבערגעשלעפּט דאָס טעכניקום פאר וועניגער ווי חצי חנם פון רשות פון קוראטאָריום אין רשות פון הילפס־פעראיין.

איך האָב זיך דאָ ניט בעשעפטיגט מיט די איינצעלנע מאָמענטען פון שפּראכען־קאמפף, פול האס און קנאה צו דעם נייען אידען, וועלכער האָט אין א קורצער צייט געשאפען א נייע סביבה, אריינגעטראָגען אין דער יונגער געזעלשאפט נייע שטי־מונגען, נייע האָפנונגען, א נייעם גלויבען אין די שעפּפערישע כחות פון א ווידער־ערוואכענדען פאָלק. איך האָב זיך אָבגעשטעלט נאָר אויף די הויפּט מאָמענטען, אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָב די טענדענץ פון הילפס־פעראיין מיט קלאָרהייט און דייטליכקייט.

דאָס איז נעווען א שרעקליכער צוזאמענשטויס צווישען דעם אידיש־נאציאָנאלען גייסט און דער יעדע זעלבסטשטענדיגע פאָלק־טהימליכע צוקונפט פערניינענדער און אָבלייקענדער אסימילאציאָן. און פּונקט ווי דער נייער ישוב אלס געזאמט־ערשיינונג דריקט אויס דעם ווילען ניט פון א וועלכער עס איז איינצעלנער גרופּע, נאָר א טיעפען און ערנסטען פאָלקסווילען, א דראנג פון א נע־ונד־פאָלק נאָך אן איינענעם היים — אזוי מוז אויך דער הילפס־פעראיין אין דיעזעם פאל בעטראכט ווערען ווי דער טרעגער און אויספיהרער פון דער ענטגעגענגעזעצטער שליחות, וועלכע האָט די אויפגאבע

צו דערשטיקען יעדע נאַציאָנאַלע רעגונג, יעדען נאַציאָנאַלען אויפ־
שוואונג אין אידישען לעבען. צוגלייך מיט דער פאָלקס־קדושה
האָט זיך אויך די טומאה געבויט אַ נעסט אין ארץ ישראל. זי האָט
זיך אַ צייט לאַנג פערקליידעט, ארויפגעצויגען אויף זיך א י ד י ש ע
בגדים, כדי זי זאָל קאָנען אונגעשטערטערהייד וואַרטען, ביז עס
וועט קומען פאַר איהר די שעת הכשר. אין דער צווישען־צייט האָט
זי אָנגעזאַמעלט גיפט.

און דער שעת הכשר איז געקומען. שוין פאַר דעם אויסברוך
פון דער מלחמה האָט דער הילפס־פעראיין אָנגעווענדעט אין זיין
קאַמפף געגען דעם נייעם ישוב אַלערליי מיטעל, וועלכע שטעמפלען
יעדען, ווער עס בענוצט זיי, מיט עביגער שאַנדע. אָבער זייט די
מלחמה האָט אויסגעבראָכען האָט דער הילפס־פעראיין נאָך פער־
שאַרפט זיינע כלי־זיין. ער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען
עס האָבען זיך אין דעם גרעסטען חלק פון דער ציוויליזירטער וועלט
דערוועקט די ווילדע אינסטינקטען און די ליידענשאַפטען האָבען
זיך צופלאַקערט, ווען די מלחמה האָט ארונטערגעריסען די מאַסקע
פון די נאַציאָנען, און זיי האָבען זיך בעוויזען אין זייער אמת'ער
בעלייכטונג — דיזען מאָמענט, — דאָס מוז פערשריבען ווערען
אויף די טאָוולען פון דער געשיכטע, — האָט געוועהלט דער הילפס־
פעראיין צו צושטערען און צוברעכען אַלעס, וואָס ער האָט פריהער
ניט געקאָנט בייקומען.

די אַסימילאַציאָן האָט זיך דערשראָקען פאַר דעם נייעם ישוב,
פאַר דער קאָנצענטרירונג פון דעם אויפלעבענדען אידישען גייסט.
זי איז אָבער צו אָרימזעליג, צו אינהאַלטסלאָז, צו שוואַך, אום צו
בעקעמפפען דעם גייסט מיט איבערצייגונגס־קראַפט פנים אל פנים.
האָט זי געוועהלט אַ בין־השמשות שטונדע און בעטראָטען האָט זי
דונקעלע וועגען, וואו מען קאָן מאַכען דעם אָנגריף אויפ'ן געגנער
פון אַ פערבאָרגענעם ווינקעל.

די שעה האָט געשפּיעלט דער אַסימילאַציאָן, ווי ווייט זי האָט
זיך אויסגעדריקט אין די אָפענע און געהיימע האַנדלונגען פון
הילפס־פעראיין. אָבער מעהר ניט ווי די שעה. אויך אין דייטש־
לאַנד וואַקסט אַ נייער אידישער דור, וועלכער האָט זיך אָבגעווענ־

דעט פון זיינע אייגענע ערציעהער און האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין פאָלק און צו זיינע פאָלקס־אידעאַלען, און קיין פינסטערע קראַפט אין דער וועלט וועט מעהר ניט אָבהאַלטען דעם נאַטירליכען, פון דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דער געשיכטע דיקטירטען פראָצעס פון אויפלעבונג און בעפרייאונג.

די וואָס גלויבען ניט אין אַן אייגענע צוקונפט האָבען אַליין קיין צוקונפט ניט. זיי זיינען ווי איין־טאָג־פליעגען, זיי אַר־בייטען פאַר דער שעה און פערשווינדען מיט דער שעה.

דער באַרג כרמל איז אַ היסטאָרישער באַרג. דאָרט האָט אליהו אויסגעפאָכטען דעם קאַמפף מיט די נביאי הבעל, וועלכע האָבען געגעסען פון טיש פון איזבל, און געהאָלפען איהר צו פער־פלאַנצען ביי די אידען דעם קולט פון צידון. אַרום דעם זעלבען באַרג כרמל האָט דאָס געטראָפען. אחאב, איזבל׳ס מאַן, האָט מיט הילפע פון אַ גוואַלד־אַקט אָבגענומען דעם וואונדערשעהנעם וויינ־גאָרטען פון נבות. איז געקומען צו איהם אליהו און האָט איהם געזאָגט : „הרצחת וגם ירשת?“.

אונטען, ביים זעלבען היסטאָרישען באַרג כרמל, שטעהען די וואונדערבאַרע בנינים פון אידישען טעכניקום. די בנינים האָבען געזאָלט אויפנעהמען אין זיך די אידישע יוגענד.

זיינען די בנינים פון טעכניקום אַריבער פון רשות הרבים אין רשות היחיד. ווער ווייס וועלכער צושטערענדער גייסט וועט הער־שען אין זיי, וועלכע פאָהן וועט פלאַטערן איבער זיי.

מיר ווייסען אָבער וועלכער גייסט בעהערשט אונזער יוגענד, מיר ווייסען וועלכער פאָהן זי שווערט טרייהייט, און מיר צווייפלען איין מאָמענט ניט, אַז דער נצחון וועט זיין אונזערער. מיר גלויבען אין דער קראַפט פון אונזער אידעע, מיר גלויבען אויך אין דעם פאָרטשריט פון דער מענשהייט, און מיר זיינען איבערצייגט, אַז די גרויסע וועלט וועט אונז פערשטעהן און וועט סימפאַטיזירען מיט אונז און מיט אונזער ווערק.

סיון תרע״ה, ניו יאָרק.